יאטשקאווסקיס
„פאָפּולער וויסנשאַפטלעכע ביבליאָטעק"
בוך № 3

ד"ר א. גינזבורג

# יידישע דענקער און פּאעטן

## אין מיטלאַלטער

באַנד I

וואַרשע — ניו-יאָרק 1929

Printed in Poland



# אינהאַלט פערצייכניס.

## קאַפּיטעל איינס:



## קאַפּיטעל צוויי:



## קאַפּיטעל דריי:



## קאַפּיטעל פיער:

## ב.

דער שלוס פון תלמוד.—די „רבנן סבוראי“ און דיא ערשטע „גאונים“.— דער מנהג אנצוגעבען פאלשע מחברים אויף דיא אייגענע ווערק (פסעוודאָ-עפיגראפיע). — די ליטעראטור פון יענער צייט. — דער ארויסטרעטען פון מאהאמעד). — ע נ ן ב ן ד ו ד דער גרינדער פון דער קראים סעקטע. — זייער איינפלוס אויף דיא אידען.

---

איינע פון דיא דונקעלסטע פעריאָדען אין דער אידישער געשיכטע איז די צייט אין וועלכע עס האָבען געלעבט און געווירקט דיא „ר ב נ ן ס ב ו ר א י“ און זייערע באלדיגע נאָכפאָלגער, דיא ערשטע „ג א ו נ י ם“. עס איז נאָך ביז היינטיגען טאָג ניט געלונגען דיא פאָרשער און דיא היסטאָריקער צו געפינען גענוג מאַטעריאַל, אום צו בעלייכטען יענע צייט.

דער באַבילאָנישער תלמוד (תלמוד בבלי) איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען פון ר ב א ש י, און איז דערענדיגט און אין גאַנצען געשלאָסען געוואָרען פון ר ב י נ א. דאָס איז פאָרגעקומען אין דיא יאָהרען פון 450 ביז 475. דיא אורזאַכע דערפון איז געווען, וואָס זיי האָבען מורא געהאט, אז צוליעב דיא שווערע צייטען און דיא אלערליי גזרות זאָל דער תלמוד אין גאַנצען ניט פערגעסען ווערען. דאָס איז געווען דיא זעלבע אורזאַכע, וואָס האָט אין זיין צייט געצוואונגען ר ב י י ה ו ד ה ה נ ש י א צוזאַמענצושטעלען און צו שליסען דיא „משנה“. פאר א קורצע צייט נאָכדעם זיינען, וויא עס ווייזט אויס, דיא גרויסע ישיבות פון ס ו ר א און פ ו מ ב ד י ת א אין גאַנצען פערמאַכט געוואָרען. ווען זיי זיינען שפעטער, אונטער

גינסטיגערע פּאָליטישע בעדינגונגען, װיעדער געעפענט געװאָרען, האָבען די נייע ראשי־ישיבות שוין בעמראכט דעם תלמוד אַלס געשלאָסען. זיי האָבען זיך דארום, מיט גאַנץ װעניג קליינע אויסנאַהמען, ניט ערלויבט עטוואָס צו צושטעלען צו איהם. זיי האָבען זיך בענוגענט דערמיט, וואָס זיי האָבען איהם ערקלערט, מ ס ב י ר געווען. דער־פאַר טאַקע הייסען זיי ס ב ו ר א י, ערקלעהרער, מ ס ב י ר י ם.

די צייט פון די „רבנן סבוראי“ איז געווען אַ גאַנץ קורצע, אַן ערך פון הונדערט און פופציג יאָהר. נאָך זיי זיינען געקומען די „גאונים“. *) דער ערשטער גאון זאָל געווען זיין אין יאָהר 589, דער לעצטער אין 1038. די עפּאָכע פון די „גאונים“ האָט אַלזאָ געדויערט קנאַפּע 450 יאָהר.

די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע לאַגע פון די אידען אין ב ב ל און אין א ר ץ י ש ר א ל איז ווייט ניט געווען קיין גלענצענדע. פּאָליטיש האָבען די אידען אפילו געהאַט אַ געוויסען גראַד פון זעלבסטשטענדיגקייט, עטוואָס אַזעלכעס, וואָס מען וואָלט היינט גערופען קולטורעלע אויטאָנאָמיע. איבער די אינערליכע אַנגעלעגענהייטען פון די אידען און די אידישע קהלות האָבען געהאַט צו זאָגען דער „ראש־גלותא“ (דער גלות־פירסט) מיט די „גאונים“, אָבער דאָס איז אין גאַנצען געווען אַבהענגיג פון דעם קאַפּריז פון דעם הערשער. איז ער געווען גוט און גנעדיג, האָט ער די אידען געשאָנקען די דאָזיגע כלומר׳שטדיגע זעלבסט־שטענדיגקייט; איז ער געווען שלעכט און בייז, האָט ער עס צוריקגענומען. אין בעסטען פאַל האָבען די אידען געדאַרפט בעצאָהלען מיט שווערע שטייערען פאַר דעם דאָזיגען חסד. די דאָזיגע שטייערען זיינען געווען דאָ־

---

*) לויט ג ר ע ט ץ איז דער טיטול „גאון“ פון אַראבישער אַבשטאַמונג. אַנדערע געלעהרטע זיינען מיט דער מיינונג, אַז ער שטאַמט פון דעם העברייאישען וואָרט „גאון“. דער טיטול גאון געפינט זיך שוין אין תלמוד.

פעלטע: שטייערען פאר דעם הערשער פון לאנד און שטייערען פאר דעם „ראש־גלותא“ גופא, וועלכער האט אליין געפיהרט א קעניגליכען שטאאט. דיא שטייערען פלעגען ווערען געזאמעלט אונטער דער אויפזיכט פון דעם ראש־גלותא, צווישען וועלכע עס האבען זיך געפונען מאנכע וואס האבען געהערשט מיט א שווערער האנד און האבען גאנץ ווענינ געשאנעוועט דעם אָרימען עולם.

דער גייסט פון רעוואָלט און ווידערשטאנד, מיט וועלכען דאס אידישע פאָלק האט זיך געהאט אויסגעצייכענט אין דיא עלטערע צייטען, אין דיא פריהערדיגע יאָהר־הונדערטע, איז שוין לאנג צוריק געבראָכען און פערניכטעט געוואָרען. דיא שרעקליכע רעזולטאטען פון דיא פערשיעדענע אויפשטענדע געגען דיא רוימער האט געבראכט דערצו, וואס דאס אידישע פאָלק איז אנטלאָפען פון דער גרויסער וועלט אין דער ענגער וועלט פון זיינע שוהלען און בתי־מדרשים, האט זיך בעגראָבען אין די „פיער איילען פון דער הלכה“, וואו עס האט געזוכט טרייסט און האפנונג. דאָ און דאָרטען האָבען זיך נאָך געפונען א פּאר אידישע שטאמען, וועלכע האָבען ארויסגעצייגט א ווידערשטאנד געגען זייערע שונאים און האָבען זיי צוריקגעשטויסען מיט׳ן שווערד אין האנד, אָבער דאס זיינען געווען זעלטענע אויסנאהמען. אין אלגעמיין האט דאס אידישע פאָלק דאן שוין אזוי וויא שלום געמאכט מיט זיין שיקזאל, מיט דעם שיקזאל פון א גלות־פאָלק, און האט זיך געטרייסט מיט א האפנונג אויף א וואונדערבארע און איבערנאטירליכע אויס־לייזונג, אויף וועלכע עס האט געדולדיג געווארט און וועגען וועלכע עס האט פאנטאסטיש געטרוימט.

דאס קריסטענטהום האט שוין דאמאלסט זיך געהאט ער־וואָרבען גרויס אנזעהן און מאכט. דער „הייליגער“ קאָנ־סטאנטין האט איהר מיט א צייט פריהער, אין פיערטען יאהר־הונדערט, ערקלערט אלס די שטאאטס־רעליגיאָן. „די רעליגיאָן פון ליעבע“ האט באלד פערגעסען די פערסאָלגוג־

גען, וואָס זי האָט ניט לאַנג צוריק אַליין געהאַט אריבערצו־טראָגען און האָט זיך גענומען צו פערפאָלגען די אידען. די דאָזיגע רדיפות און נגישות, וואָס די אידען האָבען געהאַט אויסצושטעהן פון אַלע זייטען, האָט אין גאַנצען אונטער־דריקט דעם גייסט פון דעם אידישען פאָלק און דאָס האָט געבראַכט דערצו, וואָס אפילו די פאָרשונג וועגען דער „הלכה“ (געזעץ) און דער פלפול, מיט וועלכע די פריהער־דיגע דורות פון די „א מ ו ר א י ם“ האָבען זיך אויסגעצייכענט, איז געבליעבען אויף א שטיל־שטאַנד. ניט די „רבנן־סבוראי“, ניט די ערשטע „גאונים“ האָבען נאָך זיך עטוואָס איבערגעלאָזען, וואָס זאָל בעווייזען, אז זיי האָבען וואָס־עס־איז בעדייטענדעס אויפגעטהאָן אפילו אויף דעם דאָזיגען פעלד.

ווי אין אַלע שווערע צייטען פון דער אידישער געשיכ־טע, האָט זיך אויך דאַמאָלסט ביי אידען שטאַרק ענטוויקעלט די מיסטישע ליטעראַטור. די אידען האָבען ניט גע־קענט האָבען קיין ירושלים אויף דער וועלט, האָבען זיי זיך אויפגעבויט א פאַנטאַסטישע ירושלים אויפ׳ן הימעל. און אזוי האָט עס פאַסירט, דאָס וועהרענד יענע עפּאכע איז גע־ווען אַרעם אין פילאָזאָפישע געדאַנקען און אין ספרים וועגען דער „הלכה“, איז זיא דאַגעגען געווען רייך אין פערשי־דענע „קבלה“־ספרים און אין מדרשים. כאַראַקטעריסטיש פאַר יענער צייט איז, וואָס זייערע קבלה־ספרים האָבען זיך ניט אויסגעצייכענט מיט די טיעפע פילאָזאָפישע געדאַנקען און בעטראַכטונגען, ווי די עלטערע „מעשי־בראשית“ און „מעשי מרכבה“ אָדער ווי די שפּעטערע ספרים פון דער טהע־אָרעטישער קבלה. דאָס זיינען מייסטענס געווען ספרים איבער דער פּראַקטישער קבלה, פול מיט אַלערליי אבערגלויבענס, סגולות און אבשפּרעכונגען. זייער בעגריעף פון גאָט איז געווען א גראָבער, ווי פון א מענשען־עהנליכען וועזען, וועמעס הויך און לייִנג זיי האָבען געמאָסטען אין מיילען. צווישען די דאָזיגע ספרים געפינען זיך: „ספר שם בן־

גוח", ווענען פּראַקטישע קבלה; „שיעור קומה", „ספר הרזים", „היכלות רבתי" און „היכלות זוטרתי" און אנדערע. דער איינציגער קבלה־ספר פון יענער צייט, וואָס האָט אַ טהעאָרעטישען ווערטה איז דער „ספר יצירה", וועמעס מחבר איז, ווי עס ווייזט אויס, געווען אונטער דעם איינפלוס פון די ניי־פּיטהאַגאָרישע און די ניי־פּלאַטאָנישע פילאָזאָפען. זיינען טאקע אנדערע מיט דער מיינונג, אז דער „ספר יצירה" שטאַמט פון אַ פריהערדיגער צייט. אויך די מדרשים פון יענער צייט צייכנען זיך ניט אויס מיט דער פיינקייט פון דער שפּראַך, מיט דעם פּאָעטישען שוואונג, מיט דער רייכקייט פון די בילדער און געדאנקען, ווי די פריהערדיגע מדרשים. דאָס רוב בעשטעהען זיי פון עלטערע זאַמלונגען, וועלכע מען קען דערקענען אן די אלע מעלות וואָס זיינען אויבען דערמאָנט געוואָרן, געמישט מיט שפּעטערע הוספות, וועלכע טראָגען שוין אַ גאַנץ אַנדער כאַראַקטער.

די מאָדע פון נעהמען פרעמדע ליטעראַרישע ווערק און אונטערשרייבען דעם אייגענעם נאָמען איז נאָך דאַמאָלסט אין גאַנצען געווען אונבעקאַנט. די מחברים פלעגען זייערע נעמען ניט אונטערשרייבען זאָגאַר אויף זייערע אייגענע ארבייטען. דאַמאָלסט איז אָבער געווען אַן אַנדער מנהג, וואָס איז אין מאַנכע הינזיכטען נאָך געווען שעדליכער ווי ליטעראַרישע גנבה. דאָס איז געווען דער מנהג אַרויפצו־שטעלען פ ר ע מ ד ע נעמען אויף די אייגענע ווערק. די נעמען פלעגען זיי נאַטירליך אויסקלייבען פון וואויל־בעקאַנטע, גרויסע מענשען, כדי צו געבען מעהר וויכטיגקייט און אַנזעהן צו גאַנץ צווייפעלהאַפטע און בעדייטונגסלאָזע ליטעראַרישע ארבייטען. דיא כונה דערביי איז אָהן צווייפעל געווען אַ גוטע. די מחברים האָבען דערמיט ניט געזוכט, ניט קיין כבוד און ניט קיין געלד און אויך ניט קיינע אַנדערע פּערזענליכע נוטצען פאַר זיך. זיי האָבען געהאַט איין פער־לאַנג און איין אויפגאַבע, צו פערשפּרייטען זייערע געדאַנקען און לעהרען, דאָס וואָס זיי האָבען גערעכענט פאַר אמת

און גוט, צווישען דעם עולם. זיי האָבען, ניט אָהן גרונד, גע־רעכענט, אז מיט דעם ארויפשטעלען פון דעם נאָמען פון א גרויסען מענשען אלס דעם מחבר, וועלען זיך זייערע ספרים גיכער פערנאנדערגעהן און גיכער פערשפּרייטען. מען וועט זיך איבערהויפּט בעציהען צו די דאָזיגע ספרים מיט מעהר ערנסט און אויפמערקזאמקייט.

דער דאָזיגער מנהג איז ניט געווען קיין נייער. די אלטע גריכען און די אלטע רוימער האָבען דאָס אויך געטהאָן. זעהר שטארק איז דער מנהג געווען פערשפּרייט ביי די אידישע מחברים אין דער צייט פון דעם צווייטען בית־המקדש, הויפּטזעכליך אין זייער פּראָפּאגאנדא־ליטעראטור, וואו זיי האָבען געזוכט בעקאנט צו מאכען די גריכען און די רוימער מיט דיא לעהרען און געדאנקען פון דעם יודענטהום. אויף מאנכע פון זייערע ווערק האָבען זיי ארויפגעשטעלט די נע־מען פון גריכישע פּערזענליכקייטען און זאָגאר גריכישע נביאות׳טעס.

דאָס זעלבע האָבען געטהאָן מיט זייערע ווערק די מחברים פון דער צייט פון וועלכער מיר ריידען דאָ. אזוי צום ביישפּיעל ווערט אָנגעגעבען, אז דער פּערפאסער פון דעם „ספר יצירה“ איז אברהם אבינו; דער פערפאסער פון „ספר הרזים“ איז רזיאל המלאך; „היכלות רבתי“, „היכלות זוטרתי“ און „שיעור קומה“ פון ר׳ ישמעאל און אזוי כסדר (זעה דור, דור ודורשיו פון ווייס, חלק ד״).

די דאָזיגע פעלשונגען האָבען אָנגעטהאָן גרויס שאדען דערמיט, וואָס די ספרים האָבען דורך דעם געקראָגען א גרע־סערע בעדייטונג און אויסגעאיבט א שטארקערען איינ־פלוס, ווי זיי האָבען עס פערדיענט. ספרים אויף וועלכע קיי־נער וואָלט זיך ניט ארומגעקוקט, ווען מען וואָלט געוואוסט ווער די אמת׳ע מחברים זיינען, האָבען אויף אזא אופן אָנגע־פאנגען צו שפּיעלען א גרויסע ראָלע. די אלע דומהייטען און ווילדקייטען, וואָס האָבען זיך געפונען אין מאנכע פון די אויבענדערמאָנטע ספרים, האָבען אָנגעפאנגען בעטראכט צו

ווערען אלס היילִיגע אמת'ען אין וועלכע מען טאָר ניט צווייפלען. זייער איינפלוס איז געוועזען שטארק ניט בלויז אויף זייער צייט, נאָר אויך אויף די שפּעטערע דורות, וועלכע האָבען זיך אויף די דאָזיגע ספרים פערלאָזען אלס אויף די גרעסטע אויטאָריטעטען. ערשט מיט דעם אריינטרעטען פון דער נייער צייט, דורך דער מאָדערנער קריטיק, איז עס געלונגען אראָבצורייסען פון זיי זייער געפעלשטען היילִיגען מאַנטעל.

ווי עס איז צו זעהן איז די לאגע פון דעם אידישען פאָלק אין יענער צייט געווען א גאנץ טרויעריגע, ניט בלויז אין עקאָנאָמישען און פּאָליטישען זינן, נאָר אויך אין גייסטיגען. אלערליי פאלשע אמונות און אבערגלויבענס האָבען זיך פערמעהרט. אפילו דער גלויבען אין גאָט האָט ביי גאָר פיעלע אָנגענומען א גראָבען, גשמיות'דיגען, כאראקטער. דער שאַפענדער גייסט פון דעם אידישען פאָלק איז אזוי ווי אויסגעמאַטערט געוואָרען דורך די שווערע צרות און יסורים, וואָס דאָס פאָלק האָט געהאַט אריבערצוטראָגען.

צוויי גרויסע פּאַסירונגען זיינען דאַמאָלסט פארגעקומען וואָס האָבען א טרייסעל געטהאָן דעם גאנצען בנין פון יודענטהום און האָבען אויפגעוועקט דעם פאָלק פון זיין לעטהאַרגישען שלאָף. איינע איז געקומען פון דרויסען; די אנדערע פון אינוועניג.

די ערשטע גרויסע פּאַסירונג איז געווען דער ארויסטרעטען פון מ א ה א מ ע ד*) מיט זיין נייער רעליגיאָן. די נייע רעליגיאָן האָט זיך פערשפּרייט מיט א געוואלדיגע שנעליגקייט צווישען די אראבישע שטאַמען און פעלקערשאַפטען. פון אָנפאנג זיינען מאהאמעד'ס בעציהונגען צו די אידען געווען זעהר פריינדליכע. ער האָט נאָך דאַמאָלסט געהאָפט, אז אויך די אידען וועלען איהם אנערקענען. דאָס

*) מאהאמעד איז געבאָרען געוואָרען אין יאהר 569. צו פיערציג יאהר איז ער ארויסגעטראַטען אין דער עפענטליכקייט אלס שליח און נביא פון גאָט. דאָס איז אלזא געווען אין דיא צייטען פון דיא ערשטע גאונים.

וואָלט ער אליין בעטראכט אלס דעם זיכערסטען סימן פון זיין געטליכקייט. שפּעטער, ווען ער האָט זיך איבערצייגט, אז ער קען מיט די אידען גאָר ניט מאכען, אז זיי מאכען גאָר חוזק פון איהם און זיינע פּרעטענזיעס, איז ער געוואָרען פיינדליך צו זיי. איהם איז זאָגאר אויסגעקומען צו פיהרען מלחמות מיט מאנכע אידישע שטאַמען. די מעהרסטע פון זיינע לעהרען זיינען גענומען פון יודענטהום, הויפּטזעכליך פון דעם יודענטהום פון יענער צייט. דער גאנצער „קאָראַן" איז פול מיט פּסוקים פון די אידישע היילינע שריפטען און מיט אידישע לעגענדען וועגען די „אבות" און משה'ן, ווי זיי זיינען דאמאָלסט בעקאַנט געווען צווישען די אידען. דיעזע געוואַלדיגע רעליגיעזע בעוועגונג, וועלכע איז געווען כמעט אין גאנצען געבויט אויף דעם יודענטהום און אויף די אידי־שע טראַדיציעס, האָט נאַטירליך ניט געקענט לאָזען אין גאנצען אונבעריהרט דעם אידישען פאָלק גופא. דאָס אידישע פאָלק האָט ווילענדיג ניט־ווילענדיג געמוזט זיך איינהערען צו דיא טענות פון די מאהאמעדאנער און זיך פארבערייטען צו בעשיטצען זיין רעליגיאָן און זיינע טראַדיציאָנען געגען דעם נייעם מעכטיגען שונא.

ניט לאַנג נאָך מ א ה א מ ע ד'ס טוידט האָבען אין דעם מאהאמעדאניזם גענומען ארויסשפּראָטצען פערשיעדע־נע סעקטען. עס האָט זיך געהאנדעלט וועגען דער פראגע פון פאָראויס־בעשטימונג און פון פרייען ווילען, פון „ידיעה און בחירה". די ארטאדאקסען, די „אשאריאיטען", האָבען גע־גלויבט, אז א מענש האָט ניט קיין פרייען ווילען, אז אלץ איז בעשטימט פון פאָראויס. די פרייערע ריכטונג, די „מו־טאזיליטען", האָבען געגלויבט, אז דער מענש האָט יע א פרייען ווילען. דאָס איז געווען א ריין־פילאָזאָפישע פראגע, און אויף אזא אופן איז אריינגעבראכט געוואָרען די פילאָ־זאָפיע אין די רעליגיעזע וכוחים. דאָס איז געווען דער ער־שטער שטויס צו דער בילדונג פון דער „אראבישער שוהלע" אין דער פילאָזאָפיע. דערצו זיינען צווישען די מאהאמעדא־

נער געוועזן אזעלכע, וואָס האָבען נאָר געגלויבט אין „תורה שבכתב“, אין דעם געשריעבענעם קאָראַן און האָבען ניט געוואָלט וויסען פון קיינע איבערליפערונגען און טראַדיציאָ־נען, פון קיין „תורה־שבעל־פה“. אנדערע דאַגעגען האָבען גע־גלויבט א חוץ אינ'ם קאָראַן אויך אין די איבערליפערונגען פון זיינע תלמידים און קרובים, אין דער מאהאמעדאנישער „תורה־שבעל־פה“. דיעזע אלע רעליגיעזע וכוחים און רייבע־רייען האָבען אויך געהאט זייער איינפלוס אויף די אידען.

דיא צווייטע גרויסע פאסירונג, וואָס איז געקומען פון א י נ ו ו ע נ י ג, און האָט דארום געהאט נאָך א גרעסערע בעדייטונג און א שטאַרקערע ווירקונג, איז געוועזן דער ארויס־טרעטען פון ע נ ן ב ן ד ו ד, דער גרינדער פון די „קראים“ אָדער „בעלי־מקרא“ סעקטע (די קאראאימען). דאָס האָט פאסירט צווישען 760 און 767.

ע נ ן ב ן ד ו ד איז געוועזן איינער פון די גרעסטע און אנגעזעהענסטע מענשען ביין אידישען פאָלק פון יענער צייט. ער איז געוועזן א גרויסער יחסן, אן אבשטאמונג פון די „ראש־גלותא'ס“, א גרויסער תלמודיסט און איז אויך גע־וועזן בעקאנט מיט אנדערע וויסענשאפטען. נאָך דעם טוידט פון זיין אָנקעל האָט ענן געדארפט פערנעהמען זיין פלאטץ און ווערען דער גלות־פירסט, אָבער די גאונים און זייערע תלמידים פון די ביידע ישיבות האָבען אָנגעווענדעט זייער גאנצען איינפלוס געגען איהם. אנשטאדט איהם איז ער־וועהלט געוואָרען זיינער א אינגערער ברודער, וועלכער איז נאָך דערצו ווייט ניט געוועזן אזא געלערענטער און חשובער מענש ווי ער. דאָס האָט ענן'ען זעהר שטארק פערדראָסען און אוים כעס אויף די גאונים איז ער ארויסגעטראָטען גע־גען דעם גאנצען ראַבינערטהום, געגען דעם גאנצען תלמוד, און האָט געגרינדעט די „קראים“־סעקטע. דאָס איז, ווי די מעשה ווערט איבערגעגעבען אין די „רבנישע“ קוועלען.

די קאראאימען דאַגעגען דערצעהלען, אז ענן איז יע ער־וועהלט געוואָרען אלס גלות־פירסט. אריבערנעהמענדיג דעם

אַמט און קריגענדיג די מאכט, האָט ער בעשלאָסען, אַז די צייט איז געקומען אָבצושאַפען די נייע תורות און די נייע איינפיהרונגען און אַלץ מאַכען ווי עס איז געווען אין די אַלטע צייטען. די רבנים האָבען איהם פערמוסרט פאר דעם קאַליף, אָבער גאָט האָט איהם גערעטעט פון טוידט. ע נ ן האָט דאַן אויפגעגעבען זיין אַמט און איז אָבגעפאָהרען קיין ירושלים.

דאָ איז ניט דער פּלאַטץ מאריך צו זיין וועגען דעם לעבען און די טהעטיגקייט פון ענן'ען. עס לייגט זיך אָבער קוים אויפ'ן שכל, אַז צוליעב א פערזענליכע בעליידיגונג אָדער א פערזענליכען אונרעכט, וואָס איז בעגאַנגען געוואָרען געגען איהם, זאָל ע נ ן האָבען געוואָרען א גרינדער פון א נייער רעליגיעזער סעקטע. עס איז גיכער אָנצונעהמען, אַז ע נ ן האָט זיך נאָך פון פריהער ארומגעטראָגען מיט אַזעלכע געדאַנקען, אַז איהם זיינען ניט געפעלען געווען די וועגען פון די גאונים און ווי זיי האָבען אויסגעטייטשט די תורה שבעל פּה. די גאונים, וועלכע האָבען געוואוסט פון זיינע אנזיכטען האָבען טאַקע דארום איהם פערוואָרפען און האָבען אויסגעקליעבען זיין ברודער. אויב אפילו ענן האָט עס געטהאָן בלויז אוים כעס, בעווייזט אָבער זיין גרויסער ערפאָלג, אַז דער באָדען איז געווען פארטיג און צוגעגרייט פאר אזא בעוועגונג. עס איז אָהן צווייפעל, אַז א גרויסער טהייל פון עולם איז געווען אונצופריעדען מיט דער שווערער הערשאַפט פון די גאונים, מיט זייערע חומרות און גזרות. דער געבילדעטערער טהייל, וועלכער איז אויך געווען בעקאַנט מיט די זייטיגע וויסענשאַפטען און מיט דער פילאָזאָפיע, איז געווען אונצופריעדען מיט די גראָבע אַנזיכטען וועגען גאָט און דער גלייבען, אין וועלכע מאַנכע פון די גאונים גופא האָבען געגלויבט. דערצו זיינען שוין געווען פון פריהער קליינע אידישע סעקטען, וועלכע זיינען ארויסגעטראָטען געגען די גאונים. ס'איז אויך מעגליך, אַז צווישען די אידען האָבען זיך נאָך דאַן געפונען איבערבלייבעכצען פון די אַלטע „צדוקים".

וואס האבען ניט אנערקענט דעם תלמוד. די דאזיגע פערשיעדענע עלעמענטען האבען זיך פעראייניגט אונטער דער פיהרערשאפט פון ענן בן דוד אלס אן אפאזיציע צום רבנישען אדער תלמודישען יודענטהום.

איינע פון די הויפט-לעהרען פון ענן'ען האט זיך אויסגעדריקט אין די ווערטער: „חפישו באוריתא שפיר" — זוכט גוט אין דער תורה. דאס איז געוועזן א רוף צוריק צו דער ביבעל. פונקט ווי לוטהער אין זיין צייט און די ערשטע משכילים מיט מענדעלסזאהן אן דער שפיצע אין זייער צייט, אזוי האבען אויך די ערשטע „קראים" גערופען צוריק צו דער ביבעל. טאקע דערפאר האבען זיי זיך גערופען בעלי־מקרא. און פונקט ווי לוטהער האט ארונטערגעריסען די אויטאריטעט פון פאפסט, אזוי האט ענן ארונטערגעריסען די אויטאריטעט פון די רבנים און גאונים. ער האט געפרעדיגט, אז יעדער איינער, וואס פערשטעהט די ביבעל, קען פון דארטען אליין ארויסקריגען ווי זיך אויפצופיהרען, לויט זיין איינענע פערשטענדניס. עס מאכט ניט אויס וואס אין דער פראקטיק האט זיך די דאזיגע לעהרע זיינע ארויסגעוויעזען אלס אונמעגליך און וואלט געבראכט דערצו, אז יעדער איינער וואלט זיך געהאט זיין איינענע תורה; עס מאכט ניט אויס, וואס ער אליין האט זיך געפונען געצוואונגען צו מאכען א מין איינענעם תלמוד, און נאך א שווערערען פון דעם רבנישען דערצו. דער רוף „חפישו באוריתא שפיר" איז סאי ווי סאי געוועזן א ניצליכער פאר זיין צייט און האט געבראכט גוטע פריכטע. די קראים האבען זיך צוליעב דעם גענומען אבגעבען מיט דעם שטודירען פון דער שפראך און איהר דקדוק, כדי בעסער צו פערשטעהן דעם תנ"ך, דעם פשוט'ען, איינפאכען מיין, אהן צודרעהטע דרשות און פשט'לעך.

דאס אללעס האט ניט געקענט בלייבען אהן א ווירקונג אויף די „רבנים", וועלכע האבען געמוזט בעקעמפפען די קראים מיט זייערע איינענע וואפען. עס האבען זיך אויך גע־

נומען בעוויזען צווישען די „רבנים“ מענשען, וואָס האָבען זיך אָבגעגעבען מיט דער פאָרשונג פון דער שפּראַך און מיט דעם פשוט'ען זינן פון דער ביבעל. און פונקט ווי צווישען די קראים אזוי האָבען זיך אויך צווישען די רבנים געפונען מענשען, וואָס האָבען זיך גענומען אָבגעבען מיט דער פילאָזאָפיע און פּראָטעסטירען געגען די גשמיות'דיגע בעגריפפע וועגען גאָט. זיי האָבען געזוכט צו בעווייזען, אז דער רבנישער יודענטהום איז ניט געגען דעם פשט און די פשוטע כונה פון דער תורה, אז פערקעהרט ער ערפילט און ערגענצט די געשריעבענע תורה. זיי האָבען אויך געזוכט צו בעווייזען, אז דער רבנישער יודענטהום איז און איז שטענדיג געווען געגען די גראָבע בעגריפפע וועגען גאָט; זיי האָבען געזוכט צו בעווייזען, אז דאָס יודענטהום, דאָס רבנישע יודענטהום, קען און דאַרף געהן האנד אין האנד מיט דער פילאָזאָפיע.

דער ערשטער, וואָס האָט דאָס אַללעס געפּרובירט טהאָן אויף אַ סיסטעמאַטישען אופן איז געווען ר ב ס ע ד י ה ג א ו ן.

## II.

**די יוגענד פון סעדיה. — זיינע ערשטע ווערק. — חיוי אלבלכי. — סעדיה ווערט גאון אין סורא. — זיין קריעג מיט דעם גלות־פירסט דוד בן זכאי.— סעדיה ווערט אריינגעלעגט אין חרם און ווערט מיט פיער יאהר שפעטער צוריק גאון. — זיין גרויסע ווערק „האמונות והדעות“. — זיין פילאזאפיע.**

---

רב סעדיה גאון איז געבארען געווארען אין יאהר 892 אין א קליין שטעדטעל, דילאץ, נים ווייט פון פאיום (פתום) אין אבער־עגיפטען.

ווער עס זיינען געווען זיינע עלטערן איז ניט בעוואוסט. די איינציגע זאך וואס מען ווייס וועגען זיי איז, אז זיין פאטער'ס נאמען איז געווען יוסף. מאנכע פון זיינע געגנער האבען זאגאר בעהויפטעט, אז ער שטאמט גאר פון גרים. ער אליין האט זיך דאגעגען בעריהמט, אז ער שטאמט פון שלה בן יהודה. צי האט ער טאקע געהאט אזא יחוס־בריעף אדער דאס איז געווען בלויז אזא פאלעמישער מיטעל געגען זיינע שונאים, קען מען ניט וויסען. איינער פון זיינע אור־אור עלטערן, גיט ער אן, איז געווען דער בעריהמטער חנינא בן דוסא, וועגען וועמען עס געפינט זיך אין תלמוד פער־שיעדענע וואונדער־לעגענדען, אבער וועגען וועמען עס איז א ווארט ניט דערמאנט, אז ער שטאמט פון שבט יהודה.

ווער עס זיינען געווען זיינע לעהרער אין תלמוד, פילאזאפיע און אין די וויסענשאפטען, ווי זיי זיינען אין יענער צייט פער־שטאנען געווארען, ווייס מען אויך ניט. עס איז אבער קלאר, אז אין עגיפטען האבען זיך שוין דאמאלס געמוזט געפינען

אזעלכע אידען, וואָס זיינען געווען בעקאַנט ניט בלויז מיט דעם תלמוד, נאָר אויך מיט דער פילאָזאָפיע, און פון זיי האָט עס סעדיה געקראָגען זיינע ידיעות. דאָס וואָס ער האָט געקראָגען זיין ערציהונג ווייט פון די גרויסע ישיבות און זייער איינפלוס, האָט וואהרשיינליך פיעל בייגעטראָגען דערצו, וואָס סעדיה האָט געקענט געניסען פון אַ װ ע ל ט ל י־ כ ע ר רילדונג אַ חוץ די געוועהנליך תלמודישע.

פון זיין פריהער יוגענד און זיינע רביים ווייסען מיר גאַנץ ווייניג, אבער דערפאר ווייסען מיר, אז ער איז ארויסגעטראָטען אויפ׳ן ליטעראַרישען פעלד, ווען ער איז נאָך געווען אַ גאַנץ יונגער מאַן. זיין ערסטע ווערק האָט ער אָנגעשריעבען, ווען ער איז אַלט געווען קנאַפּע איין און צוואַנציג יאהר. דאָס איז געווען אַ העברעאישער ווערטערבוך: „האגרון“. זיין צווייטע בעדייטענדע ווערק, מיט צוויי יאהר שפּעטער, איז געווען אַ פּאָלעמיק אונטער דעם נאָמען „געגען־ענן“. די לעצטע ווערק איז געווען געריכטעט געגען דעם גרינדער פון דער „קראים“־סעקטע.

שוין אין די דאָזיגע צוויי ערסטע ווערק פון סעדיה גאון קען מען קלאָר ארויסזעהן דעם כאַראַקטער און דעם גייסט פון דעם יונגען מחבר. דאָס זיינען ניט געווען קיין ספרים איבער כשר און טרפה, איבער אסור און מותר אדער אנדערע אזעלכע תלמודישע פראַגען. דער מחבר האָט זיך געשטעלט העכערע אויפגאבען, צו בעשיצען דעם גאַנצען תלמודישען יודענטהום פון זיינע אָנגרייפער, פון די ק ר א י ם. און אזוי ווי די קראים האָבען זיך געשטיצט און בעצויגען אויף דער ביבעל, האָט סעדיה געפונען פאַר נויטיג בעקאַנט צו מאַכען דעם אידישען עולם מעהר מיט דער העברעאישער גראַמאַטיק, כדי די ביבעל זאָל קענען גרינדליכער שטודירט ווערען. צו דיעזען צוועק האָט ער אַ חוץ דעם ווערטערבוך אויך פערפאַסט אַ גראַמאַטיק פון דער העברעאישער שפּראַך, פון וואָס עס איז געבליבען װעניגע שטיקלעך. שפּעטער האָט ער זיך גענומען צו איבער־[illegible] די ביבעל אין אַראַביש און ערקלערען איהר לויט דעם

איינפאַכען פשט, אָהן די אַלערליי דרשות פון זיינע פאָר־
גענגער, די תלמודיסטען און די נאָך־תלמודישע אידישע
געלעהרטע. ער האַלט זיך אָבער שטרענג אָן די תלמודישע
אויסטייטשונג געגען די בעהויפּטונגען פון די קראים, ווען
עס האַנדעלט זיך וועגען אַ דין.

זייענדיג כמעט דער ערסטער אויף דעם דאָזיגען פעלד,
איז עס איהם ניט שטענדיג געלונגען. אין זיין ליעבע צום
איינפאַכען פשט איז ער אין פיעלע ערטער פערקראָכען אין
נאָך ערגערע דרשות ווי די וואָס ער האָט געזוכט אויסצומיידען.
גאַנץ אָפט האָט איהם פשוט געפעהלט דער חוש פאַר דער
שעהנקייט פון דער העברעאישער פּאָעזיע און איהרע בילדער־
רייכע אויסדריקע, וועלכע ער האָט געזוכט צו פער'פשוט'ען.
אַזוי, צום ביישפּיעל, ערקלערט ער דעם פסוק: „האזינו השמים
ותשמע הארץ" (פערנעהמט איהר הימלען, און זאָל די ערד
אויך הערען), „זאָלען הערען די מלאכים פון הימעל און די
מענשען פון דער ערד". איבערהויפּט האָט ער געזוכט אויס־
צוטייטשען יענע שטעלען אין דער ביבעל, וואו עס ווערט
גערעדט ווי פון אַ קערפּערליכען גאָט, אַז זיי זאָלען שטימען
מיט זיינע פילאָזאָפישע בעגריפע. אַזוי, צום ביישפּיעל, פער־
טייטשט ער: „ויאמר אלהים יהי אור", גאָט האָט געוואָלט עס
זאָל זיין ליכט, נים גאָט האָט גע ז אָ ג ט. וועגען דעם שלאַנג
וואָס האָט גערעדט צו חוה'ן און דעם עזעל פון ב ל ע ם, וואָס
האָט אָנגעפאַנגען צו רעדען, ערקלערט ער אַז דאָס זיינען געווען
מלאכים. אין מאַנכע שטעלען ערלויבט ער זיך זאָגאַר צו
ענדערען אָדער צוצושטעלען אַ וואָרט צום טעקסט, כדי דער
ענין זאָל ווערען פערשטענדליכער (זעה: דור, דור ודורשיו,
חלק ד'). נעהמענדיג אין אנבעטראַכט די צייט אין וועלכע
סעדיה האָט געלעבט, מוז מען צוגעבען אַז זיין איבערזעצונג
מיט אַלע איהרע פעהלערן איז שוין געווען אַ גרויסער שריט
פאָרווערטס, און עס האָט זיך געפאָדערט גרויס מוטה, אום
עטוואָס אַזעלכעס דאַמאָלס צו וואַגען.

כמעט אַלע זיינע ספרים, און זיי זיינען פיעל אין צאָהל,
טראָגען דעם כאַראַקטער פון פּאָלעמיקס און דעבאַטען. דאָס

איז געווען דער פאַל מיט זיין איבערזעצונג פון דער ביבעל און אפילו מיט זיין גרעסטע ווערק, דער „האמונות והדעות“, וואו ער אַרבייט אויס זיין רעליגיאָנס־פילאָזאָפיע, אפילו זי טראָגט אויך אין פיעלע פלעצער דעם כאַראַקטער פון אַ פּאָלעמיק. די ויכוחים ווערען געפיהרט דאָ געגען די וואָס גלויבען אין דער קערפּערליכקייט פון גאָט, דאַרטען געגען די קראים וואָס לייקענען אָב די טראַדיציע און אַן אַנדערש מאָל ווידער געגען די אפיקורסים און ניט־גלויביגע.

צו זיין גרויסען און אַללזייטיגען וויסען, האָט סעדיה בעזעסען די נאַטור פון אַ קעמפּפער, וועלכער האָט זיך פון קיין זאַך ניט צוריקגעהאַלטען, ווען עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען דעם, וואָס ער האָט בעטראַכט פאַר דעם אמת. לויט זיין טעמפּעראַמענט איז סעדיה אין זיינע יונגע יאהרען געווען דאָס, וואָס מען וואָלט היינט גערופען אַ פּאַמפלעטיסט. פאַר זיין צייט איז ער געווען אַ פעהיגער שרייבער מיט אַ שאַרפער פעדער, וועלכע ער האָט געברויכט אונ׳ברחמנות׳דיג געגען זיינע געגנער. דעם גרינדער פון דער קראים־סעקטע ע נ נ׳ען, רופט ער אָן „אַ מענש מיט מעהר חוצפּה ווי גאָטס־פאָרכטיגקייט. דעם פריידענקער און אפּיקורס חיוי הבלכי רופט ער אָן הכלבי, דער הונד.

חיוי הבלכי אָדער אלבלכי האָט געלעבט מיט אַ דור אָדער צוויי פריהער ווי סעדיה גאון. ער איז געבאָרען געוואָרען אין פּערסיען, וואו ער האָט זיך אַ פּנים בעקאַנט מיט די פילאָזאָפען פון דער פרייערער ריכטונג פון דעם מאהאָמעדאַניזם (די מוטאַזיליטען). איינער פון די דאָזיגע אַראַבישע פּאָעטען האָט זיך שוין דאַמאַלס ערלויבט צו זאָגען: „די וועלט איז איינגעטהיילט אין צוויי קלאַסען: אין אַזעלכע וואָס האָבען שכל און ניט קיין גלויבען, און אין אַזעלכע וואָס האָבען גלויבען און ניט קיין שכל“ (גרעטץ). חיוי אלבלכי איז אין גאַנצען געווען אַ ניט־גלויביגער. ער האָט ניט געגלויבט, אַז גאָט האָט זיך ווען־עס־איז ענטפּלעקט צו אירגענד וועלכע מענשען, זאָל עס זיין משה, יעזוס אָדער מאהאָמעד. די ביבעל בעטראַכט ער אַלס אַ ווערק געשריעבען און

צוזאמענגעשטעלט געוואָרען פון מענשען. דאָס צו בעווייזען האָט ער אָנגעשריעבען א בוך, וואו ער האָט ארויסגעשטעלט צוויי הונדערט טענות געגען דעם תנ"ך. ליידער איז זיין בוך פערלאָרען געגאנגען, און עס זיינען בלויז איבערגעבליבען פון איהם איינציגע טענות אין די ספרים פון זיינע געגנער. געגען איהם זיינען ארויסגעטראָטען סאַי די רבנישע אידען, ווי סעדיה גאון, סאַי די געלעהרטע פון דער קראים־סעקטע, ווי שלמון בן ירוחם.

חיוי אלבלכי פרעגט: צו וואָס האָט גאָט פערלאָזען די הימלען און די ריינע מלאכים און איז אראָב צווישען די אונריינע מענשען? צו וואָס דאַרף גאָט קרבנות און „לחם הפנים", ווען ער עסט ניט? צו וואָס דאַרף ער א מנורה מיט ליכט, ווען ער דאַרף קיין ליכטיגקייט ניט? ער לייקענט אויך אין גאנצען אָב די ניסים און זוכט זיי צו ערקלערען אויף א נאַטירליכען וועג: די אידען זיינען אריבער דעם ים אין דער צייט, ווען דאָס וואַסער איז אבגעפאַלען (עבבע); דער „מן" וואָס זיי האָבען געגעסען אין דעם מדבר איז געווען אזא מין פפלאנצונג. ווי עס איז צו זעהן פון די דאָזיגע ווייניגע טענות, איז חיוי אלבלכי געווען דער פאָטער פון דער ראציאָנאַליסטיש־אפיקורסישע שולע פון ביבעל־קריטיק. אזעלכע זיינען אויך געווען אין די לעצטערע צייטען דער פראנצויז וואָלטער און דער ווייניגער טיפער אמעריקאנער אינגערסאָל, גאַנץ גלייך צי זיי זיינען אין זייערע טענות בעאיינפלוסט געוואָרען פון חיוי אָדער ניט.

ווי עס איז געוועהנליך דער פאל אין פּאָלעמישע שריפטען, איז סעדיה ניט שטענדיג געווען גערעכט צו זיינע געגנער, איבערהויפט אין זיינע טענות געגען די קראים. ער האָט גאַנץ אָפט אין גאנצען איגנאָרירט די אַרגומענטען פון די קראים, און האָט מאַנכע פון זייערע קשיות פערענטפערט מיט בויך־סברות, וואָס האָבען ניט געהאט קיין בעגרינדונג און בערעכטיגונג (זעה דור, דור ודורשיו חלק ד'). אין זיין פערלאנג צו פערהיטען די טראדיציע (תורה שבעל פה) פון די קראים, איז ער אריבער צום אַנדערען עקסטרעם. ער האָט

זיך אזוי ווי אונטערגענומען צו פערטהיידיגען אלץ, אפילו דאָס וואָס האָט ניט געדאַרפט און ניט געקענט פערטהיידיגט ווערען. גאנץ ריכטיג מערקט אויף דעם אָן דער געלעהרטער ווייס, אז סעדיה האָט גיכער געזוכט צו פערשטאַרקערען די אמונה אין דער טראדיציע ביי די רבנישע אידען גופא איידער צו בעקעהרען און צו איבערצייגען די קראים. די געפאָהר, אז די קראים־סעקטע זאָל זיך אלץ מעהר און מעהר פערשפּרייטען און אין גאנצען ארויסשטופען דעם רבנישען יודענטהום איז דאמאָלס גאָר ניט געווען אזא קליינע. דער ערפאָלג פון די קראים איז געווען פיעל גרעסער, ווי דאָס האָבען ערוואַרטעט די פאָרשטעהער פון דעם תלמודישען יודענטהום. די גאונים האָבען ניט געוואָלט אָדער טאַקע פשוט ניט געקענט זיך אריינלאָזען אין ויכוחים מיט די קראים, וועלכע האָבען זיך אונטערדעסען אלץ געהאַלטען אין פערמעהרען. די „גלות־פירסטען“ און די גאונים האָבען זיך בענוגענט דערמיט, וואָס זיי האָבען פערפאָלגט און אונטערדריקט די קראים, אָבער דאָס האָט ווייניג געהאָלפען. סעדיה איז געווען דער ערסטער פון די „רבנים“, וועלכער האָט אָנגעפאַנגען צו דיסקוטירען און צו דעבאַטירען מיט די קראים.

פון סעדיה'ס ווערק „געגען־ענן“ און פון זיינע אַנדערע פּאָלעמישע שריפטען זיינען נאָר געבליבען פערשיעדענע שטיקלעך. ווי עס איז שוין אויבען בעמערקט געוואָרען, איז ער ניט אימער געווען גערעכט צו זיינע געגנער, אבער גאנץ גלייך וואָס מיר דענקען איצטער וועגען זיינע פּאָלעמיקס, אין זיין צייט האָבען זיי געהאַט א געוואַלטיגע ווירקונג סאַי צווישען די „רבנים“ און סאַי צווישען די קראים. די גרעסטע מענשען צווישען די קראים, סאַי די וואָס האָבען געלעבט אין סעדיה'ס צייטען און סאַי די וואָס האָבען געלעבט שפּעטער, האָבען געפונען פאַר נויטיג ארויסצוטרעטען געגען סעדיה. צווישען זיי זיינען די וויכטיגסטע שלמון בן ירוחם, עטוואָס עלטער פון סעדיה, און סהל בן מצליח, עטוואָס יינגער פון סעדיה. עס פערשטעהט זיך, אז קיין זלזולים און בעליידיגונגען האָבען ניט געפעהלט אויף

אין זייערע שריפטען, אבער אין מאנכע הינזיכטען זיינען זיי געווען גערעכט.

צווישען די „רבנים“ דאגעגען האט זיך סעדיה ערוואָרבען א געוואלטיגען גרויסען נאָמען צוליעב זיינע ויכוחים מיט די קראים און מיט חיוי אלבלכי. זיי האָבען אין איהם געזעהן דעם רעטער און פערטהיידיגער פון דעם גלויבען.. אלס אזעלכער איז ער אויך בעטראַכט געווען שפעטער, און דער ראב"ד זאָגט וועגען איהם: „ער האָט בעזיעגט די קראים און די אלע וואָס האָבען געלייקענט אין דער תורה פון זיין צייט.“

סעדיה'ס נאָמען האָט געמוזט זיין זעהר גרויס, ווען אין דעם יאָהר 928, אין דעם עלטער פון זעקס און דרייסיג יאָהר. איז ער געוואָרען איינגעלאדען פון דעם גלות־פירסט, דוד בן זכאי, צו ווערען דער גאון פון דער גרויסער ישיבה אין סורא. ס'איז אמת, דער גלות־פירסט האָט געהאָט געוויסע חשבונות מיט דעם גאון פון פומבדיתא, רב כהן צדק, וועלכער האָט איבערהויפט ניט געוואָלט, אז די ישיבה פון סורא, וואָס איז געווען פערמאכט פינף יאהר, זאָל צוריק געעפענט ווערען. עס איז מעגליך, אז דער גלות־פירסט האָט אין דעם יונגען, ענערגישען סעדיה געזעהן א מיטעל צו בעקעמפפען זיין אלטען שונא, דעם גאון פון פומבדיתא. דאָס אלץ קען זיך זיין אמת, אבער דער פאקט, אז ער האָט אויס־געקליבען דעם יונגען סעדיה צו אזא הויכען אמט, א מענש וועלכער האָט נאָך דערצו געקראָגען זיין ערציהונג ניט אין די ישיבות, איז געווען פון א פרעמד לאנד און איז אליין ניט געווען קיין גרויסער יחסן און אויך ניט רייך, בעווייזט ווי בעריהמט ער האָט שוין דאמאלס געמוזט זיין.

אויב דער גלות־פירסט דוד בן זכאי האָט געהאָפט צו געפינען אין דעם יונגען געלעהרטען א לייכטען ווערקצייג אין זיינע הענד, האָט ער געמאכט א ביטערען טעות. סעדיה איז ניט געווען פון די נאַטורען וואָס לאָזען זיך בויגען. עס האָט באַלד אויסגעבראָכען א מחלוקה צווישען דעם גלות־פירסט און דעם יונגען גאון. עס האָט זיך געהאנדעלט וועגען

אַ גרויסע ירושה, אין וועלכע דער גלות-פירסט איז געווען פּערזענליך פּעראינטערעסירט. דוד בן זכאי האָט ארויס-געגעבען דעם פּסק, ווי עס האָט זיך געלוינט פאר איהם. צו מאכען דעם דאָקומענט געזעצליך איז געווען נויטיג, אז די גאונים זאָלען זיך אויף אונטער'חתמ'ענען. דער גאון פון פּומבדיתא, כהן צדק, האָט זיך אונטערשריעבען. ווי עס איז געקומען צו סעדיה'ן האָט ער זיך ענטזאגט דאָס צו טהאָן. שפּעטער האָט דער גלות-פירסט געשיקט זיין זוהן איבערצו-רעדען מיט סעדיה'ן, און ווען דער לעצטער האָט זיך הארט-נעקיג ענטזאגט, האָט דעם פירסט'ס זוהן געוואָלט הויבען אַ האנד געגען סעדיה'ן. די תלמידים האָבען עס נאַטירליך נימ דערלאָזען און האָבען ארויסגעוואָרפען דעם אַנגרייפער פון הויז. דאָס איז געווען דער אָנפאנג פון דער מחלוקה. דער „ראש גלותא" האָט צוגענומען פון סעדיה'ן דעם טיטעל „גאון", אָנשטעלענדיג אַן אנדערען אויף זיין פּלאַץ און ארייגלעגענדיג איהם אין חרם. סעדיה פון זיין זייט האָט אריינגעוואָרפען אין חרם דעם ראש-גלותא, האָט פון איהם צוגענומען דעם טיטול ראש - גלותא און האָט אויסגעקליבען זיין איינגערען ברודער אויף זיין אָרט. עס האָבען זיך געבילדעט צוויי פּאר-טייען, איינע איז געשטאנען מיט דוד בן זכאי און די אנדערע מיט סעדיה, וועלכע האָבען זיך איינע די אנדערע געלעגט אין חרם און פערפאָלגט. ענדליך האָט געזיעגט די פּארטיי פון דוד בן זכאי און אין יאהר 933 איז סעדיה געצוואונגען געוואָרען פון דער רעגיערונג צו פערלאָזען זיין גאון-שטעלע אין סורא.

פיער יאהר האָט זיך סעדיה אויפגעהאלטען אין באַגדאַד, ווייט פון דעם טומעל און רעש פון דער ישיבה און די אינטריגעס צווישען דעם גלות-פירסט און די גאונים. אין פערלויף פון דיעזער צייט האָט ער אָנגעשריעבען פיעל ווערק, פון וועלכע די וויכטיגסטע איז געווען דער „האמונות והדעות" (וועגען גלויבענס און מיינונגען). אין יענער צייט האָבען זיך איינפלוסרייכע מיטגליעדער אריינגעלעגט אין מאכען אַ שלום צווישען דוד בן זכאי און סעדיה גאון. עס איז

זיי דאָס געלונגען, און סעדיה איז ווידער געוואָרען גאון אין סורא.

סעדיה איז געווען זעהר א פרוכטבאַרער שרייבער. אין די דרייסיג יאהר פון זיין ליטעראַרישער טהעטיגקייט (ער איז געשטאָרבען צו פופציג יאהר) האָט ער אָנגעשריעבען ספרים איבער אַלערליי געגענשטענדע: ביבעל־קריטיק, א ווערטער־בוך, גראַמאַטיק, שאלות און תשובות וועגען הלכות, פּאָלעמישע שריפטען און זאָגאר פּאָעזיע אין דער פאָרמע פון תפילות און פיוטים. די ווערק, וועלכע האָט איהם געגעבען זיין אייביגען נאָמען און וועלכע האָט מעהר ווי זיינע אלע אנדערע ווערקע צוזאַמענגענומען געווירקט אויף דער ווייטער־דער ענטוויקלונג פון אידישען פאָלק, איז זיין ספר „האמונות והדעות“. סעדיה איז געווען דער יעניגער, וועלכער האָט געלעגט דעם פונדאַמענט פון יענעם גרויסאַרטיגען בנין, וועלכען די שפּעטערע אידישע געלעהרטע, פילאָזאָפען און פּאָעטען פון שפּאַניען האָבען אויפגעבויט און פערפאָלקאָמט. ער איז ווייט ניט געווען אזא טיעפער דענקער ווי מאַנכע פון זיי; ער איז זיכער ניט געווען אזא גרויסער פּאָעט ווי פיעלע פון זיינע שפּעטערע נאָכפאָלגער, אבער ער איז געווען דער ערסטער. ער איז געווען דער ערסטער אין דער מיטעלאַלטער־ליכער צייט, וואָס האָט געזוכט צו בעווייזען, אז דאָס יודענ־טהום איז ניט געגען וויסען און פאָרשונג; ער איז געווען דער ערסטער, וואָס האָט געזוכט צו פעראייניגען די פילאָזאָפיע פון זיין צייט מיט דער אידישער אמונה; ער איז געווען דער ערסטער, וואָס האָט מיט זיין ביישפּיעל און מיט זיין אויטאָרי־טעט געעפענט פאַר אידען די טויערען פון וויסענשאַפט און פילאָזאָפיע, ווי זיי זיינען בעוואוסט געווען צו יענער צייט. זיינע נאָכפאָלגער זיינען געגאַנגען ווייטער, אבער ער איז געווען דער וועג־ווייזער און דער וועג־מאַכער, א פּיאָנער.

* * *

די אויפגאַבע וואָס סעדיה האָט זיך געשטעלט אין זיין „האמונות והדעות“ איז געווען א דאָפּעלטע. פון איין זייט זוכט ער צו בעקעמפּפען דיא אָנגענומענע גראָבע בעגריפע

ווענען דער גאָטהייט, וואָס איז געוועזן שטאַרק פערשפּרייט ניט בלויז ביים פּראָסטען עולם, נאָר אויך ביי די לומדים. פון דעם אנדערען זייט זוכט ער צו בעקעמפפען דיא יעניגע, וואָס האָבען אין גאַנצען אויפגעהערט צו גלויבען. ער זוכט זיי צו איבערצייגען, אז געוויסע אמונות זיינען געדרונגען פון מענש־ליכען שכל, אז דער מענשליכער שכל וואָלט צו זיי אליין געקומען, אפילו ווען עס וואָלט אויף דעם ניט געוועזן קיין טראַדיציע. ער בעהויפּטעט אבער, אז דער מענשליכער שכל איז ניט די העכסטע און ניט די איינציגע מאָאס פון אמת; אז א מענש דאַרף ניט מיינען, דאָס וויבאַלד ער קען ניט בעגרייפען א בעשטימטע זאַך איז עס א ראיה, אז זי עקזיסטירט טאַקע ניט. ער לאַכט פון די מענשען, "וועלכע זיינען שקלאַפּען און מיינען אז זיי האָבען קיין העדר ניט, ווייל זיי קענען איהם ניט בעגרייפען און האָבען איהם פערלייקענט." וועגען דער אמת׳קייט פון דער תורה קען, לויט זיין מיינונג, גאָר קיין פראַגע ניט זיין. די פילאָזאָפיע דאַרף זוכען צו בעגרינדען די תורה, זי איז אייגענטליך א דיענסט ביי דער תורה, און וועלכע מיר מוזען סאַי ווי סאַי גלויבען, אפילו ווען זי שטימט ניט מיט דער פילאָזאָפיע. די אמת׳קייט פון דער תורה ווייסען מיר פון דער טראַדיציע.

ער טהיילט דאַרום איין אונזערע מענשליכע אמת׳ן אין פיער קלאַסען.

1) דער אמת פון ערפאַהרונג, וואָס מיר בעגרייפען דורך אונזערע חושים.

2) דער עטהישער אמת, ווי צום ביישפּיעל, אז גערעכ־טיגקייט איז גוט און פאַלשקייט איז שלעכט, וועלכער איז זעלבסטפערשטענדליך, א „מושכל“ ווי ער רופט עס.

3) דער לאָגישער אמת, וועלכער איז א פּועל־יוצא פון לאָגישען דענקען. מיר ווערען דורך דעם איבערצייגט אין אזעלכע אמת׳ען, וואָס מיר בעגרייפען ניט דוקא מיט די חושים, נאָר צו וועלכע דער לאָגישער געדאַנקענגאַנג צווינגט אונז.

4) דער טראַדיציאָנעלער אמת, וואָס מיר האָבען געקראָגען בירושה פון די פריהערדיגע דורות, וועלכער איז ווידער אַ רעזולטאַט אדער פון זייער ערפאהרונג ענטוועדער פון עטהישען אמת.

גרינדענדיג זיך אויף דער דאָזיגער איינטהיילונג פון די אמת׳ען, קומט ער צו געוויסע פילאָזאָפישע שליסע, וועלכע ער בעגרינדעט דאָ אויף דעם מין אמת און דאָרטען אויף דעם אנדערען. ווען דער פילאָזאָפישער געדאנק איז פאר איהם ניט גענוג, ווען דער אמת קען ניט בעוויעזען ווערען דורך דער ערפאהרונג אָדער לאָגיק, פערלאָזט ער זיך אויף דעם טראַדיציאָנעלען אמת.

די גרונד־יסודות פון זיין רעליגיאָנס־פילאָזאָפיע זיינען:

1) די וועלט איז בעשאַפען געוואָרען פון גאָרנישט. גאָט האָט בעשאַפען ניט בלויז די פאָרמע (די „צורה“) פון די זאַכען פון אַן אייביג־עקזיסטירענדען מאַטעריאַל, נאָר דער מאַטעריאַל גופא (דער עצם) איז אויך בעשאַפען געוואָרען. ער פערברייטעט זיך וועגען דעם דאָזיגען ענין און זוכט צו בעווייזען, אז די אַטאָמיסטישע טהעאָריע, וועלכע בעהויפטעט, אז די אַטאָמען האָבען עקזיסטירט פון אייביג און זיי האָבען אָנגענומען זייערע פאָרמען לויט געוויסע געזעצע אָדער צופעליג, קען ניט זיין אמת.

2) די איינהייט פון גאָט. דאָרטען פאָלעמיזירט ער מיט די וואָס גלויבען אין דואַליזם, אין אַ דאָפּעלטע געטליכקייט. די פערשיעדענאַרטיגקייט פון די ערשיינונגען, ווי ליכטיגקייט און פינסטערניס, גוט און שלעכט, זיינען בלויז א רעזולטאַט פון אונזערע בעגריפע. אין תוך זיינען זיי בלויז איין איינציגע ערשיינונג. פינסטערניס איז ניט געגענגעזעצט צו ליכטיגקייט, נאָר די אבוועזענהייט פון ליכטיגקייט. דער בעגריף פון גוט און שלעכט איז אויך בלויז אין שייכות צו אונז, ווי דאָס ווירקט אויף אונז. „גאָט האָט ניט בעשאַפען קיין שלעכטס. ער האָט בעשאַפען זאַכען, וואָס קענען זיין אַי גוט אי שלעכט, לויט ווי דער מענש קלייבט זיך אויס. אויב ער עסט און טרינקט אין מאָס, איז עס גוט: כאַפּט ער

אריבער די מאָס, ווערט עס שלעכט. די ברירה איז שוין בײ איהם." די א י י נ ה י י ט פון גאָט בעגרינדעט ער אויף דעם, וואָס ער איז ניט קיין קערפּער. צייטען און טהיילען קען נאָר געמאָלט זײן בײ א קערפּער, וואָס איז בעגרענעצט. און גאָט איז ניט קיין קערפּער, ווײל ער איז ניט קיין ב ע ש א פ ע נ ע ר, נאָר א ש ע פ ע ר. יעדע זאַך וואָס איז ב ע ש א פ ע ן מוז האָבען א שעפער און מוז אויך האָבען א גרענעץ. און ווען מיר זאָלען שוין געפינען דעם שעפער פון דאָס בעשאפענע, וועלען מיר אימער מוזען זוכען דעם שעפער פון דעם לעצטען שעפער. ענדליך מוזען מיר, אין אונזער לאָגיק, דערגרייכען צו דער ערסטער סבה, וועלכע מוז זײן אונבעשאפען און אונקערפּערליך. וואָרים אז ניט וועלען מיר דאָך מוזען זוכען אויך א סבה צו דער ערסטער סבה, וואָס דאָס וועט בלויז מיינען, אז די ערסטע סבה איז ניט די ערסטע. גאָט אלס דיא ערסטע סבה מוז זײן דארום איינער. ער איז אָבער איינער ניט נאָר אין זײן מין, נאָר אויך אין עצם. ניט נאָר עס איז ניטאָ נאָך א גאָט, נאָר ער קען אויך ניט גע־טהיילט ווערען.

עס פערשטעהט זיך, אז סעדיה גלויבט אין „השארת הנפש" (אונטערשטערבליכקייט פון דער נשמה), אין א לעבען נאָכ'ן טוידט, אין בעצאָהלונג און בעשטראָפונג, אין דער אייביגקייט פון דער תורה, אין תחית המתים און אין משיח, וועלכע אמונות ער זוכט צו בעגרינדען אויף דער אָדער יענער קאטעגאָריע פון די אויבענדערמאָהנטע אמת'ען.

ס ע ד י ה גלויבט אין דעם מענשליכען פרייען ווילען. דער מענש איז דער עיקר אין דער גאנצער שעפּפונג, אלץ איז בעשאפען געוואָרען פון זיינטוועגען. אונזער ערד, מיינט ער לויט דער אלטער שטה פון דער אַסטראָנאָמיע, געפינט זיך אין צענטער פון דער שעפּפונג. די זון, די פּלאַנעטען און די גלגלים דרעהען זיך ארום איהר. דערפון איז געדרונגען, אז די ערד איז דער עיקר. אויף דער ערד איז דער מענש דער עיקר, ווײל ער איז דער איינציגער פון די חיות וואָס האָט שכל און איז בעשאָנקען מיט דעם כח צו רעדען

די אויפגאבע פון מענשען איז צו טהאן גוטס און אויסצו־מיידען שלעכטס. פאר גאט גופא איז קיין אונטערשיעד ניט, צי דער מענש טהוט גוט אדער שלעכטס; ניט איהם קומט עטוואס צו פון מענשליכע גוטס, ניט איהם קומט עטוואס אב פון מענשליכע שלעכטס. ווען דער מענש טהוט שלעכטס, שאדעט ער זיך אליין. דער מענש קען זיך אויסקלייבען די וועג אין וועלכע ער זאל געהן, כאטש גאט ווייס פון פריהער ווי ער וועט זיך אויסקלייבען. גאט'ס וויסען איז ניט א בעשטימונג פון פאראויס, נאר גאט ווייס ווי דער מענש וועט אויסוועהלען צו טהאן.

דאס איז אין קורצע שטריכען דער תמצית פון סעדיה'ס פילאזאפיע. דער אויפמערקזאמער לעזער וועט אליין זעהן, אז די רעליגיאן איז ביי סעדיה דער עיקר. די פילאזאפיע איז ביי איהם ניט קיין ציעל פאר זיך גופא, נאר א מיטעל צו פערשטארקען און בעגרינדען די רעליגיאן. דאס איז אבער דער פאל מיט אלע רעליגיאנס־פילאזאפען: זיי זוכען ניט אויסצוגעפינען דעם אמת, זאנדערן צו בעשטע־טיגען די אמת'ען, אין וועלכע זיי האבען שוין פריהער געגלויבט.

## III.

**ארץ ישראל און בבל. — די אַלטקייט פון דעם אידישען ישוב אין בבל. — ווען די ראש־גלותא'ס האבען זיך אנגעפאנגען. — די ברינדונג פון די גרויסע ישיבות אין סורא און פומבדיתא. — דער אונטערגאנג פון די ישיבות צוזאמען מיט דעם אמט פון ראש־גלותא. — די אורזאכען דערפון. — נייע צענטרען ווערען געגרינדעט. — רבינו גרשון מאור הגולה אין פראנקרייך און ר' משה בן חנוך אין שפאניען.**

---

קיין אנדער לאנד, אַ חוץ ארץ ישראל, האָט ניט געשפּיעלט אזא גרויסע און וויכטיגע ראָלע אין דעם לעבען פון דעם אידישען פאָלק, ווי ב ב ל. ארץ ישראל און בבל האָבען אַ לאנגע צייט אזוי ווי געקאָנקורירט איינע מיט דער אנדערער, ווער עס זאָל פערנעהמען דעם ערסטען פּלאַץ. כל זמן די אידען האָבען נאָך געהאט אפילו אַ שאָטען פון זעלבסט־שטענדיגקייט אין זייער אייגען לאנד, האָט נאטירליך ארץ ישראל געשפּיעלט די ערסטע פיעדעל, און די אידען פון בבל פונקט ווי די אידען פון די אנדערע גלות-לענדער האָבען בעטראכט ארץ ישראל אלס דעם נאַציאָנאַלען מיטעלפּונקט, אלס דעם צענטער פון דעם אידישען פּאָליטישען, קולטורעלען און רעליגיעזען לעבען. נאָך דעם צווייטען חורבן אבער און הויפּטזעכליך נאָך די שרעקליכע פערפאָלגונגען פון אַ ד ר י אַ־נ ו ס (האדריאַן), האָט בבל אָנגעפאנגען צו שפּיעלען אַ גלייכע ראָלע מיט ארץ־ישראל אין דעם רעליגיעזען און קולטורעלען לעבען פון פאָלק. עס האָט ניט לאנג גענומען און בבל האָט איהר זאָגאר אָנגעפאנגען אריבערצושטייגען. מיט דער שליסונג פון דער „משנה“ האָבען זיך די כוחות פון די ארץ־

ישראל׳דיגע אידען אזוי ווי אויסגעשעפט. אמת, עס זיינען נאך געווען ישיבות אויך אין ארץ ישראל; עס איז נאך דארטען אויך געווען א „נשיא“, אבער די ישיבות פון בבל און זייער ראש־גלותא האבען שוין פערנומען א וויכטיגערען פלאץ, האבען געהאט מעהר אנזעהן, מעהר בעדייטונג און מעהר מאכט. דער ארץ־ישראל׳דיגער ״תלמוד ירושלמי״ האט געהאט א פיעל קלענערע בעדייטונג אין דעם לעבען און אין דער וויטערער ענטוויקלונג פון דעם אידישען פאלק, ווי אונזער תלמוד, דער תלמוד פון די ישיבות פון בבל, דער „תלמוד בבלי“. בבל איז צום גליק נאך געווען פריי פון קריסטליכען איינפלוס, פון דעם קריסטליכען פאנאטיזם מיט די קריסטליכע פערפאלגונגען. די אידען זיינען דארטען ניט געשטערט געווארען אין זייער רעליגיעזען און קולטורעלען לעבען. די פערזיער האבען זיך ארויסגעצייגט צו זיין פיעל טאלעראנטער און פיעל מענשליכער, ווי די אנהענגער פון דער „רעליגיאן דער ליעבע“. די ישיבות פון בבל און זייערע ראש־גלותא׳ס האבען זיך דארום געהאלטען פיעל לענגער ווי די ישיבות פון ארץ ישראל און זייערע „נשיאים“. דערפון האט זיך גענומען, וואס בבל איז פאר א לאנגע צייט געבליבען די אליין־הערשערין אין אידישען לעבען. די אידען פון אלע גלות־לענדער, וואו זיי האבען זיך געפונען, האבען איצטער געווענדעט זייערע אויגען צו בבל, פונקט ווי אין די פריהעריגע צייטען צו ארץ־ישראל. בבל איז געווארען דער צענטער, און פון דארטען האבען די אידען געשעפט כח און מוטה פארט־צוזעצען זייער שטענדיגע מלחמה מיט די ארומיגע שונאים.

ווען אייגענטליך עס האט זיך אנגעפאנגען דער אידישער ישוב אין בבל איז ניט אין גאנצען קלאר. ווי עס ווייזט אויס האט זיך שוין דארטען געהאט געפונען א אידישע בעפעלקע־רונג נאך פאר דעם ערסטען חורבן. עלף יאהר פאר דעם חורבן, דערצעהלט די ביבעל, האט דער באבילאנישער קעניג נ ב ו כ ד נ צ ר פערטריעבען אין בבל דעם אידישען קעניג י ה ו י כ י ן מיט זיין סוויטע, די אריסטאקראטיע פון לאנד מיט אכט טויזענד אידישע קריעגער. נאכ׳ן חורבן איז די־

צאָהל פון די פערטריעבענע און געפאנגענע פיעל פערגרעסערט געוואָרען.

די לאגע פון די אידען, וואָס זיינען אריבערגעבראכט געוואָרען קיין בבל איז געוועזן זעהר א גוטע. זיי האָבען געפאָלגט די עצה פון דעם נביא ירמיה. וועלכער האָט זיי געראטהען דאָרטען צו בויען הייזער, זיך איינצושאפען פעלדער און פלאנצען וויינגערטנער. שוין דער באַבילאָנישער קעניג אויל מרדך האָט בעפרייט דעם אידישען קעניג יהויכין פון תפיסה „און האָט געשטעלט זיין שטוהל העכער ווי די שטוהלען פון די אנדערע מלכים, וואָס זיינען מיט איהם אין בבל“ (מלכים ב׳, כ״ה, כ״ח).

ווען די פּערזיער האָבען בעזיעגט די באבילאָנער און זייער קעניג כרש האָט די אידען געגעבען די ערלויבניס זיך צוריקצוקעהרען אין זייער אלטען פאטערלאנד, האָבען זיך ניט אלע אידען בענוצט דערמיט. דער גרעסטער טהייל פון זיי איז געבליבען אין לאנד פון זייער געפאנגענשאפט. בלויז אן ערך פון צוויי און פערציג טויזענד אידען האָבען זיך צוריקגעקעהרט קיין ארץ ישראל.

צווישען די אידען וואָס זיינען געבליבען אין בבל האָבען זיך אויך געפונען די אבשטאמונגען פון דער קעניגליכער פאמיליע, וועלכע האָבען, ווי עס ווייזט אויס, ניט געקראָגען די ערלויבניס זיך צוריקצוקעהרען אין ארץ ישראל צוליעב פּאָליטישע אורזאכען. די פּערזיער האָבען פשוט מורא געהאט, אז זיי זאָלען ניט גרינדען אין ארץ ישראל א זעלבסטשטענדיגע אידישע מלוכה און זיך אין גאנצען אָבררייסען פון פּערזיען. זרובבל בן שאלתיאל, אן אייניקעל פון דעם קעניג יהויכין, איז אפילו יע געפאָהרען אין ארץ־ישראל, אבער ער איז באלד צוריקגערופען געוואָרען אין בבל, צוליעב די מסירות פון די שומרונים און די אנדערע אָרטיגע פעלקערשאפטען, אז ער וויל גרינדען אן אייגענע מלוכה.

עס קען אָבער גאָר קיין ספק ניט זיין, אז די פּערזיער, וואָס זיינען געוועזן אזוי פריינדליך צו די אידען, האָבען

בעהאנדעלט די קינדער פון דער אידישער קעניגליכער פאמי־ליע ניט ערגער ווי די באבילאָנער. זיי זיינען בעהאנדעלט געוואָרען ווי פירסטען.

עס פערשטעהט זיך, אז די אידישע בעפעלקערונג, וואָס איז געבליבען אין בבל האָט געקוקט מיט א בעזונדערען רעספעקט אויף זייער פירסטען־פאמיליע, און אז די דאָזיגע פאמיליע איז געוואָרען דער צענטער פון דעם דאָרטיגען אידישען לעבען. פון דער דאָזיגער פאמיליע זיינען אויס־געקליבען געוואָרען די פאָרשטעהער, די פיהרער, פון דעם אידישען ישוב. די דאָזיגע פיהרערשאפט האָט זיך איבער־געגעבען בירושה פון עלטערן צו קינדער. די בעהויפטונג פון די שפעטערע „ראשי גלותא“, אז זיי שטאמען אב פון דער פאמיליע דוד איז אלזאָ ניט אין גאנצען אונבעגרינדעט. לויט ווי דער מחבר פון „סדר עולם זוטא“—געלעבט אין אכטען יאָהרהונדערט—דערצעהלט, איז דער ערסטער ראש־גלותא אין בבל ניט געווען קיין אנדערער ווי טאקע קעניג יהויכין גופא, וועמען עס האָט נאָכגעפאָלגט זיין זוהן שאלתיאל, זיין אייניקעל זרובבל, זיין אור־אייניקעל משולם, און אזוי כסדר.

די בעהויפטונג פון דעם „סדר עולם זוטא“ קען אָבער ניט אָנגענומען ווערען אלס א בעוויזענער היסטאָרישער פאקט, כאָטש דאָס איז גאנץ מעגליך. דער ערסטע היסטאָריש־זיכערער ראש־גלותא ווערט דערמאָהנט אין תלמוד. ער האָט געלעבט אין אָנפאנג פון צווייטען יאָהרהונדערט, און ער איז שוין דאמאלס בעטראכט געוואָרען אלס א דירעקטע אבשטא־מונג פון דער דוד־פאמיליע. עס האָבען זיך שוין דאמאלס געפונען אזעלכע, וועלכע האָבען געמיינט, אז ער איז מעהר פאסיג פאר דעם אמט פון „נשיא“ אין ארץ ישראל אלס דער דאמאלסדיגער נשיא ר׳ שמעון בן גמליאל, וועלכער האָט אָבגעשטאמט פון הלל׳ן. דער ראש גלותא אין דער צייט פון ר׳ יהודה הנשיא, דער רעדאקטאָר פון דער משנה, האָט געהייסען רב הונא. וועגען איהם האָט ר׳ יהודה הנשיא געזאָגט: „ווען ר׳ הונא ראש־גלותא קומט אהער זעץ איך איהם העכער פאר זיך.“ (דור דור ודורשיו חלק ג׳)

אויב מען זאָל אפילו אָננעהמען, אז דער ערסטער ראש־גלותא האָט ערסט געלעבט אין אָנפאנג פון צווייטען יאהרהונדערט, האָט דער דאָזיגער טיטול און אמט דאָך עקזיסטירט אריבער ניין הונדערט יאהר. דער לעצטער ראש־גלותא, וועלכער איז אין דער זעלבער צייט אויך געווען גאון, האָט געהייסען חזקיה בן זכאי. צוליעב א מסירה, וואָס וויזט אויס, איז בעשטאנען אין דעם, אז ער האָט זיך גענומען דעם טיטול „ראש־גלותא“ אָהן דער צושטימונג פון דער רעגיערונג, האָט מען איהם אין יאהר 1040 אריינגעוואָרפען אין תפיסה, וואו מען האָט איהם געמאַטערט און, ווי מאנכע היסטאָריקער בעהויפּטען, שפּעטער הינגעריכטעט.

אזוי האָט זיך געענדיגט די לאנגע קייט פון די ראש־גלותא'ס.

בערך אין דער זעלבער צייט זיינען אויך פערמאכט געוואָרען די צוויי גרויסע ישיבות פון סורא און פומבדיתא. די ערסטע אין יאהר 1034; די לעצטע אין יאהר 1040. די ערסטע ישיבה איז געווען די עלטערע און איז בעטראכט געוואָרען אלס די וויכטיגערע. זי איז געגרינדעט געוואָרען פון דעם ערסטען און גרעסטען „אמורא“ אבא אריכא אָדער רב אין דעם יאהר 219. די ישיבה פון פומבדיתא איז געגרינדעט געוואָרען מיט אַן ערך פון א האלבען יאהרהונדערט שפּעטער. די ישיבות האָבען, אלזא, מיט קליינע איבער־רייסונגען, עקזיסטירט בערך אכט הונדערט יאהר.

מיט דער אבשאפונג פון דעם ראש־גלותא אמט און מיט דעם שליסען זיך פון די צוויי גרויסע ישיבות, האָט בבל פער־לאָרען איהר בעדייטונג אלס דער צענטער פון דעם אידישען קולטורעלען לעבען. ביסלעכווייז און לאנגזאם איז דער צענטער פון דעם אידישען לעבען אריבערגעגאנגען פון אזיע קיין אייראָפּא, פון בבל אין שפּאניען.

די אורזאכען וואָס האָבען געפיהרט צו דעם אונטערגאנג פון די צוויי גרויסע ישיבות און דעם אמט פון גלות־פירסט זיינען געווען פערשיעדענע. מאנכע זיינען געווען אויסער־

ליכע, אין וועלכע די אידען זיינען ניט געווען שולדיג, און מאנכע זיינען געווען אינערליכע.

צווישען די אויסערליכע אורזאכען דארף גערעכענט ווערען דער שטענדיג־וואקסענדער רעליגיעזער פאנאטיזם פון די מאהאמעדאנער אין דעם „מזרח־קאליפאט“. די דארטיגע מאהאמעדאנער האבען ניט געקענט פערטראגען, אז די פער־האסטע און פעראכטעטע אידען זאלען האבען עטוואס, וואס זאל טראגען אפילו אן עהנליכקייט אויף זעלבסטשטענדיגקייט און זעלבסט־פערוואלטונג, אויף אן אייגענער רעגיערונג. דער „גלות־פירסטענטהום“ איז דארום אלץ מעהר און מעהר בערויבט געווארען פון זיין מאכט, פון זיין ווירדע און חשיבות. דער גלות־פירסטענטהום איז באלד געווארען א מין סחורה אין די הענד פון די קאליפען און זייערע משרתים, און פלעגט גאנץ אפט פערקויפט ווערען צו דעם יעניגען, וועלכער האט געגעבען א גרעסערען פרייז אדער וועלכער האט פערשפראכען אריינצוברענגען מעהר צינזען אין דעם אוצר פון דער מלוכה.

אין דעם זיינען ניט ווענייג שולדיג געווען די „ראשי־גלותא“ גופא, די פערשיעדענע קאנדידאטען אויף דעם אמט, וועלכע פלעגען זיך רייסען צווישען זיך, פיהרען אלערליי אינטריגעס און מוסר׳ן איינע די אנדערע, כדי צו געפינען חן אין די אויגען פון די קאליפען. אויך צווישען די גאונים זיינען פארגעקומען רייסערייען און מחלוקת. יעדער גאון האט געוואלט, אז זיין ישיבה זאל בעטראכט ווערען אלס די גרעסטע און די וויכטיגסטע, און דאס האט ווידער געפיהרט צו אינטריגען און זאגאר סקאנדאלען. און כאטש די לעצטע גאונים, שרירא, האי און שמואל ברחפני, זיינען געווען גרויסע מענשען, פעהיגע מענשען און עהרליכע מענשען, דער לעצטער זאגאר א געלעהרטער, האט עס ניט געהאלפען. זיי האבען ניט געקענט ערהאלטען ביים לעבען דאס, וואס איז געשיכטליך געווען פעראורטהיילט צום טויט.

און פעראורטהיילט צום טויט זיינען די ישיבות געווארען ניט אזוי פיעל צוליעב די אינערליכע צערפאלענקייט אוי

דעמאָראַליזאַציאָן, ווי צוליעב פּשוט'ע עקאָנאָמישע אורזאַכען. עס האָט זיך געפאָדערט אַ גרויסע סומע פון געלד, אום צו קענען אויפהאלטען די ישיבות מיט די תלמידים, מיט די ראשי ישיבות און מיט די גאונים. דאָס געלד פלעגט געזאַמעלט געוואָרען אין די אלע קהלות פון די פערשיעדענע גלות־לענדער, וואו עס פלעגען ארויסגעשיקט ווערען משולחים. געלד פאר די ישיבות פלעגען אויך געזאמעלט ווערען אין די אייראָפּעאישע לענדער, איבערהויפּט ביי די רייכע אידישע קהלות פון שפּאַניען.

דאָס האָט זיך אבער געמוזט ענדערען. כל זמן די מעהר־הייט פון דעם אידישען פאָלק און די מעהרסטע אידישע קהלות האָבען זיך געפונען אין ארץ ישראל, בבל און מצרים, זיינען די צוויי גרויסע ישיבות געווען די צענ־טראַליזירענדע און צונויפבינדענדע קראַפט. פון זיי פלעגט ארויס דאָס וואָרט און די לעהרע פאר די אלע קינדער פון גלות. דער גאון איז געווען ניט בלויז דער אנערקענטער אויטאָריטעט אין רעליגיעזע פראַגען, נאָר ער איז אויך געווען דער העכסטער ריכטער, און זיין פּסק איז געווען דער לעצטער. צו איהם פלעגט מען זיך ווענדען מיט אַלערליי שאלות סאַי אין רעליגיעזע סאַי אין ציווילע סכסוכים. די תלמידים פון די ישיבות זיינען געוואָרען די רבנים, די דיינים, די ראשי־ישיבות און די איבריגע כלי קודש פון די פיעלע גרעסערע און קלענערע קהלות, וואָס זיינען געשטאַנען אונטער דער אויבערהערשאפט פון די גאונים. קוים האָט זיך אבער דער גלות אלץ מעהר און ווייטער פערשפּרייט פון דעם צענטער; קוים האָבען זיך גענומען בעווייזען אידישע קהלית אין אלע לענדער פון אייראָפּאַ; קוים זיינען די דאָזיגע קהלות אלץ גרעסער און שטאַרקער געוואָרען, האָבען זיך דאָרטען גופא גענומען אויסבילדען צענטרען פון אידישער געלערענטקייט, האָבען זיך דאָרטען גופא גענומען גרינדען ישיבות צו שטודי־רען דעם תלמוד און דעם געזעץ. די קהלות זיינען אויף אזא אופן געוואָרען אלץ מעהר זעלבסטשטענדיג, אלץ ווענינער אבהענגיג אָן די ישיבות. פאר די ווייטע און פערוואָרפענע

קהלות איז סאַי ווי סאַי געווען שווער צו ווענדען זיך מיט זייערע שאלות צו די גאונים. זיי זיינען דעריבער געווען צופריעדען, ווען עס האָבען זיך געפונען בעוויזען אין זייער אייגענער מיטע געלערנטע, וועלכע האָבען געקענט בפריעדיגען זייערע רעליגיעזע בעדירפניסע. דאָס האָט געבראַכט דערצו, וואָס די הכנסה פון די ישיבות איז אַלץ געוואָרען קלענער, אַזוי אַז עס איז פּשוט געוואָרען אונמעגליך זיי אויפצוהאַלטען.

די ערשיינונג פון דער צוברעקלונג פון איין איינציג גרויסען אידישען צענטער אין מעהרערע קלענערע צענטרען (דעצענטראַליזאַציע), איז אַ שטענדיגע בעגלייטערין פון דעם אידישען לעבען. דאָס איז אַן אונפערמיידליכער רעזולטאַט פון אַ גלות־לעבען, פון דעם לעבען פון אַ פאָלק אָהן אַ לאַנד. ניט האָבענדיג קיין אייגען לאַנד, קען עס אויך ניט האָבען קיין געזונדען עקאָנאָמישען באָדען אונטער זיך. עס איז דאַרום געצוואונגען שטענדיג צו האַלטען אין וואַנדערען אין נייע פּלעצער און דאָרטען צו גרינדען נייע צענטערען. מען קען זאָגען, אַז אין דעם אידישען לעבען ווירקען צוויי געגענגעזעצטע קרעפטען. דער גלות־לעבען מיט דער גלות־עקאָנאָמיק פיהרט פון איין זייט צו דער צוברעקלונג פון אַן איינהייטליכען צענטער. דער אינסטינקט פון זעלבסט־ערהאַלטונג פיהרט דאַגעגען דערצו, וואָס די אויסגעוואַנדערטע יחידים בילדען באַלד אַ נייעם צענטער אין זייער נייען היים. דער פערלאַנג צו זיין צווישען אייגענע און צו לעבען צוזאַמען ברענגט דערצו, וואָס די אידען בילדען געהטעאָס אפילו דאָרטען, וואו זיי זיינען דאָס ניט געצוואונגען צו טהאָן. וועהרענד איין קראַפט ווירקט דעצענטראַליזירענד, איז די אנדערע קראַפט אַ צענטראַליזירענדע; וועהרענד איינע צוטרייבט, טהוט די אנדערע צוזאַמענבינדען.

די בילדונג פון נייע אידישע צענטערען אין די אייראָפּעאישע לענדער, האָט געמוזט פיהרען דערצו, וואָס דער גרויסער צענטער פון אידישען לעבען און קולטור אין בבל האָט פריהער אָדער שפּעטער געמוזט אונטערגעהן. עס קען

גאָר קיין ספק ניט זיין, אז די נייע אידישע קהלות אין די אייראָפּעאישע לענדער האָבען געקוקט מיט'ן גרעסטען רעספּעקט אויף די גאונים און די ישיבות, אז זיי האָבען בשום אופן ניט געהאט די כונה זיי אויף אירגענד וועלכען אופן צו טהאָן שאדען. אבער זייערע גוטע כונות האָבען גאָר ניט געקענט העלפען.

די ישיבה פון סורא, אום זיך צו רעטען פון אונטערגאנג, האָט בעשלאָסען ארויסצושיקען פיער יונגע תלמודיסטען אלס משולחים צו קריגען שטיצע. די דאָזיגע יונגע תלמודיסטען זיינען געפאנגען געוואָרען פון אן אראבישען אדמיראל און פערקויפט געוואָרען אלס שקלאפען. איינער פון זיי איז געוועזען נתן בר יצחק הבבלי, וועלכער איז פערקויפט געוואָרען אין פראנקרייך; נאָך איינער איז משה בן חנוך, וועלכער איז פערקויפט געוואָרען אין שפאניען. די אנדערע צוויי זיינען געוועזען שמריה בן אלחנן און יקותיאל, וועלכע זיינען פערקויפט געוואָרען אין אפריקא. די אידען האָבען באלד אויסגעלייזט די געפאנגענע, די מצוה פון „פדיון שבויים“ איז ביי אידען געוועזען זעהר גרויס. די דאָזיגע פיער געלעהרטע האָבען אין זייערע נייע היימען געעפענט ישיבות צו שטודירען דעם תלמוד, און האָבען אויף אזא אופן ניט ווילענדיג געשעדיגט די אינטערעסען פון די ישיבות אין בבל.

נתן בר יצחק הבבלי האָט געעפענט א ישיבה אין פראנקרייך. זיין תלמיד'ס תלמיד איז געוועזען דער בעריהמטער רבנו גרשון, וועלכער איז געוועזען דער הויפּט פון א גרויסער ישיבה. דער נאָמען פון רבנו גרשון איז געוואָרען אזוי גרויס און אזוי בעריהמט, אז מען האָט איהם בעטיטעלט מיט'ן נאָמען „מאור הגולה“—די ליכט פון גלות. אלע אידישע קהלות פון פראנקרייך, דייטשלאנד און איטאליען האָבען זיך גענומען ווענדען צו איהם מיט זייערע שאלות וועגען אלערליי ענינים אנשטאָט צו דעם גאון רב האי פון פומבדיתא. רבינו גרשון האָט זעהר שטארק רעספּעקטירט רב האי גאון און האָט געהאט די העכסטע מיינונג פון זיין ישיבה. ער האָט גאָר קיינמאָל ניט געהאט ברעה

צו קאָנקורירען מיט דער ישיבה פון גאון, אבער אויסגעקומען איז דאָך, אז די ישיבה האָט צוליעב איהם פערלאָרען די שטיצע פון די דייטשע, פראנצויזישע און איטאַליענישע קהלות.

רבינו גרשון איז דער ערסטער, וואָס האָט געמאכט א פירוש אויף דעם תלמוד. בעריהמט איז ער נאָך עד היום מיט זיינע תקנות, וואָס ער האָט איינגעפיהרט. בערך אין יאהר 1001 האָט ער איינגערופען א גרויסע פערזאמלונג פון אלע קהלות פון די אויבענדערמאָהנטע לענדער, וואו עס זיינען אָנגענומען געוואָרען די פאָלגענדע תקנות: 1) די אבשאפונג פון פיעל־ווייבעריי; 2) די צושטימונג פוןביידע צדדים, פון מאַן און פרוי, אויף א גט. ביז דאמאלס איז דער פרוי'ס צושטימונג ניט נויטיג געווען; 3) די וואָס זיינען געצוואונגען געווען אָנצונעהמען דעם קריסטענטהום צוליעב די גזרות, מעגען זיך צוריקקעהרען צו דער אידישער אמונה און קיינער טאָר זיי עס ניט אויפוואַרפען. רבינו גרשון'ס זוהן איז אויך געווען איינער פון די געטויפטע; 4) ניט צו עפענען פרעמדע בריעף.

רבינו גרשון האָט אויך פרובירט שרייבען פיוטים, אבער זיי האָבען א גאַנץ קנאפּען פּאָעטישען ווערטה. מאנכע פון זיי זיינען אריין אין די סליחות. פון זיי קען מען זעהן די שרעקליכע לאגע פון די אידען אין פראנקרייך צו יענער צייט. איינע פאנגט זיך אָן: „וואו זיינען, גאָט, דיינע גרויסע וואונדער, וואָס אונזערע עלטערן האָבען אונז דערצעהלט?... פון צייט צו צייט ווערען די צרות מעהר, איין טאָג איז ערגער פאר'ן צווייטען, ניטאָ קיין כוחות צו טראָגען מעהר דעם יאָך. ביז וואנען, אָ גאָט, וועל איך דאַרפען רופען נאָך הילף?"

דאָס וואָס דער געפאנגענער נתן בר יצחק הבבלי האָט אויפגעטהאָן פאר דעם שטודיום פון תלמוד אין פראנקרייך, האָט דער אנדערער געפאנגענער משה בן חנוך אויפגעטהאָן פאר שפאניען. אָנקומענדיג אין ק א ר ד א ו ו א איז ער אריין אין בית־המדרש, וואו דער רב און דיין רבי נ ת ן האָט געלערנט תלמוד פאר זיינע תלמידים. שטעהענדיג ביים

טהיר האָט ר׳ משה דערהערט, אז דער רב האָט שלעכט פער־מייטשט דעם פּשט. ער האָט זיך ניט איינגעהאלטען און האָט איהם אויף דעם אויפמערקזאם געמאכט. רבי נתן, אנשטאט בייז צו ווערען, האָט זיך אבגערופען צו די תלמידים: „איך קען מעהר ניט זיין אייער רב און דיין; אָט יענער אָרעמאַן וואָס שטעהט ביים טהיר דארף עס זיין. איך וועל זיין זיינער א תלמיד.“

ר׳ משה איז באלד געוואָרען דער רב אין קאָרדאָווא, וואו ער האָט אויך געגרינדעט א ישיבה צו שטודירען דעם תלמוד. אין דעם איז איהם שטארק בעהילפיג געוועז דער אידישער מעצענאט ר׳ חסדאי אבן שאפרוט, וועלכער האָט געגעבען צו פערשטעהען דעם קאַליף, אז פאר איהם לוינט זיך בעסער, אז אין קאָרדאָווא זאָל זיין א תלמודישע ישיבה, כדי די אידען פון שפּאַניען זאָלען זיך ניט דארפען ווענדען מיט זייערע שאלות אין בבל, וואָס האָט בעלאנגט צו אן אנדער קאַליף.

אויף אזא אופן זיינען אויך די רייכע אידישע קהלות פון שפּאַניען אָבגעפאלען פון די גאונים. בלייבענדיג אָהן א געניגענדע הכנסה, האָבען זיך ענדליך די ישיבות אין גאנצען געמוזט פערמאכען, און דער טיטול „גאון“ איז אבגעשאפט געוואָרען.

דער אידישער קולטורעלער לעבען האָט אריבערגעוואנ־דערט פון אַזיע נאָך אייראָפּא. דעם פּלאַץ פון בבל האָט פערנומען שפּאַניען.



## IV.

די שווידערליכע לאגע פון די אידען אין שפאניען אונטער די קריסטליכע הערשער. — די לאגע ווערט בעסער אונטער די מאחמעדאנישע קאליפען. — מ נ ח ם ב ן ס ר ו ק און ד ו נ ש ב ן ל ב ר ט. — זייער איינפלוס אויף דער העברעאישער שפראך און דער העברעאישער פאעזיע. — א ל ד ד ה ד נ י ' ס וואונדער־מעשיות בעוועגען חסדאי'ן נאכצופרעגען זיך וועגען אידישע מלוכות. — חסדאי'ס בריעף צום קעניג פו זדי כאזארען און דעם קעניג'ס ענטפער. — חסדאי'ס פלאץ צווישען די אדיישע געלעהרטע און פאעטען.

---

ח ס ד א י ב ן י צ ח ק א ב ן ־ ש א פ ר ו ט איז געבא־רען געווארען אין ק א ר ד א ו ו א, שפאניען, אין יאהר 915. זיין פאטער, י צ ח ק, אליין א רייכער און געבילדעטער מענש פון דער פאמיליע א ב ן ע ז ר א, האט געגעבען זיין פעהיג־גען זון א גוטע און אן אלזייטיגע ערציהונג. ער האט דעם יונגען ח ס ד א י געלאזט לערנען ניט בלויז תלמוד, העברע־איש און אראביש, נאר אויך מעדיצין און די לאטיינישע שפראך.

זיינע ברייטע קענטניסע, איבערהויפט זיין בעקאנטשאפט מיט דער לאטיינישער שפראך, זיינען איהם זעהר שטארק צונוץ געקומען שפעטער, ווען ער איז געווארען א קרוב למלכות אין דעם הויף פון דעם דאמאלסדיגען קאליף א ב ד ו ל ר א ח־מ א ן (עבד־אל־רחמן), וועמעס פעהיגער דיפלאמאט ער איז געוועז און ביי וועמען ער האט פערנומען א שטעלע פון א מיניסטער פון אויסלענדישע אנגעלעגענהייטען.

פון אַלע אייראָפּעאישע לענדער איז שפּאַניען צו יענער צייט געווען כמעט דער איינציגער פּלאַץ, וואו די אידען זיינען בעהאנדעלט געוואָרען ווי מענשען, וואו זיי האָבען געהאט מעהר אָדער ווייניגער גלייכע רעכטע מיט די איבריגע בירגער פון לאַנד, וואו זיי האָבען פריי און אונגעשטערט זיך געקענט פיהרען לויט זייער רעליגיאָן און וואו זיי האָבען זאָגאר געהאט אַ געוויסע מאָאס פון זעלבסטשטענדיגקייט אין זייערע ציווילע אנגעלעגענהייטען. דאָס איז געווען צו פערדאנקען דעם אומשטאנד, וואָס שפּאַניען איז דאמאלס געווען אונטער דער הערשאַפט פון די אראַבישע מאַהאָמאַדענער, וועלכע זיינען ווייט ניט געווען אזוי ווילד, אזוי רעליגיעז־פאַנאַטיש, אזוי אונוויסענד און ענגהערציג ווי די קריסטען.

כל־זמן שפּאַניען איז געלעגען אונטער דער הערשאַפט פון די קריסטען, איז די אידישע לאגע געווען אונערטרעגליך. זיי האָבען געהאט אריבערצוטראָגען די שווידערליכסטע נגישות און רדיפות, וועלכע זיינען בשום אופן ניט געווען בעסער ווי די פערפאָלגונגען, וואָס די אידען האָבען געהאַט אויסצושטעהען פיעל שפּעטער, ווען די קריסטען זיינען ווידער געוואָרען די בעלי־בתים פון לאַנד. די רדיפות פון ערוויג און זיין נאָכפאָלגער עגיקא ביים ענדע פון זיבעטען און אָנפאנג פון אַכטען יאהרהונדערט זיינען פון דעם זעלבען טיפּ און כאַראַקטער, ווי די שפּעטערע פערפאָלגונגען אויף די אידען אין די צייטען פון פערדינאַנד, איזאַבעלא און זייער אינקוויזיטאָר טאָרקוועמאַדאַ. ערוויג, צום ביישפּיעל, האָט ארויסגעלאָזען אַ גזרה: „אַז אלע אידען, זייערע קינדער און אלע וואָס בעלאַנגען צו זיי, זאָלען אין פערלויף פון אַ יאהר זיך לאָזען אויס׳שמד׳ען. די וואָס וועלען זיך ענטזאָגען דאָס צו טהאָן זאָל מען אָבשינדען די הויט פון דעם קאָפּ און דעם שטערען, געבען צו הונדערט שמיץ, קאָנפיסקירען זייער איינענטהום און זיי ארויסטרייבען פון לאַנד.“ פיעלע פון דיא אידען האָבען אָנגענומען דעם קריסטליכען גלויבען לפנים וועגען, בלייבענדיג אין הארצען אידען און אבהיטענדיג זייער אמונה אין געהיים. דיעזע אנוסים" אָדער־

„מאראנען", דיעזע געצוואונגענע, האבען געהאט ספעציעלע צרות. מען האט זיי ניט געטרויט אפילו נאך זייער שמד; מען האט זיי שטענדיג חושד געווען, אז זיי היטען אב בשתיקה די אידישע אמונה. מען האט זיי דארום געשטעלט אונטער דער שטרענגסטער אויפזיכט פון די פרומע קאטוילישע גלחים. זיי האבען זיך ניט געקענט ריהרען פון ארט אהן א ספעציעלע ערלויבנים פון די גאט'ס סטראפצעס, און דיעזע ערלויבנים האבען זיי געקענט קריגען בלויז דאן, ווען זיי האבען געבראכט בעווייזע, אז זיי האבען זיך די גאנצע צייט אויפגעפיהרט ווי גוטע, פרומע קריסטען. די אידישע און די קריסטליכע ימים־טובים פלעגען זיי מוזען פערברענגען אין די קירכען אונטער דער השגחה פון די גלחים, כדי זיי זאלען ניט קענען אבהיטען די אידישע ימים־טובים און די אידישע מנהגים.

די דאזיגע פערפאלגונגען האבען געטריעבען די אידען און די „אנוסים" צו פערצווייפלונג. זיי זיינען געווארען פער־בימערטע שונאים פון דעם לאנד, וואס האט געמאכט זייער לעבען אונערטרעגליך. זיי האבען געזוכט א געלעגענהייט ווי זיך נוקם צו זיין אן זייערע פייניגער. און זייער געלעגענהייט איז געקומען, ווען דער מאהאמעדאנישער גענעראל טאריק איז אין אנפאנג פון אכטען יאהרהונדערט געקומען אין שפאניען מיט א גרויסער ארמעע. די אידען האבען זיך מיט איהם פעראייניגט און האבען איהם געהאלפען מאכען א סוף צו דער קריסטליכער הערשאפט מיט דער קריסטליכער אונ־טאלעראנץ.

זינט דאן האט זיך די לאגע פון די אידען אין שפאניען אנגעפאנגען צו פערבעסערען. די קאליפען האבען זיך ארויס־געוויעזען בעסערע און טאלעראנטערע הערשער ווי זייערע קריסטליכע פארגענגער. די פערבעסערונג פון דער פאליטי־שער און עקאנאמישער לאגע פון די אידען האט אויך געבראכט צו א פערבעסערונג אין זייער קולטורעלען צושטאנד; די אידען האבען זיך אנגעפאנגען אבצוגעבען מיט די וויסענ־שאפטען און די פאעזיע.

אין דעם זיינען די אידען שטארק בעאיינפלוסט געוואָרען פון די אראבער. ביי די לעצטע האָט די ליעבע צו דער וויסענשאַפט און צו פּאָעזיע, הויפּטזעכליך צו פּאָעזיע, דערגרייכט די העכסטע מדרגה. „א גוטע פּאָעמא איז מעהר געפּייערט געוואָרען ווי א געוואונענע מלחמה. דאָס אליין איז געווען בעטראכט פאר אזא וויכטיגע פּאסירונג, אז מען האָט לכבוד דעם גופא, לכבוד דער פערפאסונג פון א גוטען ליעד, געשריעבען ליעדער. יעדער אריסטאָקראט, אנפאנגענדיג פון קאָליף ביז ארונטער, איז געווען שטאָלץ צו האָבען צווישען זיינע בעקאנטע געלערנטע און פּאָעטען. די געלערנטע און פּאָעטען פלעגען אָנפערטרויט ווערען מיט די וויכטיגסטע רעגיערונגס-שטעלען.“ (גרעטץ).

אונטער דיעזע גינסטיגע אומשטענדען האָט חסדאי אָנגעפאנגען זיין טהעטיגקייט, וועלכע איז בעשטאנען אין דעם צו גרינדען אין שפּאניען א צענטער פון אידישע געלערנטקייט און פּאָעזיע. ער האָט דערמיט ניט בעצוועקט ארונטערצורייסען די אויטאָריטעט פון די גרויסע ישיבות אין בבל. ער איז, פערקעהרט, געווען זעהר פריינדליך צו זיי; ער האָט זיך אינטערעסירט אין זייער לאגע און האָט זיי געשטיצט מיט געלד. ער האָט זיך זאָגאר איבערגעשריעבען מיט סעדיה גאון'ס זוהן, דוסא, וועגען דעם צושטאנד און די לאגע פון די אידען אין בבל, אבער ער האָט אין דער זעלבער צייט געזוכט, אז שפּאניען זאָל האָבען אן אייגענעם אידישען צענטער און זאָל ניט דארפען זיין אבהענגיג פון די ישיבות.

די דריי מענשען, וועלכע האָבען איהם געהאָלפען אין זיין ארבייט זיינען געווען משה בן חנוך, מנחם בן סרוק און דונש בן לברט (דונאש בן לאבארט). דער ערסטער איז געווען דער געפאנגענער געלעהרטער פון בבל, וועגען וועמען עס איז שוין גערעדט געוואָרען אין פאָריגען קאפּיטעל. ער איז געוואָרען דער רב אין קאָרדאָווא און האָט דאָרט, מיט דער הילף פון חסדאי, געגרינדעט א גרויסע תלמודישע ישיבה.

מ נ ח ם  ב ן  ס ר ו ק  איז געווען איינער פון די ערסטע און וויכטיגסטע שפּראַך־פאָרשער אין העברעאיש. ער האָט פער־פאַסט א פאָלשטענדיגען העברעאישען ווערטערבוך: „מחברת“, וועלכער האָט איהם פערשאַפט א גרויסען נאָמען און מעהרערע תלמידים און אנהענגער. א געבאָרענער אין ט א ר ט א ס א איז ער אין זיינע יונגע יאָהרען געקומען אין ק א ר ד אָ ו ו א, וואו חסדאי׳ס פאטער, י צ ח ק, האָט איהם מקרב געווען און געשטיצט אין זיין ארבייט. נאָך זיין טויט איז מ נ ח ם צוריק אָבגעפאָהרען אין ט א ר ט א ס א, וואו ער האָט פערבראַכט דעם לעבען פון אַן אָרעמען געלעהרטען. צווישען איהם און ח ס ד א י איז א פּנים שוין דאַן ניט געווען קיין שטאַרקע פריינדשאפט. דער רייכער חסדאי האָט מסתמא ערוואַרטעט פון מנחם׳ען מעהר חניפה, אויף וואָס דער לעצטער איז ניט געווען פעהיג. ערסט שפּעטער, ווען חסדאי איז דערהויבען געוואָרען צו זיין גדולה אין קאַליף׳ס הויף און ער האָט זיך געניטיגט אין א פעהיגען סעקרעטאַר און בריעף־שרייבער, האָט ער צוריק איינגעלאַדען מנחם׳ען אין קאָרדאָוואַ און האָט איהם געהאַלטען מיט זיך. מנחם בן סרוק איז א לאַנגע צייט פערדרעכענט געווען אַלס גרויסער אויטאָריטעט, און ר ש " י פערלאָזט זיך גאַנץ אָפט אין זיינע פּירושים אויף איהם.

ד ו נ א ש  ב ן  ל א ב ר א ט (דונאש בן לברט) איז געבאָרען געוואָרען אין פעטץ. אין זיינע יונגע יאהרען איז ער געווען א תלמיד פון ס ע ד י ה  ג א ו ן אין דער ישיבה פון ס ו ר א. מאַנכע זיינען זאָגאר מיט דער מיינונג, אַז ער איז געווען סעדיה׳ס אַן אייניקעל. דאָס איז אבער ניט זיכער. נאָך סעדיה׳ס טויט האָט ער זיך צוריקגעקעהרט קיין פעטץ, פון וואַנען ער איז שפּעטער אריבערגעקומען אין קאָרדאָוואַ.

אָנקומענדיג אהין האָט ער פערשטאַנען ווי אַזוי געפעלען צו ווערען דעם שטאָלצען ח ס ד א י. ער האָט לכבוד איהם פערפאַסט לידער, אין וועלכע ער האָט איהם גע׳חנפ׳עט און געלויבט ביז׳ן הימעל. אין דער זעלבער צייט האָט ער אויך אָנגעשריעבען א בייזע און שאַרפע קריטיק געגען מ נ ח ם׳ס

אויבענדערמאָהנטע ווערק אונטער דעם נאָמען „תשובות". ער האָט זיך זאָגאר ערלויבט צו פערדעכטיגען זיין געגנער אין ניט־פרומקייט. צי האָט דונאש געברויכט אזא טאָן, ווייל ער איז בטבע געווען א מענש מיט א הייסען טעמפּעראמענט און ער האָט זיך אפילו ערלויבט ארויסצוטרעטען שאַרף געגען סעדיה גאון, אָדער ווייל ער האָט געוואָלט פערנעהמען מנחם'ס פּלאַץ ביי חסדאי, איז ניט קלאָר. עס איז איהם אָבער געלונגען, אויף א קורצער צייט וועניג־סטענס, צו געווינען חסדאי'ן אויף זיין זייט. דער תקיף חסדאי האָט זעהר שלעכט בעהאַנדעלט דעם אָרימען געלעהר־טען מנחם, ווען ער האָט ארויסגעטריבען פון זיין הויז. מנחם האָט איהם דאַן געשיקט א בריעף, וועלכער פאנגט זיך אָן: „הער צו מיינע רייד, דו גרויסער הערשער. פון ליים ביזטו ווי איך געמאכט, און מיין שעפער איז אויך דיינער. מיר זיינען אַלע שטויב און אונזערע טעג זיינען ווי שאָטענס. די מעכטיגע וועלכע האָבען אַלץ און די אָרעמע וועמען אַלץ פעהלט, וועלען ביידע גלייך געהן אין זעלבען קבר."

מאנכע היסטאָריקער זיינען מיט דער מיינונג, אז מנחם בן סרוק איז צוריק געוואָרען פריינד מיט חסדאי'ן, אָבער דאָס איז ניט זיכער.

מנחם בן סרוק האָט ניט געענטפערט אויף די אטאַ־קען פון דונאש, אבער דערפאר האָבען זיך אָבגערופען זיינע תלמידים און האָבען זיך אָנגענומען דעם כבוד פון זייער רבי'ן. צווישען זיי האָט זיך אויך געפונען דער בעקאנטער שפּראַך־פאָרשער ר' יהודה בן דוד חיוג. די דעבאַטען צווי־שען ביידענס תלמידים האָבען זיך פערצויגען לאַנג נאָך זייער ביידענס טויט. זיי זיינען ניט שטענדיג געפיהרט געוואָרען אין אַן אנשטענדיגען טאָן, אבער זיי האָבען דאָך געבראַכט גוטע רעזולטאטען, ווייל דאָס האָט געצוואונגען ביידע צדדים זיך צו פערטיעפען אין דער פאָרשונג פון דער העברעאישער שפּראַך. די אויספאָרשונג פון דער שפּראַך האָט זעהר פיעל ביי־געטראָגען צו דער ווייטערער ענטוויקלונג פון דער העברע־אישער פּאָעזיע. די שפּעטערע פּאָעטען האָבען שוין געפונען

א פּאַרטיגע אויסגעאַרבייטע שפּראַך, א פּאַרטיגע כלי, מיט וועלכע צו אַרבייטען.

וואָס פאַר א מיינונג מען זאָל ניט האָבען וועגען דונאַש'ען אלס פּערזאָן, מוז מען אבער צוגעבען, אז ער האָט געהאַט א גרויסע בעדייטונג אין דער ענטוויקלונג פון דער העברעאישער ליטעראַטור. זיין הויפּט־פּערדיענסט איז בעשטאַנען אין דעם, וואָס ער איז געווען דער ערסטער איינצופיהרען אין דער העברעאישער פּאָעזיע דעם מעטער, וועלכען ער האָט מיט קליינע ענדערונגען איבערגענומען פון די דאַמאַלסדיגע אראבישע פּאָעטען. אויך פאַר איהם פלעגען די אידישע „פּייטנים" שרייבען אין גראַמען, אבער פון א מעטער האָבען זיי נאָך ניט געוואוסט. דונאַש האָט אויפגעטהאָן נאָך א וויכטיגע זאַך: ער האָט די העברעאישע פּאָעזיע ארויסגעטראָגען פון די שוהלען און בתי מדרשים אויפ'ן גאַס. ביז איהם פלעגען די אידישע פּייטנים" בלויז שרייבען תפילות און בקשות, קנות און סליחות; ער האָט אָנגעפאַנגען צו שרייבען פּאָעזיע אויך איבער וועלטליכע זאַכען, איבער וואָכעדיגע ענינים.

מיט דער הילף פון דיעזע דריי מענשען איז חסדאי'ן געלונגען דורכצופיהרען זיין פּלאַן, צו מאַכען אין קאָרדאָווא א צענטער פון אידישע געלעהרטע און פּאָעטען. וועגען געלד איז קיין מניעה ניט געווען. חסדאי איז געווען זעהר רייך און האָט קיין געלד ניט געשפּאָרט. אויב אפילו ער איז געווען אונגערעכט אין זיין האַנדלונג געגען מנחם'ען, איז חסדאי אבער בכלל געווען א מענש, וואָס האָט געשטיצט און בעזאָרגט מיט אלעם נויטיגען די וואָס האָבען זיך געלערענט. ער האָט, צום ביישפּיעל, בעזאָרגט די תלמידים מיט קאָפּיעס פון תלמוד, וועלכע ער האָט געקראָגען פון דער סורא'ר ישיבה. דאָס איז דאַמאַלס, אין דער צייט ווען קיין דרוק איז נאָך ניט געווען און די ספרים האָבען געמוזט איבער־געשריעבען ווערען, געווען פערבונדען מיט גרויסע הוצאות.

זייענדיג שטאַרק פעראינטערעסירט אין דער לאַגע פון די אידען אין שפּאַניען, אָנווענדענדיג אלע מעגליכקייטען זיי

צו העלפען אין אַלע הינזיכטען, איז חסדאי ניט געבליבען גלייכגילטיג אויך צו דער לאַגע פון די אידען און די אנדערע לענדער. דער קלאַנג, אז ערגעץ־וואו עקזיסטירט אַ מעכטיגע אידישע מלוכה איז דאמאלס געווען שטאַרק פערשפּרייט. מיט עטליכע צעהנדליג יאהר פריהער, ביים ענדע פון נײנטען יאהרהונדערט, האָט זיך פּלוצלינג בעוויזען אַ מאַן מיט דעם נאָמען „אלדד הדני", איינער פון די אינטערעסאַנ־טעסטע און מערקווירדיגסטע טיפּען אין דער אידישער געשיכטע. פון וואנען ער האָט זיך גענומען און ווער ער איז געווען ווייס מען נאָך עד היום ניט. מאַנכע היסטאָריקער זיינען מיט דער מיינונג, אז ער איז געווען אַ פערשטעלטער קאַראַאים, וועלכער האָט געוואָלט מאכען פּראָפּאַגאַנדא פאר זיין סעקטע. זיי דרינגען עס דערפון וואָס מאַנכע פון די דינים, וועלכע ער גיט אָן שטימען ניט מיט די דינים פון תלמוד. אנדערע זיינען מיט דער מיינונג, אז ער איז געווען אַ רייזענדער מיט אַ צו גרויסער פאַנטאַזיע; אנדערע ווידער דענקען, אז ער איז געווען אַ פּשוט'ער שאַרלאַטאַן און אַן איינפאַכער ליגנער. דאָ איז אבער ניט דער פּלאַץ זיך צו פערשפּרייטען וועגען איהם. פאַר אונזער צוועק איז גענוג צו וויסען, אז דער דאָזיגער אלדד הדני האָט בעזוכט פיעלע אידישע קהלות אין בבל, אין אַפריקאַ און אויך אין שפּאַניען און האָט דאָרטען דערצעהלט אלערליי וואונדער־מעשיות וועגען די פערשיעדענע אידישע מלוכות, וואָס געפינען זיך אין פערשיעדענע געגענדען. ער האָט דערצעהלט וועגען די „בני משה", וועגען די צעהן שבטים, וועגען דעם טייך „סמבטיון". ער האָט עס דערצעהלט מיט אַלע איינצעלהיי־טען, אזוי ווי ער אליין וואָלט דאָרטען געווען און אַלץ אויס־געשטודירט. ער האָט דערצעהלט וועגען זייער אַרט לעבען, ווי זיי פיהרען זיך אויף, וועגען זייערע דינים און מנהגים. ער אליין, זאָגט ער, שטאַמט פון שבט דן, און דערפאַר הייסט ער „הדני". ווי אזוי ער קומט אהער, האָט ער ווידער דער־צעהלט אַ וואונדער־מעשה פון אַ שיף־ברוך. ווי אזוי זיין שיף איז צובראָכען געוואָרען און ווי אזוי ער איז אריינגעפאַלען

צווישען קאניבאלען, ווי די קאניבאלען האבען איהם גענומען קארמענגען ער זאל ווערען פעט, כדי זיי זאלען איהם נאכדעם אבבראטען און אויפעסען. ווי אזוי די קאניבאלען זיינען בעפאלען געווארען פון אן אנדער ווילדען שטאם, וואס דיענט צו פייער, און ווי זיי האבען איהם גענומען געפאנגען. פיער יאהר איז ער געווען א געפאנגענער. דאן האבען זיי איהם פערקויפט פאר א שקלאף. ענדליך האבען איהם אידען אויסגעלייזט, און אזוי קומט ער אהער. און אזוי ווי אלדד האט גערעדט א ריינעם העברעאיש און איז געווען א למדן, האט מען איהם געגלויבט, נים בלויז דער פראסטער עולם, נאר אפילו אויך די געלעהרטע און די גאונים.

דיעזע בשורות פון אלדד הדני האבען געווירקט ווי באלזאם אויף די אידישע וואונדען. די אידען האבען זיך דורכדעם איבערצייגט, אז גאט האט זיי נאך נים פערלאזען, אז עס געפינען זיך נאך אידישע שטארקע מלוכות אויף דער וועלט און אז פריהער אדער שפעטער וועלען זיי אויך אויסגעלייזט ווערען. דאס האט זיי געגעבען נייעם מוטה אריבערצוטראגען זייערע צרות. „עס איז מעגליך, אז דאס איז טאקע געווען דער ציעל פון אלדד׳ס פאנטאסטישע מעשיות“. (שטיינשניידער).

דיעזע מעשיות פון אלדד הדני זיינען אויך בעקאנט געווען צו חסדאי, אין וועלכע אויך ער האט געגלויבט. זייענדיג אין קאליף׳ס הויף און קומענדיג אין בעריהרונג מיט די אלע שלוחים און אמבאסאדארען פון די פערשיעדענע לענדער, האט ער שטענדיג געהאלטען אין נאכפרעגען וועגען די אידען און אידישע מלוכות. ענדליך איז ער געקומען אויף א שפור. מען האט איהם דערצעהלט פון די כאזארען, א שטארק און קריעגעריש פאלק, וואס האלט זיך אן דער אידישער אמונה און האט אידישע קעניגע.

חסדאי האט זיך באלד גענומען צו זוכען מיטלען, ווי אזוי צו קומען אין פערבינדונג מיט דעם דאזיגען אידישען קעניג, וועלכען ער האט גערעכענט פאר איינעם פון אידישער אבשטאמונג. דאס איז איהם אויך געלונגען. אין א שעהנעם

לאַנגען בריעף, געשריעבען מיט מליצות און פול מיט שבחים, האָט ער דעם קעניג, וועמעס נאָמען עס איז געווען יוסף, געלאָזט וויסען ווער ער איז און וואָס ער וויל. „גאָט אַליין וויים", שרייבט ער אין דעם דאָזיגען בריעף, „אז איך האָב זיך ניט געוועגדעט צו אייער קעניגליכע מאַיעסטעט פון מיין כבוד וועגען. איך וויל אויספאָרשען און וויסען דעם אמת, אויב עס געפינט זיך נאָך ערגעץ אַ פּלאַץ, וואו עס איז דאָ אַ אידישע קעניגרייך, וואו אידען ווערען ניט אונטערדריקט, וואו מען געוועלטיגט ניט איבער זיי... און ווען איך וואָלט געוואוסט, אז דאָס איז אמת, וואָלט איך פער'מיאוס'ט מיין כבוד, פערוואָרפען מיין גדולה, פערלאָזען מיין משפחה און וואָלט געגאַנגען פון באַרג צו טהאָל ביז וואַנען איך וואָלט געקומען צו דעם פּלאַץ, וואו מיין הערר טהוט רוהען, צו זעהען זיין גרויסקייט."

חסדאי'ס בריעף האָט געגרייכט דעם קעניג, וועלכער האָט גלייך געשיקט אַן ענטפער. ער האָט איהם ערקלערט אז די כאַזאַרען שטאַמען ניט אָב פון די אידען, אז זיי זיינען פריהער געווען געצענדיענער, און דער ערסטער וואָס האָט אָנגענומען די אידישע אמונה איז געווען בולאַן. זיין נאָכפאָלגער עובדיה (שוין אַ אידישער נאָמען) האָט פערשטאַרקט די אמונה אין גאַנצען לאַנד. ער האָט איינגעלאַדען אידישע געלעהרטע, האָט אויסגעבויט שוהלען און חדרים, וואו מען האָט געלערנט דעם עולם תנ"ך, משנה און תלמוד, און „די הייליגע תפילות פון די חזנים". עובדיה'ס נאָכפאָלגער איז געווען חזקיה; נאָך איהם האָט געקעניגט מנשה, דאַן חנוכה, דאַן יצחק, דאַן משה, דאַן ניסי, דאַן אהרן, וועמעס זוהן ער, יוסף, איז.

אַ לאַנגע צייט האָט מען געצווייפעלט אין די עכטקייט פון די דאָזיגע בריעף, הויפּטזעכליך אין דעם ענטפער פון קעניג. איצטער זיינען כמעט אַלע היסטאָריקער מסכים, אז די בריעף זיינען עכטע. צו דיזער איבערצייגונג האָבען פיעל בייגעטראָגען די פאָרשונגען פון דעם רוסיש־אידישען געלעהרטען אברהם אליהו הארקאווי.

א חוץ די איבערזעצונג פון א מעדיצינישען בוך אין אראביש, וואס חסדאי האט געמאכט, איז פון איהם גאר ניט געבליבען. דער בריעף צום כאזארישען קעניג איז געשריבען געווארען פון מנחם בן סרוק.

* * *

צווישען די אלע גרויסע פאעטען, פילאזאפען און גע־לעהרטע, וואס די אידען פון שפאניען האבען ארויסגעגעבען פון זיך, פערנעהמט חסדאי אבן־שאפרוט א בעזונדערען פלאץ. ער אליין קען ניט בעטראכט ווערען אלס איינער פון זיי; ער האט זיך ניט אויסגעצייכענט אויף קיינע פון די דאזיגע געביעטען, אבער אין א געוויסען זין איז ער דער פאטער פון זיי אלעמען. ער איז געוועזן דער יעניגער, וועלכער האט פערפערטיגט דעם באדען און געמאכט מעגליך, אז זיי, די פאעטען און פילאזאפען, זאלען קענען ארויס־שפראצען, וואקסען און ענטוויקלען זיך.

## ד.

ר׳ שמואל הנגיד און זיין יוגענד. — ווי אזוי ער איז געווארען א וויזיר. — זיינע תלמוד׳ישע ווערק. — זיינע ליעדער. — די פּאעטען פון יענער צייט און זייער פערשקלאפונג צו דער פארמע. — מאנכע פון זיינע וועניגער־בעריהמטע צייט־גענאסען. — ר׳ יצחק אבן נאות און זיין פּאעזיע.

„אין דיא צייטען פון ר״ חסדאי האָבען זיי (דיא פּאָעטען) ערסט אָנגעפאנגען צו שוויסטשערען; אין דיא צייטען פון ר״ ש מ ו א ל ה נ ג י ד האָבען זיי שוין געזונגען אויפ׳ן קול״. מיט דיא דאָזיגע ווערטער כאראקטעריזירט דער היסטאָריקער און פילאָזאָף א ב ר ה ם ־ א ב ן ־ ד א ו ד, וועלכער האָט געלעבט עטוואָס שפּעטער, דעם גרויסען פּאָרשריט, וואָס דיא העברעאישע פּאָעזיע האָט געמאכט אין דעם משך פון די עטליכע צעהנדליג יאָהרען, צווישען חסדאי און שמואל הנגיד.

אן אנדער בעריהמטהייט פון בערך יענער צייט, דער פּאָעט און פילאָזאָף מ ש ה א ב ן ע ז ר א, דריקט זיך אויס וועגען דעם דור פון ר״ שמואל הנגיד: „דיא קעניגרייך פון וויסענשאפט איז דערהויבען געוואָרען פון איהר ניעדריגען צושטאנד, און דער שטערען פון וויססען האָט ווידער א מאָל אויפגעשיינט. גאָט האָט איהם בעשאָנקען מיט א שכל, וואָס קען דערגרייכען די העכסטע ספערען און בעריהרען די הימלען, כדי ער זאָל קענען ליעב האָבען דיא פּאָרשונג און די יעניגע וואָס גיבען זיך אָפּ דערמיט״.

ר׳ שמואל הנגיד איז געבארען געווארען אין ק א ר ד א־ ו א, שפאניען, אין יאהר 993. זיין רבי אין תלמוד איז גע־ ווען ח נ ו ך, דער זוהן פון דעם ר״ משה, וועלכער האט, אונ־ טער דער אויפזיכט פון ח ס ד א י, געגרינדעט דיא ערשטע גרויסע תלמודישע ישיבה אין ק א ר ד א ו א. זיין רבי אין העברעאיש איז געווען ר״ יהודה חיוג (חאיוג), א תלמיד פון מנחם בן סרוק. א חוץ דעם האט ער אויך געלערענט אראַ־ ביש, לעטייניש און דיא בערבערישע שפראכען.

ווען ער איז אלט געווארען צוואנציג יאהר איז ער גע־ צוואונגען געווען צו פערלאזען ק א ר ד א ו א. דיא גרויסע אראבישע מלוכה אין שפאניען איז צוליעב מלחמות און אינ־ נערליכע רייסערייען צופאלען אויף פיעלע קלענערע מלוכות, און אנשטאט איין קאליף זיינען געווארען מעהרערע קאליפען. יעדע פראווינץ איז געווארען א בעזונדערע קעניגרייך, וואס האט זיך געהאט איהרע הערשער, פונקט וויא דאס איז געווען אין דייטשלאנד און איטאליען נאך ביז נים לאנג צוריק. אין יאהר 1013 איז ס ו ל י י מ י ן, דער קעניג פון ב ע ר ב ע־ ר י, אריבערגעקומען מיט אן ארמעע פון אפריקא אין קאר־ דאווא, האט בעזיעגט דעם קאליף און חרוב געמאכט דיא שטאדט. צווישען דיא אידען, וואס זיינען פון דארטען אנט־ לאפען געווארען האט זיך אויך געפונען ר״ שמואל הנגיד.

ער האט זיך בעזעצט אין מ א ל א ג א, נים וויים פון ג ר א נ א ד א. דארטען האט ער געעפענט א קליין געשעפט, פון וועלכען ער האט זיך געצויגען זיין פרנסה, אבגעבענדיג זיך אין דער זעלבער צייט מיט דעם שטודיום פון תלמוד, פאע־ זיע און דיא וויסענשאפטען. אין זיין ארעמקייט און צוריק־ געצויגענהייט האט ער פון דעסטוועגען נים אויפגעגעבען דיא האפנונג, אז ער וועט נאך שפיעלען א גרויסע ראלע. פון יע־ נער צייט איז געבליעבען זיינע א ליעד, וועלכע כאראקטערי־ זירט זיין געמיטה׳ס צושטאנד:

„נשמה מאשר תתאו נרועה,
ונפש מאשר תשאל מנועה,
וגוף שמן, ושבע נדשן —

ונפשו הכבודה לא שבעה.
ואיש ענו מהלך על אדמה —
ומחשבתו עלי שחק שרועה"...

(א נשמה, וואס קען ניט דערגרייכען איהר פערלאנג, ווענעם וואונש עס קען ניט ווערען ערפילט. וואס טויג דער צופריע־דענער און זאטער גוף, ווען דיא נשמה בלייבט הונגעריג? א בעשיידענער מענש, וואס געהט אויף דער ערד, און זיינע געדאנקען שפּארען צום הימעל).

עס האט ניט לאנג גענומען און ר" ש מ ו א ל ה נ ג י ד'ס שטרעבען איז ערפילט געוואָרען. א שקלאפין פון דעם וויזיר א ב ן ־ א ל א ר י ף פלעגט צו איהם אריינקומען שרייבען איהרע בריעף. דער וויזיר, וועלכער איז נתפעל געוואָרען פון דער שעהנער האנדשריפט און פון דער שעהנער שפּראך, האט, ערפאהרענדיג ווער דער שרייבער איז, איהם איינגעלאדען צו זיך אין גראנאדא, און האט איהם אנגעשטעלט ביי זיך אלס זיין פּריוואט־סעקרעטער. זיין קלוגשאפט און טיעפע קענטניס האט געבראכט דערצו, וואס דער וויזיר האט איהם עטוואס שפּעטער געמאכט פאר זיין גאנצען בעל־יועץ.

ווען א ב ן ־ א ל א ר י ף איז קראנק געוואָרען און דער קעניג ה א ב ו ס איז איהם געקומען צום בעזוך, האט דער וויזיר פערטרויט דעם קעניג, אז זיין אמת'ער בעל־יועץ איז געוועזען דער איד ש מ ו א ל, און אז ער איז דארום דער פּאַסענדסטער מענש צו זיין דעם קעניג'ס ראטה־געבער. נאך א ב ן ־ א ל א ר י ף'ס טוידט האט שמואל הנגיד פערנו־מען דיא שטעלע פון דעם וויזיר. אויף אזא אופן איז דער אָרעמער אידישער קרעמער געוואָרען דער פאקטישער הערשער פון דעם קעניג ה א ב ו ס'ע ס מדינה. זיין אמט האט ער פערטראָטען מיט גרויס פעהיגקייט, און זיינע צייט־גענאָסען, סאי אידישע, סאי אראבישע, קענען זיך גאר ניט אָפּלויבען פון זיין גרויס חכמה און עהרליכקייט. דעם זעלבען אמט האט ער אויך פערנומען, ווען דער קעניג ה א ב ו ס איז געשטאָר־בען און זיין זוהן ב א ד י ש האט פערנומען דעם טראָהן. שמואל הנגיד איז ניט בלויז געוועזען מיניסטער פון אויסערלי־

כע אנגעלעגענהייטען און דיפלאָמאַט, נאָר אויך אַ גענעראַל און מלחמה פיהרער. אין אַ זאַמלונג פון זיינע ליעדער, וואָס איז ארויסגעגעבען געוואָרען פון א ב ר ה ם א ל י ה ו ה א ר ק א ו ו י, געפינט זיך אַ גרויסע פּאָעמאַ אין וועלכע ער דאַנקט גאָט פאַר דעם גרויסען נצחון, וואָס ער האָט געהאַט איבער דיא אַרמעען פון פיינד. דאָרטען געפינט זיך אויך אַ בריעף, געשריעבען אין דיא פּאָרמע פון אַ ליעד, וועלכען ער האָט געשיקט פון שלאַכטפעלד דורך אַ טויב צו זיין זוהן. דער בריעף פאַנגט זיך אָן:

„שלח יונה מבשרת ואם היא לא מספרת
באגרת קטנה אל כנפיה מחברת“ ...

(איך שיק דיר דורך די טויב די בשורה. זי קען ניט ריידען, אָבער זיא האָט אַ קליין בריעף צו איהרע פליעגלען צוגעבונדען).

זיין גרויסע שטעלע אַלס מלוכה־מענש האָט איהם ניט געשטערט אין זיין ארבייט צו דערהויבען דעם קולטורעלען צושטאַנד פון דעם אידישען פּאָלק. זיין גאַנצע רייכקייט און זיין גרויסע מאַכט האָט ער אָנגעווענדעט צו פערבעסערען דיא אידישע לאַגע איבעראַל, וואו ער האָט געקענט דערגרייכען; צו שטיצען דיא ארעמע געלעהרטע און פּאָעטען און צו פערשפּרייטען צווישען די אידען בילדונג און געלערנטקייט.

א חוץ דיא שטעלע פון אַ וויזיר איז ער אויך געווען רב און ראש־ישיבה אין ג ר א נ א ד א. ער איז געווען איינער פון דיא גרעסטע תלמודיסטען אין זיין צייט. ער האָט געפסק'ענט שאלות און געשריעבען „תשובות“ אויף פערשיעדענע תלמודישע פראַגען, וועלכע מען האָט איהם אָנגעפרעגט. פון זיינע תלמודישע שריפטען איז געבליעבען דער „מבוא התלמוד“, אַן איינלייטונג צום תלמוד. פון דיזער איינלייטונג, וועלכע געפינט זיך געדרוקט אין אלע בעסערע ש"ס אויסגאַבען, איז צו זעהן, אַז ער איז געווען אַ מענש מיט אַ וויסענשאַפטליך־דיסציפּלינירטען שכל. דיא שפּראַך איז קורץ, ריין, קלאָהר און פּשוט. נאָכדעם וויא ער גיט איבער בקיצור

א היסטאָרישע רשימה פון דיא פאָרשטעהער פון דער טראַ־דיציע (תורה שבעל פה) אין יעדען דור ביז איהם, נעהמט ער זיך צו געבען קורצע ערקלעהרונגען וועגען די טעכנישע אוים־דריקע, וואָס געפינען זיך אין תלמוד: וואָס הייסט „תובתא“, וואָס הייסט „ורמינהו“ און אזוי כסדר, אויף דעם זעלבען ארט זויא עס ווערט געטהאָן איז א מאָדערנעם טעקסט־בוך פון אירגענד וועלכער וויסענשאפט. זייענדיג אליין א פרומער און ניט צווייפלענדיג אין דער היילינקייט פון תלמוד, איז ער דאָך געווען דער ערשטער, וועלכער האט זיך ערלויבט צו זאָגען וועגען דיא „הגדות“ פון תלמוד, „אז מען דארף פון זיי בלויז לערנען זאכען, וואָס לייגען זיך אויפ׳ן שכל“

ער האָט געשריעבען זעהר פיעל ליעדער סאי אין העברע־איש און סאי אין אראביש. עס ווערט דערצעהלט, אז ער האָט אָנגעשריעבען א ליעד אין זיעבען שפּראכען לכבוד דעם קעניג. אין העברעאיש זיינען געווען זיינע דריי פּאָעטי־שע זאמלונגען. איין זאמלונג האָט געהייסען „בן תהלים“, וואו עס האָבען זיך געפונען תפילות און הימנען; א צווייטע זאמלונג האָט געהייסען „בן־משלי“, וואו עס האָבען זיך גע־פונען עפיגראַמען און שפּריך־ווערטער; א דריטע זאמלונג האָט געהייסען „בן־קהלת“, וועלכע האָט ענטהאלטען פילאָ־זאָפישע געדאנקען און בעטראכטונגען וועגען דער וועלט און דעם מענשען. פון דיא אלע זאמלונגען איז גאנץ ווייניג גע־בליעבען; דער בן־קהלת איז אין גאנצען פערלאָרען געגאנגען.

ווי א מענש פון דער גרויסער וועלט, האָט ער געשריע־בען ליעדער איבער אלערליי טהעמען, ניט בלויז פרומע תפלות. ער האָט געשריעבען וועגען ליעבע, וועגען פריינד, וועגען לעבענס־קלוגהייט און אזוי ווייטער. פון דיא עטליכע ביישפּיעלע, וואָס ווערען דאָ געבראכט איז דיא ערשטע א פראַגמענט פון א ליעבעס־ליעד. די איבריגע זיינען קורצע עפּיגראַמען:

תרופה בפניה ועל חוט שפתיה
ומות בעניה ותחת למדיה

אשחק בעת תרצה ותשחק בעת אקצוף
רצונה יחדני וקצפי יחדיה.

(אויף איהר פנים און אויף איהרע ליפען ליגט א היילונג; אין איהרע אויגען און אונטער איהרע קליידער ליעגט דער טוידט. איך לאך ווען זיא וויל און זיא לאכט ווען איך בין בייז; וויל זיא ווער איך פרעהליך, ווער איך בייז פאנגט זיא אן לאכען).

אשר יגע וקנה לו ספרים
ולבו מאשר בם ריק וריקם —
כפסח אשר חקק עלי קיר
דמות רגל, ובא לקום ולא קם.

(דער וואס האט זיך אנגעקויפט ספרים און האט זיי ניט געלערנט, איז געגליכען צו א הינקעדיגען, וואס האט אויסגעמאלט א פוס אויפ'ן וואנט און וויל דערמיט געהן).

בדבר רך תדבר אל שלשה
ואם ענו לך עזות וקשה;
אלי מלך בך ישלוט ואל איש
אשר חלה חלי כבד, — ואשה.

(צו דרייען זאלסטו רעדען עדעל אפילו ווען זיי קומען דיר אן גראב: צו דעם קעניג וואס טהוט איבער דיר הערשען, צו א מאן וואס איז אויפגעשטאנען פון א שווערער קראנקהייט, און — צו א פרוי).

פון דיא ליעדער, וואס זיינען פון איהם געבליעבען זעהט מען ניט ארוים קיין גרויסען טאלאנט. עס פעהלט אין זיי דיא שעהנקייט און דיא שטארקייט, דעם טיעפען פיהלען און דיא גרויסע בעגייסטערונג, וואס מען געפינט ביי מאנכע פון דיא פריהערדיגע און ביי דיא מעהרסטע פון דיא שפעטערדיגע אידישע פאעטען. זיינע ליעדער צייכנען זיך מעהר אוים מיט זייער שכל'דיגען אינהאלט און שעהנע פארמע, וויא מיט דיא טיעפקייט פון דיא געפיהלען און פאעטישען שוואונג. א קריטיקער פון זיין צייט האט זיך אויסגעדריקט וועגען זיינע ליעדער: „זיי זיינען קאלט ווי די שנעע אויפ'ן בארג חרמון". איבריגענס, איינער האט דאן געמוזט האבען אן אויסער־

געוועהנליכען גרויסען טאַלאַנט, אום צו קענען איבערקומען דיא אַלערליי שוועריגקייטען, וואָס דיא דאַמאָלסדיגע פּאָע־טען האָבען זיך אַליין געשטעלט. זיי זיינען געווען שקלאַפען צו דער פאָרמע. א חוץ דעם גראַם און דעם מעטער, האָבען זיי אויך געשריעבען זייערע פערזען נאָכ'ן סדר פון דעם „אלף־בית" אָדער לויט דיא בוכשטאַבען פון זייערע נעמען. צוליעב דעם זיינען זיי מאַנכעס מאָל געווען געצוואונגען זאָגאר צו שרייבען געגען דעם גייסט און געגען דער גראַמאַטיק פון דער שפּראַך, שוין ניט רעדענדיג דערפון, וואָס דער געדאַנק איז גאַנץ אָפט ארויסגעקומען אזוי וויא איינגעקרעמפּט און גע־פּעטענט. פון די דאָזיגע אַלע געקינסטעלטע שוועריגקיי־טען האָבען געהאַט צו ליידען אפילו אזעלכע גאונים פון דער העברעאישער פּאָעזיע ווי משה אבן עזרא, שלמה בן גבירול און ר' יהודה הלוי. דיא קלענערע טאַלאַנטען האָבען נאַטירליך נאָך מעהר געליטען דערפון. דער־צו האָבען זיי גאַנץ אָפט אין זייערע פערזען געברויכט אַנדיי־טונגען אויף פסוקים פון דער ביבעל און אויף תלמודישע לע־גענדען אָדער שפּריכווערטער, אזוי אז בלויז איינער וואָס איז גוט בעקאַנט מיט דער ביבלישער און תלמודישער ליטע־ראַטור קען פארשטעהן וואָס זיי מיינען.

דיא מעהרסטע פון זייערע ליעדער זיינען בעשטאַנען פון תפילות, סליחות און קנות, וואָס האָבען געטראָגען א מעהר אָדער וועניגער רעליגיעזען כאַראַקטער. דיא נעמען צו דיא דאָזיגע ליעדער פלעגט געגעבען ווערען לויט דעם פּלאַץ, וואו זיי פלעגען געזונגען ווערען ביים דאַוונען. א ליעד וואָס פלעגט געזונגען ווערען לעבען דיא תפלה, וואָס רעדט פון גאָט'ס ליע־בע צום אידישען פאָלק האָט געהייסען „אהבה"; א ליעד וואָס איז געזונגען געוואָרען לעבען דעם שבח פון גאָט דעם שעפּ־פער האָט געהייסען „יוצר" (דערפון נעהמט זיך דער וואָרט „יוצרות"). גאַנץ אָפט פלעגען זיי שרייבען ליעדער, וועלכע האָבען זיך נאָך יעדען פערז געענדיגט מיט א רעפריין, וואָס דער גאַנצער עולם פלעגט זינגען. אזא ליעד האָט געהייסען „פזמון".

דיא צאָהל פון דיא פּאָעטען, פילאָזאָפען און געלעהרטע, וואָס האָבען געלעבט אין דער צייט פון ר״ שמואל הנגיד, איז זעהר גרויס. דאָס איז געוועזן דיא גלאַנץ עפּאָכע פון דער איד־ דיש־שפּאַנישער קולטור. אין דעם משך פון יענעם יאָהר־ הונדערט האָט דאָס אידישע פאָלק זיך אליין איבערטראָפען, ארויסגעבענדיג פון זיך א גאַנצע רייהע פון גרויסע, מאַנכע זאָגאר געניאלע, מענשען. אין דיא וויטערדיגע קאַפּיטלען וועט נאָך וועגען זיי גערעדט ווערען באריכות. דאָ וועלען בלויז דערמאָהנט ווערען דיא וועניגער בעריהמטע פון צווישען זיי.

ר״ יונה אבן גנאח איז געוועזן איינער פון דיא טיעפסטע פאָרשער פון דער העברעאישער שפּראַך. ער ווערט בעטראַכט אלס דער פאָטער און דער וויסענשאפטליכער בע־ גרינדער פון דער העברעאישער גראַמאַטיק. ער איז געוועזן דער איינציגער פון דיא געלעהרטע אין יענער צייט, וועלכער איז ניט געוועזן אין פריינדליכע בעציהונגען מיט ר״ שמואל הנגיד. דאָס האָט זיך גענומען דערפון, וואָס ער האָט גע־ קריטיקירט די שפּראַך־טעאָריען פון ר׳ יהודה אבן חיוג, וועמעס איז געוועזן שמואל הנגיד׳ס לעהרער אין העברעאיש.

ר״ יוסף בן אביתר, וואָס האָט געלעבט עטוואָס פריהער, איז געוועזן א גרויסער תלמודיסט, וועלכער האָט גע־ שריעבען „תשובות״ און האָט אויך געמאַכט א פירוש אויף דעם תלמוד אין אראַביש. ער האָט אויך געשריעבען מאַנכע פּיוטים.

רבי יצחק אבן גאות (גאיאַט) איז געוועזן א גרויסער תלמודיסט, איז בעקאַנט געוועזן מיט דער גריכי־ שער פילאָזאָפיע און איז געוועזן איינער פון דיא בעסטע פּאָע־ טען פון זיין צייט. פון זיינע ליעדער זיינען געבליעבען בלויז איניגע תפילות, וועלכע צייכנען זיך אויס מיט דער שעהנ־ קייט פון דער שפּראַך און פאָרמע וויא אויך מיט זייער טיעפ־ קייט און וואַרעמקייט. אין א תפלה, וואו ער דריקט אויס דעם וועלט־שמערץ, זאָגט ער:

מה יתרון לאדם — בעוף יתעופף כבודם
ואיך יתגאו בעודם — ופתאום יבוא אידם.
יבין איש לב ונבון — כי סוף כל לרקבון
ומעפר חצבכו — ועדיו עתה שבנו

— — — — — — — — — — — — — — — — —

קום וראה בעיניך — כי לא לך הונך
והאדם וקנינו — למחר יבוקש ואיננו.

(וואָס קומט אַרויס דעם מענשען פון זיין גליק, ווען ער פער־שווינדעט אזוי גיך וויא א פויגעל? וויא קען ער שטאָלצירען מיט זיין מאַכט, ווען דער אונגליק קומט אזוי פּלוצלונג? זאָל יעדער קלוגער מענש פאַרשטעהן, אז אַלץ מוז צום סוף אונ־טערגעהן. פון דער ערד גענומען און אהין געהען מיר באַלד צוריק. בעטראַכט דיין רייכקייט איז דאָך ניט דיינע. היינט באָך ביזטו דאָ, און מאָרגען שוין — ניטאָ).

אין אַן אַנדער ליעד, וועלכע הייסט „גאולה“, לאָזט ער דעם אידישען פאָלק ריידען צו גאָט:

אסבלה נדודי — אגילה בגלותי,
אעבד מעבדי — אוחילה במחלתי.
יערב לי שביי — לא אקוץ במוסרי,
אתנה על־לחיי — עול צרי ומוסרי.
אעלז באידי — אשישה בדלותי, —
מחלי ומרודי — המה לי תהלתי!

(איך דולדע מיין וואנדער לעבען, איך פרעה זיך מיט מיין גלות; א קנעכט צו מיינע פערשקלאפער, האָף איך דאָך אין מיינע צרות. מיין געפאַנגשאַפט איז מיר זיס, איך פערמיאוס ניט מיין שטראָף. דעם יאָך פון מיין פיינד טראָג איך צו־פריעדען. איך בין גליקליך אין מיין בראָך, איך פרעה זיך אין מיין אָרעמקייט. מיין אונגליק און מיינע צרות, — זיי דיינען מיין רוהם!)

און ווייטער אין דעם זעלבען ליעד:

צוררי על דתך — שנאת שוא שנאוני
שקרו בבריתך — ובלא אל קנאוני,
לעבוד זולתך — כמעט החטיאוני
ואני בעודי — שמתיך אילותי, —
אעמוד על עמדי — לא אט ממסילתי!

(צוליב דיין תורה האבען זיי מיר אזוי פיינט, מיינע שונאים. זיי פערלייקנען דיין בונד און מיט א ניט־גאט ווילען זיי מיר בעצווינגען. צו דיענען אן אנדערען האבען זיי מיר שיעור ניט געמאכט זינדיגען. און איך, נאך אין מיין יוגענד האב נאר דיר געמאכט צו מיין גאט, — איך בלייב אויף מיין וואך, איך פערלאז ניט מיין וועג!).

עס פערשטעהט זיך, אז דיא ליעדער פערליערען זעהר פיעל פון זייער אריגינעלער שעהנקייט אין דער פשוט'ער, פראזאאישער איבערזעצונג. זיי פערליערען ניט בלויז דעם קלאנג און דיא מוזיק, נאר טאקע אויך א היבשען טהייל פון אינהאלט. דער לעזער, וואס פערשטעהט העברעאיש וועט אבער לייכט איינזעהן, אז ר" יצחק אבן גאות קען פערנעהמען א גאנץ חשוב'ען פלאץ צווישען דיא גרויסע העברעאישע פאעטען פון יענער צייט, און אז זיין סטיל איז שוין א גרויסער שריט פארווערטס לגבי דיא שרייבער, וואס האבען געעלבט אין דעם פריהערדיגען דור. אלס פאעט קען ער מיט רעכט בעטראכט ווערען אלס דער בריק, וואס בינדט צוזאמען דעם דור פאר איהם מיט דעם דור נאך איהם.

## VI.

ב ח י י און זיינע לעהרען. — די פליכטען פון די גליעדער און די פליכטען פון די הערצער. — בחיי'ס פילאָסאָפיע. — זיינע ראיות וועגען דער עקזיסטענץ און די איינהייט פון גאָט. — בחיי אַלס מיסטיק און דער איינפלוס פון די „ס ו פ י ס“. זיין מיינונג וועגען פרייען ווילען. — ב ח י י ’ ס פּאָעזיע.

---

צווישען דיא אַלע תלמודיסטען, פּאָעטען און פילאָזאָפען פון יענער צייט, פערנעהמט רבינו ב ח י י א בעזונדערער פּלאַטץ. ער איז געוועזען א תלמודיסט און א דיין אין ס א ר אַ ג אָ ס א, שפּאַניען, אָבער ער האָט זיך דערמיט ניט צופריעדענגעשטעלט; ער האָט אויך געשריבען פּיוטים, אָבער דאָס איז פאר איהם געוועזען פון קליינער וויכטיגקייט. ער איז געוועזען אַ בעדייטענדער פילאָזאָף און וויסענשאַפטס־מאַן, ער איז בעקאַנט געוועזען מיט דער פילאָזאָפיע פון א ר י ס ט אָ ט ע ל, וועמען ער ציטירט; ער ציטירט אויך ע ק ל י ד ’ ס געאָמעטריע; ער האָט געוואוסט דיא פילאָזאָפישע סיסטעמען פון ס ע ד י ה ג א ו ן און ד ו ד ה ב ב ל י אָדער א ל מ אָ ק א מ ע ץ, וועלכע זיינען געוועזען זיינע אינדירעקטע רביים; ער איז בעקאַנט געוועזען מיט די שפּראַך פאַרשונגען פון זיין צייט־גענאָסע א ב ן ־ ג א נ א ח. אָבער דאָס אַלץ איז ביי איהם נאָר געוועזען א מיטעל צום ציעל. און זיין ציעל איז געוועזען צו רייניגען דיא הערצער פון זיינע גלויבענס־גענאָסען. זיי צו לערנען דיא פליכטען פון דער נשמה און ניט בלויז דיא פליכטען פון דעם גוף.

פון ב ח י י ׳ ס פּריוואַט לעבען ווייסען מיר כמעט גאַר
ניט. מיר ווייסען בלויז, אז אויף זיין עלטער, אין יאָהר 1040,
האָט ער אָנגעשריעבען זיין בעריהמטע ווערק „חובות הלבבות",
דיא פליכטען פון דיא הערצער. דער חובות הלבבות איז איי־
נער פון דיא פּאָפּולערסטע און מעהר בעקאַנטעסטע ספרים
ביין אידישען פאָלק ביז היינטיגען טאָג. דאָס איז א ספר וואָס
איז געלייענט געוואָרען פון אלע קלאַסען, פון לומדים און פון
פּראָסטען עולם, אפילו פון אונזערע באבעס און מאַמעס. ער
איז איינער פון דיא ווענינע ערנסטע ספרים, וואָס זיינען אי־
בערזעצט געוואָרען אויך אין „עברי־טייטש".

די גרויסע בעדייטונג פון דעם „חובות הלבבות" בעשטעהט
אין דעם, וואָס ער איז דער ערשטער אידישער ספר, וואו עס
איז געמאַכט געוואָרען א פּראָבע צו געבען און צו בעגרינדען א
אידישע עטהיק, א גאַנצע שיטה פון דער אידישער מאָראַל. די
נייעסטע קריטיק האָט, אמת, אויסגעפונען, אז בחיי איז אין
זיין ארבייט שטאַרק בעאיינפלוסט געוואָרען פון א מאַהאמע־
דאַנישען שרייבער, וועלכער האָט וואהרשיינליך בעלאַנגט צו
דיא „ס ו פ י ס" (א מיסטישע מאַהאמעדאַנישע סעקטע,
וואָס האָט עקזיסטירט אין אכטען, נייגטען און צעהנטען יאָהר־
הונדערט), און וועלכער האָט מיט עטליכע צעהנדליג יאָהר
פאר איהם אָנגעשריעבען אן עהנליכען בוך. דאָס אָבער פער־
מינדערט בשום אופן ניט דיא ווערטה און דיא בעדייטונג פון
דעם „חובות הלבבות". ב ח י י האָט פערשטאַנען וויא צו
מאַכען דערפון אן עכטען, ריין אידישען בוך.

ג ר ע ט ץ פערגלייכט ב ח י י ׳ ן צו דיא קריסטליכע
לעהרער פון ערשטען יאָהרהונדערט, וואָס האָבען געזוכט אין
יודענטהום די ריין־רעליגיעזע און מאָראַלע כונות, בעטראַכ־
טענדיג דיא צערעמאָניאַלע געזעטצע פאר װעניגער וויכטיג.
דער פערגלייך איז אָבער ניט אין גאַנצען קיין ריכטיגער. יענע
האָבען זיך געיאָגט נאָך דער נשמה פון דער תורה און אין גאַנ־
צען פערנאַכלעסיגט דעם גוף, ביז וואַנען זיי זיינען סוף כל
סוף געבליעבען אָהן א נשמה און אָהן א גוף. ב ח י י צווייי־
פעלט אָבער ניט פאר איין מאָמענט אין דער גרויסער וויכטיג

קייט אָבצוהיטען דיא אלע מצוות, וואָס געפינען זיך אין דער תורה, סאי דיא דאָזיגע וואָס דער שכל צווינגט אונז דערצו און סאי דיא דאָזיגע, וואָס מיר פערשטעהען ניט על פי שכל. זיי, די מצוות, זיינען ביי איהם די „חובות האברים", דיא פליכטען פון גוף. זיי אליין אָבער, אָהן זייער אינערליכע כונה און זייער אינערליכען זינן, זיינען וויא א גוף אָהן א נשמה. זיי זיינען וויכטיג, אָבער פיעל וויכטיגער און העכער פאר זיי איז זייער מיין, זייער ציעל, זייער תכלית, זייער כונה. דאָס זיינען די „חובות־הלבבות", די פליכטען פון דער נשמה. „דיא פליכטעז פון דעם גוף זיינען זעקס הונדערט און דריי־צעהן; דיא פליכטען פון דער נשמה זיינען פיעל מעהר".

ב ח י י געפינט, אז זיינע צייט־גענאָסען גיבען זיך אָפּ מעהר מיט דיא פליכטען פון דעם גוף וויא מיט דיא פליכטען פון דער נשמה, און ער איז מיט זיי ניט צופריעדען. ער ביי־זערט זיך אויף דיא יעניגע, וואָס גיבען זיך אָפּ מיט אזעלכע ענינים, וואָס פערשאפט זיי כבוד אין דיא אויגען פון דיא פראסטאקעס. ער איז אויך ניט צופריעדען מיט דיא יעניגע, וואָס גיבען זיך אָפּ בלויז מיט לערנען דעם תלמוד און זיך מפלפל זיין וועגען אלערליי אונמעגליכע פראגען, פערנאַכלע־סענדיג דיא אמת'ע כונה פון דער תורה. וועגען דיא לעצטע ברייננט ער א גמרא וואָס זאָגט: „דער וואָס לערנט בלויז דיא תורה" (און טהוט ניט וואָס זיא לערנט) „איז געגליכען צו איינעם וואָס האָט קיין גאָט ניט". דער עיקר איז א בעהעפ־טונג און ליעבע צו גאָט, ליעבע און בעוואונדערונג פון זיינע מעשים, פון דער שעפּפונג; א ריינע הארץ, א ריינער געווי־סען, א ריינע נשמה, וואָס דאָס איז דיא אמת'ע, איננערליכע כונה פון דער תורה, „די פליכטען פון דער נשמה".

און אזוי וויא ביז איהם, ערקלעהרט ער, האָט נאָך קיינער ניט אָנגעשריעבען אזא מין ספר, וואָס זאָל זוכען צו בעווייזען דיא וויכטיגקייט פון דיא פליכטען פון דער נשמה, האָט ער זיך גענומען צו דער דאָזיגער ארבייט. און ער שרייבט בכיון, זאָגט ער, „אין דער שפּראך וואָס אלע ריידען (אין אראביש) און אין

א לייכטען, פערשטענדליכען לשון, אָהן די שווערע און פרעמ־דע ווערטער", כדי אלע זאָלען פערשטעהען.

זיין ספר טהיילט ב ח י י איין אין צעהן קאפּיטלען אָדער „שערים". דער ערשטער שער בעשעפטיגט זיך מיט דער־איינהייט פון גאָט, און ער הייסט דערפאר „שער־היחוד". בחיי בעהויפּטעט, אז דער וויכטיגסטער יסוד אין דער תורה איז די איינהייט פון גאָט. עס איז אָבער ניט גענוג, וואָס דיא תורה הייסט אונז ג ל ו י ב ע ן אין אן איינציגען גאָט. דער וואָס האָט דיא פעהיגקייט אין דעם וויסען איז מחויב אין דעם צו פאָרשען און עס צו בעגרינדען מיט'ן שכל און דורך דער פי־לאָזאָפיע.

דיא עקזיסטענץ פון גאָט בעגרינדעט בחיי אויף דיא פאָל־גענדע ארגומענטען:

1) קיין זאַך קען זיך אליין ניט מאכען. יעדער זאך, וואָס מיר זעהן מוז זיין געמאכט אָדער פון אן אנדערען ענטוועדער פון זיך אליין. אויב דיא זאַך זיך האָט אליין געמאכט האָט זיא דאָך עס געמוזט טהאָן אָדער א י י ד ע ר זיא איז געווען ענטוועדער ש פּ ע ט ע ר וויא זיא איז געווען. ביידע זאכען זיינען דאָך אָבער אונמעגליך. ש פּ ע ט ע ר האָט זיא זיך דאָך ניט געדארפט מאכען, ווייל זיא איז שוין געווען. א י י־ד ע ר זיא איז געווען, ווידער, איז זיא דאָך געווען גאָר נישט, און גאָר נישט קען ניט מאכען עטוואָס.

2) דיא אורזאכען פון זאכען מוזען זיין בעגרעניצט אין צאָהל, זיי קענען ניט זיין אונענדליך. דער מענשליכער שכל מוז קומען סוף כל סוף צו דיא לעצטע אורזאכע, וועלכע איז זעלבסט־עקזיסטירענד און דארף ניט קיין אורזאכע צו איהר־עקזיסטענץ.

3) זאכען, וואָס זיינען אין זייער נאטור צוזאמענגע־שטעלט מוזען זיין געמאכט. יעדע צוזאמענגעשטעלטע זאך האָט דאָך געמוזט געמאכט ווערען פון זאכען, וואָס האָבען שוין עקזיסטירט פריהער. פאָלגליך, א צוזאמענגעשטעלטע זאך קען ניט זיין דיא ערשטע, ווייל דיא זאכען פון וועלכע זיא בע־שטעהט האָבען עקזיסטירט פריהער.

נון, אלזאָ, קומט ב ח י י צום פאָלגענדען שלום : די וועלט וויא מיר זעהען איהר איז א צוזאַמענגעשטעלטע. הי־מעל און ערד, דיא זונן, דיא לבנה און דיא שטערען, דער מענש, דיא חיות, דיא געוויקסען און דיא מינעראלען. זיי אלע בע־שטעהען פון דיא פיער עלעמענטען. וויבאלד זיא איז א צוזאַ־מענגעשטעלטע מוז זיא זיין א געמאַכטע, מוז זיא זיין בעשאַ־פען. דער שעפער מוז נויטהווענדיגערווייזע זיין אזעלכער וואָס אי ניט בעשאַפען געוואָרען, דיא ערשטע סבה, וואָס איז אָהן אן אַנפאנג און אָהן אן ענדע. ווארום קוים ווער ער האָבען אן אָנפאנג מוז ער דאָך אויך האָבען א שעפער, דאן וועט הייסען, אז דיא ערשטע סבה איז ניט דיא ערשטע סבה.

בלייבט אָבער נאָך אלץ דיא טענה, טאָמער איז דאָס אלץ בלויז א צופאל, טאָמער איז דיא גאנצע וועלט געוואָרען פון זיך אליין אָהן אירגענד וועלכען שעפפער. דאָס מיינט ב ח י י קען ניט געמאָלט זיין, ווייל מיר זעהען אין דער וועלט א פּלאן און א הארמאָניע. „ווען אימיצער וועט פערגיסען טינט אויפ'ן פּאפּיער וועלען דערפון ניט ארויסקומען בוכשטאַבען און שורות. ווען אימיצער וועט עטוואס אזעלכעס דער־צעהלען, וועט איהם קיינער ניט גלויבען. וויא קען מען גלוי־בען, אז דיא שעפפונג, וואו מען זעהט אן עדעלערע ארבייט, א טיעפערע חכמה, זאָל זיין בלויז א צופאל".

דיא וועלט האָט אַלזאָ ניט געקענט שאפען זיך אליין צו־ליעב דעם, וואָס קיין זאך קען זיך אליין ניט שאַפען; זיא קען אויך ניט זיין אן עביג־עקזיסטירענדע, ווייל זיא איז א צוזאַ־מענגעשטעלטע פון יסודות, וועלכע האָבען געמוזט עקזיסטי־רען יעדער פאר זיך נאָך איידער דיא וועלט האָט עקזיסטירט וויא זיא איז איצטער. זיא קען אויך ניט זיין דער רעזולטאַט פון א צופאל, ווייל מען זעהט אין איהר א פּלאַן און א סדר. דערפון איז אלזאָ געדרונגען, אז עס איז דאָ א שעפפער.

דער שעפפער מוז אָבער זיין איינער. לאָמיר אָננעהמען אז עס זיינען פעראנען מעהר ווי איין שעפפער, דאן מוזען זיי זיין אָדער אין גאנצען גלייך איינע צו דיא אנדערע ענטוועד־

דער זיך אונטערשיידען איינע פון דיא אנדערע אין געוויסע פרטים. אויב זיי זיינען גלייך איינע צו דיא אנדערע אין אלע הינזיכטען, קענען זיי דאך איינע פון דיא אנדערע ניט ווערען אונטערשיעדען, זייגען זיי דאך איינס. אויב דאגעגען זיי שיידען זיך יע אונטער איינע פון דיא אנדערע, הייסט דאך עס, אז יעדער איינער פון זיי בעזיצט געוויסע אייגענשאפטען, וואס דער אנדערער האט ניט. דאס מיינט דאך, אין אנדערע ווערטער, אז זיי זיינען ניט פאלקאם און דארום בעגרעניצט. אבער קוים זיינען זיי אין זייער וועזען בעגרעניצט, מוזען זיי דאך האבען אן אנפאנג און אן ענדע. און האבען זיי אן אנפאנג און אן ענדע מוזען זיי דאך זיין בעשאפענע, ווייל קיין זאך קען זיך דאך אליין ניט בעשאפען. ווי־באלד אבער זיי זיינען בעשאפענע, קענען זיי דאך ניט זיין די ערשטע אונבעשאפענע סבה, ווער עס דאך הייסען, אז זיי גופא האבען איין איינציגע, ערשטע סבה, וואס האט זיי בעשאפען און וועלכע איז ערשט גאט. קורץ, דער מענשלי־כער שכל מוז סוף כל סוף פיהרען צו אן אונבעגרענעצטע, אונ־בעשאפענע, אהן אן אנפאנג און אהן אן ענדע ערשטע איינציגע סבה.

בעטראכטען מיר ווידער דיא וועלט, איהר פלאן און דיא הארמאניע וואס עקזיסטירט אין איהר, וויא איין זאך שליסט זיך אין דיא אנדערע, דעם וואונדערבארען סדר אין דיא קלענסטע וויא אין די גרעסטע בעשעפעניסען, מוזען מיר זאגען, אז דאס שטאמט אב פון דיא הענד פון איין מייסטער. זעהענדיג דיא איינהייט פון דעם פלאן אין דער שעפפונג, איז ניטא קיין שכל'דיגע אורזאכע אנצונעהמען, אז עס איז פאראנען מעהר וויא איין שעפפער.

גאט איז אלזא איינער. בלייבט בלויז צו ערקלעהרען, וואס פאר א מין איינהייט ער איז. אן ארמעע איז אן איינהייט, אבער זיא בעשטעהט פון פיעלע איינצעלנע. א מענש איז איי־נער, אבער נאר איינער פון א מין, עס זיינען פאראנען פיעלע איינצעלנע מענשען. א מענש איז איינער, אבער ער בעשטעהט פון מעהרערע חלקים. גאט איז אן אבסאלוטע איינהייט, וואס

האָט צו זיך קיין גלייכען ניט אין זיין מין, וואָס קען ניט גע־טהיילט ווערען אין חלקים, וואָס האָט ניט קיין אָנפאנג און קיין ענדע. ער איז דיא איינהייט, וואָס איז דיא אורזאכע פון אלץ, אן איינהייט אָהן בעגרענצונגען, אן איינהייט וואָס קענען מיר זיך בלויז פאָרשטעלען אין שכל.

זייענדיג אן אבסאָלוטע איינהייט און דיא ערשטע סבה פון אלץ, מוז ער זיין אונקערפּערליך. א קערפּער איז אין זיין נאַטור בעגרעניצט, מיט אן אָנפאנג און אן ענדע, און קען דאַ־רום ניט זיין דיא ערשטע סבה. ער גופא מוז האָבע א סבה צו זיין עקזיסטענץ. א קערפּער בעשטעהט פון טהיילען; און שוין דערפאר אליין קען ער ניט זיין קיין אבסאָלוטע איינהייט. מען טאָר אלזאָ בשום אופן ניט טראכטען פון גאָט אלס פון א קער־פּערליכען וועזען. די פּיעלע שטעלען אין דער ביבעל, וואָס ריי־דען פון א קערפּערליכען גאָט זיינען געשריעבען געוואָרען אזוי, כדי דער מענשליכער שכל זאָל עס קענען בעגרייפען; זיי זיינען געשריעבען בלויז בדרך משל.

וואָס איז דען גאָט? וואָס איז זיין וועזען? דאָס זאָגט ב ח י י קענען מיר מיט אונזער שכל ניט פערשטעהן. דאָס איז גיכער א זאך פון הארצען און פון דער נשמה, וויא פון שכל. דער מענש קען עס פיהלען, פערלאנגען, שטרעבען צו איהם, אָבער ניט פערשטעהן, ניט דערגרינדען, ניט אויספאָר־שען. ניט אונזערע חושים, ניט אונזער שכל זיינען געניגענד צו בעגרייפען דעם וועזען פון גאָט. מיר קענען איהם ניט בעגריי־פען וויא ער איז, מיר קענען זיך אָבער איהם פאַרשטעלען פון זיינע מעשים, פון זיינע ערשיינונגען, פון דיא טהוכטסען אין דער נאַטור. „וועגען גאָט", זאָגט ב ח י י „איז איבערהויפּט ניט פּאסיג דיא פראגען: וואָס איז ער? וויא איז ער? וואו איז ער? ווייל דיא דאָזיגע פראגען גופא זיינען בלויז מענשליך, ווערטער און פראגען וואָס פּאסען זיך פאר א בע־שאַפענעם אָבער ניט פאר דעם שעפּפער".

מיר קענען ניט זאָגען וואָס גאָט איז, ווייל דערמיט גופא וואָלטען מיר איהם בעגרעניצט. ווען מיר זאָגען אויף א געווי־סע זאך וואָס דאָס איז, מיינט עס דאָך, אז דאָס איז דאָס און

ניט עטוואס אנדערעס. דאס וואלט דאך הייסען, אז עס עקזיס־טירט עטוואס, וואס אין איהם איז ניטא, א זאך וואס איז אבער ניט שייך ביי גאט. מיר קענען וועגען גאט בלויז זאגען וואס ער איז ניט: ער איז ניט קיין ניט־עקזיס־טירענדער, ער איז ניט מעהר ווי אן אייגהייט און ער איז ניט קיין בעשאפענער (נמצא, אחד, קדמון).

דער מענשליכער שכל איז לויט זיין טבע בעגרעניצט און ער קען דארום ניט בעגרייפען דעם וועזען פון גאט. דער מענש קען אפילו זיין אייגענע נשמה ניט פערשטעהן. פונקט וויא די מענשליכע חושים זיינען בעגרעניצט: מיט׳ן אויג קען מען בלויז זעהן און מיט דעם אויער קען מען בלויז הערען, און אויך ניט אלץ קען דיא אויג זעהן אדער דער אויער הערען, אזוי איז אויך דער מענשליכער שכל בעגרעניצט בנוגע צו דער גאטהייט. מיר קענען אבער דערשפירען און דער־פיהלען גאט, ווען מיר טראכטען זיך אריין אין זיינע מעשים. דאס איז דעריבער דיא וויכטיגסטע ארבייט פון דעם מענשען. דער צווייטער קאפיטעל פון „חובות הלבבות" הייסט דארום „שער הבחינה", דער טויער פון בעטראכטונגען.

אין דעם „שער הבחינה" בעווייזט ארוים בחיי א גע־וואלדיגע און אן אלזייטיגע קענטניס אין די וויסענשאפטען, ווי זיי זיינען דאמאלסט געווען בעוואוסט. אין מאנכע שטעלען ווארפען זיך דורך געדאנקען, וואס זיינען אין איינקלאנג מיט אונזערע היינטיגע אנזיכטען. אזוי צום ביישפיעל רעדט ער פון „בעוועגונג" (תנועה) אלס דעם יסוד פון אלץ וואס עס עקזיס־טירט, פון אלץ וואס ווערט און וואס הערט אויף צו זיין. אהן דעם כוח פון בעוועגונג מיינט ער וואלט קיין זאך ניט געקענט ווערען און קיין זאך ניט געקענט אויפהערען צו זיין. ער דערמאנט אויך א „כוח המושך" (א צוציהונגס קראפט), כאטש ער פערשטעהט עס אנדערש ווי ניוטאן.

ער גיט דארטען אויך אן אויספיהרליכע פיזיאלאגישע און אנאטאמישע בעשרייבונג פון דעם מענשליכען קערפער. זיין בעשרייבונג פון דעם פערדייאונגס־פראצעס, די ארבייט פון די צעהנער, דעם ושט, דעם מאגען, דעם לעבער, דיא דריזען און

דיא עקסקרעציאָנס־אָרגאַנען בעווייזט, אז ער האָט געהאַט א גרויסע ידיעה אין דיא מעדיצינישע וויסענשאַפטען פון יענער צייט. זיין בעשרייבונג וויא אזוי דיא פערדייטע שפּייזען ווערען דורך קליינע אדערלעך (גידים דקים) געשיקט צום לעבער, איז זעהר אינטערעסאַנט. דאַן געהט ער איבער צו אן אַנאַליז פון דיא גייסטיגע כוחות אין מענשען און זוכט צו בעווייזען, ווי אזוי זיי זיינען אלע נויטהיג, אום צו בילדען איין גאַנצעס, איין האַרמאָנישעס. קורץ, אין דער גאַנצער גרויסער וועלט, אין דער גאַנצער נאַטור, פּונקט אזוי ווי אין דעם קערפּער און אין דער נשמה פון דעם איינצעלנעם מענשען זעהט ער א צוועקמעסיגקייט און א פּלאַנמעססיגקייט, גאָט׳ס גנאַדען און רחמנות. דיא דאָזיגע בעטראַכטונגען, מיינט בחיי, מוזען פיהרען דעם מענשען דערצו, אז ער זאָל זיך אָבגעבען מיט דיענען גאָט. דער דריטער קאַפּיטעל הייסט דארום: „שער עבודת אלוהים“, דער טויער פון גאָט׳ס דיענסט.

דער מענש דאַרף דיענען גאָט. ווייל גאָט טהוט איהם גוטס. און גאָט׳ס גוט טהאָן קען ניט פערגליכען ווערען מיט די גוטס, וואָס איין מענש טהוט דעם אַנדערען. ווען א מענש טהוט גוטעס דעם אַנדערען, טהוט ער עס פון זיין אייגענע טובה וועגען. אפילו ווען דער רייכער העלפט אויס דעם אָרעמאַן איז עס אויך דערפאַר, וואָס ער גופא ליידעט פון יענעם׳ס צרות. ביי גאָט איז דאָס אלץ ניט שייך. ער האָט דערפון גאָר ניט. ער טהוט גוטס, ווייל ער איז בטבע גוט. דער מענש דאַרף דעריבער דיענען גאָט ניט ווייל ער ערוואַרט א בעצאָהלונג דערפאַר, ער דאַרף ניט זיין וויא א שקלאַף וואָס אַרבייט פאַר א לוין, נאָר ער דאַרף עס טהאָן אויס ליעבע און איבערגעבענהייט. דער מענש דאַרף, פּונקט ווי גאָט, אויך טהאָן גוטס צוליעב די גוטס גופא און ניט צוליעב אַנדערע, אויסערליכע צוועקען. די מצוות און דיא געזעטצע זיינען מאַקע זעהר וויכטיג, אָבער נאָר דערפאַר, ווייל זיי האָבען א ערציהערישע ווירקונג, ווייל זיי דיסציפּלינירען דעם מענשען און צייגען איהם אן די ריכטיגע וועג, כדי ער זאָל ניט ווערען פערפיהרט אָן א זייט און זיך אריינלאָ־

זען אין איין עקסטרעם אָדער אין דעם אַנדערען. אזוי וויא עס איז ניט גוט זיך אין גאנצען אריינצולאָזען אין אַלערליי וועלט־ליכע תענוגים און וואוילטאגען, פונקט אזוי איז ניט גוט ווען איינער זונדערט זיך אין גאנצען אָב פון דער וועלט און פון איהרע הנאות; אַלץ דארף זיין מיט א מאָס. אליין אָבער זיי־נען זיי, דיא מצוות, ניט דער עיקר. זייער איננערליכע כונה, דיא ערהויבונג פון דעם גייסט, דיא ריינינונג פון דער נשמה, די „פליכטען פון דיא הערצער", דאָס איז דער ציעל און דאָס איז דער תכלית.

און כאָטש בחיי פריידיגט מעססיגקייט, איז עס ביי איהם בלויז א פשרה. עס קומט ביי איהם פאָר א שטענדיגער ראנגלען זיך צווישען די ראציאָנאליסטיש־פראקטישע אידישע תורה און דעם מיסטישען שטרעבען פון זיין אייגענער נשמה. ער אליין האלט זעהר פיעל פון אבגעזונדערהייט, פון השבון־הנפש, פון אריינטראכטען זיך אין זיך, פון בעהעפטען זיך מיט גאָט. דאָס ברייננגט ער ארויס אין דעם ניינטען קאפיטעל, וועל־כער הייסט „שער הפרישות", דער טויער פון אָבגעזונדערקייט. ער גלויבט אָבער, אז דערצו זיינען פעהיג בלויז דיא יחידי סגולה, די איינציגע אויסערוועלטע, די אמת'ע חסידים.

וויא עס איז שוין געזאָגט געוואָרען, טהיילט בחיי איין זיין ווערק אין צעהן קאפיטלען אָדער שערים. איין „שער" פיהרט אריין און איז צוגויפגעבונדען מיט'ן נעקסטען. דער לעצטער הייסט „שער אהבת ה'". דער טויער פון גאָט'ס ליעבע. דאָס איז דיא לעצטע און דיא העכסטע מדרגה צו וועל־כע א מענש קען דערגרייכען, און דאָס צו עררייכען דארף ער שטרעבען. דאָס איז אזא גייסטעס־צושטאַנד, אן עקסטאטי־שער צושטאַנד, ווען דער מענש קען זיך פעראייניגען מיט זיין בורא און פאר איהם ווערט דאן אַלץ קלאָהר און פערשטענד־ליך, ער ווערט א טהייל פון זיין ליכט. דאָס איז א בעהעפטונג פון דער מענשליכער נשמה צו איהר קוואַל. דאָס איז א צו־שטאַנד פון פאָלשטענדיגער ענטזאגונג, ווען דיא פערלאנגען און געלוסטען פון דעם גוף, דיא ליידען און דער צער פון „חומר" האָבען שוין לגמרי קיין בעדייטונג ניט פאר דעם

מענשען. דער גאַנצער וועזען פון מענשען ווערט גערייניגט און געלויטערט פון דיא אַלע גראָבע, ערדישע פערלאַנגען. דער מענש, זיין נשמה, ווערט אזוי וויא בעפרייט פון דעם גוף און ער ווערט א טהייל פון דער אונענדליכקייט. דאָס איז דער זעל־בער גייסטיגער צושטאַנד, וואָס די אַלטע אינדישע מיסטיקער האָבען בעצייכענט מיט דעם וואָרט „יאָגאָ" און וואָס מען קען אָנרופען אויף אידיש דביקות. אין דעם איז בחיי שטאַרק בעאיינפלוסט געוואָרען פון די „ס ו פ י ס", וועלכע זיינען שוין פריהער דערמאָנט געוואָרען. דיא פראַקטישקייט פון דער אידישער עטהיק האָט איהם אָבער ניט דערלאָזען צו פערקריכען צו וויט אין יענער ריכטונג.

* * *

ב ח י י בעריהרט אויך די פראַגע וועגען פרייען ווילען. האָט דער מענש א פרייען ווילען אָדער ניט? ווי קען דער גע־דאנק פון א מענשליכען פרייען ווילען שטימען מיט דעם גע־דאנק, אז גאָט וויים אַלץ פון פריהער? ב ח י י ענטזאָגט זיך צו געבען אַן ענטפער אויף דעם. אין מאַנכע זאַכען זאָגט ער, ווייזט אוים, אז דער מענש איז פריי; אין אַנדערע ווידער־ווייזט אוים, אז ער איז ניט פריי. אונזער שכל, מיינט ב ח י י, איז צו שוואך און צו קליין, אז ער זאָל קענען געבען א גרינד־ליכען ענטפער אויף דער דאָזיגער פראַגע. אויב אָבער מען זאָל אפילו אָננעהמען, אז אַלע פאַסירונגען זיינען פון פאָראוים בעשטימט פון גאָט און דער מענש קען זיי ניט ענדערען, איז דאָך אונמעגליך, אַז דער גוטער און גערעכטער גאָט זאָל בע־שטראָפען א מענשען פאר א זאך וואָס ער קען זיך ניט העלפען. אין אַנדערע ווערטער, טהעאָרעטיש און פילאָזאָפיש קען ניט בעוויעזען ווערען, אז א מענש האָט אַ פרייען ווילען, אָבער פון א ריין עטהישען שטאַנדפונקט מוז מען אָננעהמען, אז דער מענש האָט יע אַ פרייען ווילען. אין דעם איז דאָ א מערקוויר־דיגע עהנליכקייט צווישען ב ח י י'ס און ק א נ ט'ס לעהרען.

בחיי האט אויך געשריעבען פאעזיע. זיי צייכנען זיך אויס מיט א טיעפען רעליגיעזען געפיהל און מיט אן אונענדליכע בייַנקענים פון דער נשמה צו איהר קוואל. פון דיא בעסט בעקאנטע איז א קורצע ליעד אין צעהן שורות, אין וועלכע ער גיט איבער דעם אינהאלט פון זיין הויפט ווערק, דעם „חובות הלבבות, און זיין בעריהמטע ליעד „ברכי נפשי". דיא לעצטע איז אן אויפרוף, א „התעוררת", צו דער נשמה, אז זי זאל זיך ארומקוקען ארום זיך, איינזעהן דיא נישטיגקייטען פון לעבען, און שטרעבען צו איהר בורא. זי איז פול מיט דעם וועלט־וועה; „דאס לעבען און דער טוידט", זאגט ער דארטען אין איין פלאץ, „געהען צוזאמען האנד אין האנד, און ווערען קיינמאל ניט פערנאנדערגעטהיילט. זיי האלטען אין זייערע הענד א צובראכענעם בריק, אויף וועלכען אלע בעשעפעניסען געהען דורך. דאס לעבען שטעהט ביי זיין ארייננאנג; דער טוידט ביי זיין ארויסגאנג. דאס לעבען בויט, דער טוידט צושטערט; דאס לעבען זעעט, דער טוידט שניידט; דאס לעבען פלאנצט, דער טוידט רייסט אויס; דאס לעבען בעהעפט, דער טוידט צושיידט; דאס לעבען זאמעלט, דער טוידט צושפרייט. און זיי וויסען, נשמה מיינע, אז אויך דו דארפסט אריבערגעהן דעם דאזיגען בריק".

זיין שפראך אין דיא ליעדער איז לייכט און פליססיג. עס איז א שאד, וואס דער חובות הלבבות איז ניט געשריעבען געווארען פון איהם אליין אין העברעאיש. אין מאנכע פלעטצער איז דיא שפראך פון דעם איבערזעטצער ניט קלאהר און הארט.

## VII.

ר' שלמה אבן־גבירול. — דער פּאָעט פון טרויער. — זיינע פּערזענליכע ליידען און זייער איינפלוס אויף זיין פּאָעזיע. — די לעגענדע וועגען זיין טויט. — זיינע ליעדער: פּערזענליכע, נאַציאָנאַלע און רעליגיעז־פילאָזאָפישע. — דער לאַטיינישער „פאָנס וויטא“ און דער העברעאישער „מקור חיים“. — אבן־גבירול'ס שטה אין דער פילאָזאָפיע. — וואָס ער האָט מחדש געווען אין דעם נייפּלאַטאָניזם. — זיין לעהרע פון „ווילען“ אַלס די שאַפענדע קראַפט. — איהר ווירקונג אויף דער „קבלה“. — וואָרום זיין פילאָזאָפיע איז וועניג בעקאַנט ביי אידען.

---

ר' שלמה אבן־גבירול (גאַבּיראָל) איז אָהן שום ספק איינער פון דיא גרעסטע און פעהיגסטע קינדער, וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט פון זיך ארויסגעגעבען. ער איז גרויס סאַי אַלס דיכטער און סאַי אַלס פילאָזאָף, און ער פערנעהמט אויף דיא ביידע געביטען אַזאַ חשוב'ען פּלאַטץ, וואָס זעהר וועניגע סאַי פאַר איהם און סאַי נאָך איהם האָבען פערנומען. עס זיינען אפשר געווען ביי אידען גרעסערע פילאָזאָפען און טיעפערע דיינקער ווי ער, ווי למשל דער רמב"ם אָדער שפּינאָזאָ, אָבער יענע זיינען ניט געווען קיין פּאָעטען; עס זיינען אפשר געווען ביי אידען גרעסערע פּאָעטען וויא ער, אָבער יענע זיינען ניט געווען אַזעלכע טיעפע דיינקער. און וואָס נאָך מעהר, ביי איהם געהען דיא ביידע מעלות צוזאַמען און זיי ווערען איינס: ער דיכטעט וויא א פילאָזאָף און פילאָזאָפירט וויא א פּאָעט.

וועגען זיין פּאָעזיע שרייבט יהודה אלחריזי, א שפּעטערדיגער פּאָעט און קריטיקער: „אין פערגלייך צו

ש ל מ ה ׳ ס ליעדער זיינען אלע פריהערדיגע פּאָעטען און זייערע ליעדער געווען גאָר נישט און גאָר נישט. לגבי איהם זיינען דיא גרעסטע קליין. ער איז דער איינציגער, וואָס האָט דערגרייכט די העכסטע מדרגה פון דיכטער־קונסט. אלע וואָס זיינען געקומען נאָך איהם, האָבען געלערענט פון איהם".

וועגען זיין פילאָזאָפיע איז די מיינונג פון מאַנכע מאָדערנע פאָרשער, „אז ער איז דער טיעפסטער און אָריגינעלסטער דיינקער צווישען דיא אידען און די אראבער" (שמיינשניידער). גרעטץ רופט איהם אן „דער אידישער פלאטא".

שלמה אבן־גבירול׳ס ליעדער, וועלכע זיינען געווען זעהר פיעל אין צאָהל, זיינען נאָך ביז היינטיגען טאָג ניט צונויפגעקליעבען געוואָרען אין איין זאמלונג. פיעלע פון זיי זיינען אין גאנצען פערלאָרען געגאַנגען, א גרויסער טהייל איז צושפּרייט און צו־וואָרפען אין דיא פערשיעדענע „סדורים" און „מחזורים" און נאָך א היבשער טהייל געפינט זיך אין אלטע מאַנוסקריפּטען אין פערשיעדענע ביבליאָטהעקען. ערשט אין לעצטען יאָהרהונדערט האָבען זיך געפונען אייניגע געלעהרטע וויא ז א ק ס און ד ו ק ע ס, וואָס האָבען ארויסגעגעבען ניט קיין פאָלשטענדיגע זאַמלונגען פון זיינע ליעדער.

נאָך ערגער איז געווען דער מזל פון זיינע פילאָזאָפישע ספרים. זיין הויפּט־ווערק איבער פילאָזאָפיע האָט ער געשריבען אין אראביש. דער אָריגינאל פון דער דאָזיגער ווערק איז פערלאָרען געגאנגען. צום גליק אָבער איז געבליעבען א לאטיינישע איבערזעטצונג, וואָס איז געמאַכט געוואָרען אין צוועלפטען יאָהרהונדערט אונטער דעם נאָמען „פאָנס־וויטא", דער קוואל פון לעבען. דער נאָמען פון דעם פערפאסער איז פערגרייזט געוואָרען פון דיא פערשיעדענע איבערשרייבער. פון א ב ע נ ג ע ב י ר א ל איז געוואָרען א ו ו ע נ ג ע ־ ב ר א ל, דאַן א ו ו ע נ ס ע ב ר א ל, א ו ו י ס ע ר א ל און א ו ו י ס ע ב ר א ן. קיינער האָט ניט געוואוסט, ווער ער איז. די קריסטען האָבען מיט איהם געשטאָלצירט אַלס זייערען א פילאָזאָף; די אַראַבער ווידער האָבען איהם בעטראַכט אַלס אַן אַראַבישען פילאָזאָף. קיינעם איז ניט

איינגעפאלען, אז דער דאזיגער א ו ו י ס ע ב ר א ל אדער א ו ו י ס ע ב ר א ן, וועמעס גרויסע בעדייטונג איז פון אלעמען אנערקענט געווארען, איז דער אידישער א ב ן־ג ב י ר ו ל.

אין יאהר 1846 האט דער אידישער געלעהרטער ש ל מ ה מ ו נ ק געפונען א קאפיע פון דעם „פאנס וויטא“ אין לאטייניש. אין דער זעלבער צייט האט ער אויך געפונען פראגמענטען פון א העברייאישער איבערזעצונג, וואס איז געמאכט געווארען אין דרייצעהנטען יאהר־הונדערט פון ר׳ ש ם־ט ו ב פ א ל ק י י ר א, אונטער דעם נאמען „לקוטים מספר מקור חיים“, אויסציגע פון דעם ספר „קוואל פון לעבען“. וויא עס איז צו זעהן פון דעם נאמען, איז דיא העברייאישע איבערזעצונג ניט קיין פאלשטענדיגע. פ א ל ק י י ר א האט זיך בענוגענט דערמיט וואס ער האט איבערגעגעבען דיא הויפט־געדאנקען פון אבן־גבירול׳ס שטה אין דער פילאזאפיע. נאך א גענויע פארשונג און קריטישע אונטערזוכונג, פערגלייכענדיג דיא לאטיינישע מיט דער העברייאישער איבערזעצונג, איז מ ו נ ק געקומען צום שלוס, אז דער א ו ו י ס ע ב ר א פון דעם „פאנס וויטא“ איז קיין אנדערער וויא א ב ן־ג ב י ר ו ל פון דעם „מקור חיים“. דיא רעזולטאטען פון זיין ארבייט האט ער אבגע־דרוקט אין א פראנצויזישען בוך, וואו עס געפינט זיך א חוץ די איבערזעצונג פון דעם לאטיינישען „פאנס וויטא“ אויך דער העברייאישער „לקוטים מספר מקור חיים“.

* * *

וועגען אבן־גבירול׳ס לעבען האבען מיר גאנץ ווענינ ידיעות. זיין פאטער, ר׳ י ה ו ד ה, האט געלעבט אין ק א ר ד א ו ו א. צוליעב די אונרוהען וואס זיינען דארטען פארגעקומען, וועגען וועלכע עס איז שוין גערעדט געווארען אין א פריהערדיגען קאפיטעל, איז ער מיט פיעלע אנדערע אידען געצוואונגען געווארען פון דארטען צו אנטלויפען. ער האט זיך בעזעצט אין מ א ל א ג א, וואו אבן־גבירול איז געבארען געווארען אין יאהר 1021.

ווען ער איז נאָך געווען גאַנץ יונג, האָט אבן גבירול פערלאָרען זיינע עלטערען. ער איז געבליעבען אליין און איינזאַם אויף דער גרויסער, ברייטער וועלט, אָהן עלטערען, אָהן ברידער און שוועסטער, אָהן קרובים און פריינד. וויא שטאַרק ער האָט געפיהלט דיא דאָזיגע איינזאַמקייט קען מען זעהן פון מאַנכע פון זיינע ליעדער, וועלכע ער האָט געשריבען נאָך אין זיין פריהער יוגענד. אין זיי בעקלאָגט ער זיך זעהר ביטערליך אויף זיין פינסטערען מזל, אויף זיין עלענדקייט, אויף אלע זיינע צרות און יסורים. צווישען דיא אלע העב־רייאישע פּאָעטען איז אבן־גבירול דער ערשט׳ער, וואָס בע־שעפטיגט זיך אין זיינע ליעדער אזוי פיעל מיט זיין אייגענער פּערזאָן, מיט זיינע פּערזענליכע צרות און ליידען. זיין לעבען אלס פערלאָזענער יתום, וואָס האָט פון איהם גערויבט דיא פריידען פון דער יוגענד, האָט איהם געמאַכט קלוג און ערפאַהרען פאַר דער צייט. ער האָט ניט געוואוסט פון קיין קינדהייט און האָט ניט געוואוסט פון קיין יוגענד, און דאָס פּעהלט טאַקע אין זיינע ליעדער. מיט דער אויסנאַהמע פון אַ טרונק־ליעד (שיר היין), געפינט זיך ביי איהם קיין איינ־ציגע ליעד ניט, וואָס זאָל זינגען וועגען לוסט, וועגען ליעבע און וועגען דיא לעבענס־פריידען. זיין מוזע איז שטענדיג וויא געקליידעט אין שווארצען; ער האלט שטענדיג אין איין טרויערען. אין זיין יוגענד קלאָגט ער אויף זיינע פּער־זענליכע צרות; שפּעטער וויינט ער אויף דיא צרות פון דעם אידישען פאָלק און דאַן ווידער יאָמערט ער אויף דיא צרות פון דעם גאַנצען מענשען־געשלעכט, פון דער גאַנצער מענש־הייט. זיינע טיעפסטע און טרויעריגסטע ליעדער זיינען דיא יעניגע אין וועלכע ער בעקלאָגט דעם מענשליכען שיקזאל, דיא נישטיגקייט און נארישקייט פון דעם מענשליכען לעבען. ער איז דער פּאָעט פון דעם גרויסען וועלט־צער.

זיין גרויסער אומעט און צער טרייבט איהם אָבער ניט צו פערצווייפלונג און צום פּעסימיזם. ער געפינט שוץ און רעטונג אין אַ טיעפען, אַלץ אומפאַסענדען, גלויבען. נאָכ־דעם וויא ער האָט לאַנג געגריבעלט און געזוכט, נאָכדעם וויא

ער האָט מיט זיין שכל געפאָרשט און גע'חקרו'ט וועגען דעם אָנפאַנג פון אַלע אָנפאַנגען און וועגען דיא ענדע פון אַלע ענדען, וועגען דער גאָטהייט, וועגען דעם תוך פון דיא זאַכען, וועגען דעם צוועק און תכלית פון לעבען און דיא אַלע אַנדערע איביגע שאלות, נאָכדעם וויא ער איז געקומען צו יענעם גראַבען, גרויען וואַנד דורך וועלכען דער מענשליכער שכל וועט קיינמאָל ניט דורכברעכען, איז ער אריינגעפאַלען אין אַ מין רעליגיעזען עקסטאַז, אין אַ הויכע רעליגיעזע בעגייס־טערונג. ער האָט דעם גאָט ניט געפונען מיט זיין שכל, ער האָט איהם אָבער דערפיהלט אין זיין האַרצען. ער האָט זיך אָנגעפאַנגען פיהלען אַ טהייל פון דער גרויסער שעפּפונג, אַ טהייל פון דעם שעפּפער גופא, וואָרום שעפּפער און שעפּפונג איז לויט זיין פילאָזאָפיע אייגענטליך בלויז א י נ ס. עס איז נאָר אַן אונטערשיעד אין דער מ ד ר ג ה, אָבער ניט אין ע צ ם. אין דער שטאַרקייט פון זיין רעליגיעזען פיהלען איז דאָ אַ גרויסע עהנליכקייט צווישען איהם און זיין עטוואָס עלטערען צייט־גענאָסע ב ח י י א ב ן פ א ק ו ד א.

און ווען ער האָט דערגרייכט דיא דאָזיגע הויכקייט פון רעליגיעזען פיהלען זיינען ביי איהם פערשוואונדען אַלע אונטערשיעדען פון דיא אַלע אָנגענומענע רעליגיאָנען. איד, קריסט, מאַהאָמעדאַנער און געצענדיענער זיינען גלייך. זיי שטרעבען אַלע צום זעלבען ציעל, זיי מיינען אַלע דיא זעלבע זאַך, דיענען אַלע צום זעלבען גאָט, אפילו ווען זיי געהן אויף פערשיעדענע וועגען, אפילו ווען זיי געהען אויף קרומע און ניט ריכטיגע דרכים. זיי מעגען אפילו בלאָנדזשען, אָבער זיי מיינען גוט. „דו ביסט גאָט, און אַלע בעשאַפענע זיינען דיינע קנעכט און דיענער. פון דיין כבוד ווערט ניט געמי־נערט דורך דעם, וואָס זיי דיענען צו אַנדערע, וואָרום זייער אַלעמעס כוונה איז צו קומען צו דיר. זיי זיינען וויא בלינדע, וואָס בלאָנדזשען זוכענדיג דעם קעניג'ס וועג" („כתר תורה").

* * *

וואו שלמה אבן־גבירול האָט זיך אויפגעהאַלטען און

זיינע קינדערשע יאָהרען, איז ניט בעקאַנט. עס איז אויך ניט בעוואוסט, ווער עס זיינען געווען זיינע רביים אין העב־רייאיש, תלמוד און פילאָזאָפיע. ווען ער איז אַלט געווען זיבעצעהן יאָהר געפינען מיר איהם אין סאַראַגאָסא, אין דיא הויז פון יקותיאל אבן האַסאַן.

יקותיאל אבן־האַסאַן האָט פערנומען אַ גרויסע רעגיערונג־שטעלע אין דעם קעניגליכען הויף פון סאַראַגאָסא, אַן עהנליכע שטעלע צו דיא, וואָס שמואל הנגיד האָט פערנומען אין גראַנאַדאַ. וויא שמואל הנגיד אַזוי איז אויך יקותיאל געווען אַ ליעבהאָבער און אונטערשטיצער פון פּאָעטען און געלעהר־טע, כאָטש ער אַליין שיינט ניט געווען צו זיין איינער פון זיי, וויא עס איז געווען דער פאַל מיט שמואל הנגיד.

דער דאָזיגער יקותיאל, וועמען דיא פּאָעטען פון זיין צייט בעזינגען אַלס גרויסען הערשער און נאָך גרע־סערען מענשען־פריינד, האָט אריינגענומען דעם אָרימען בן־גבירול צו זיך אין הויז און האָט איהם בעזאָרגט מיט אַלעס נויטיגען. דאָס איז געווען דיא בעסטע און גליקליכסטע צייט פון זיין לעבען. זיין גליק האָט אָבער ניט לאַנג גע־דויערט. דער שלים־מזל האָט אַזוי וויא פערפאָלגט דעם יונגען פּאָעט. אין אַ קורצע צייט שפּעטער וויא אבן־גבירול איז אָנגעקומען אין יקותיאל'ס הויז האָט אויס־געבראָכען אַ בירגער־קריעג אין סאראגאסא. דיא אורזאכען פון דעם בירגער־קריעג זיינען ניט בעקאנט; עס איז וואהר־שיינליך געווען איינע פון יענע פּאַלאַץ־רעוואָלוציאָנען, מיט וועלכע דער מיטעלאַלטער איז אַזוי רייך. אַן אָנקעל פון דעם קעניג איז געווען דער אָנפיהרער פון דיא רעבעלען. זיי האָבען זיך אריינגעכאַפּט אין פּאַלאַץ און האָבען ערמאָרדעט דעם קעניג. דערביי האָבען זיי נאַטירליך אויך ניט געשאָ־נעוועט דעם קעניג'ס פריינד און ראַטהגעבער. יקותיאל אבן־האסאן איז ארעסטירט געוואָרען און שפּעטער האָט מען איהם הינגעריכטעט.

א ב ן־ג ב י ר ו ל איז ווידער געבליבען אַליין און אָהן שום שטיצע. נאָך זיין בעשיצער'ס טויט האָט ער זיך לאַנג ניט געקענט אויפהאַלטען אין סאראגאסא. ער האָט געגען זיך ערוועקט דעם צאָרן פון דיא ס א ר אַ ג א ס א ר נכבדים דערמיט, וואָס ער האָט זיי שטארק אַטאַקירט אין איינעם פון זיינע ספרים. ער האָט אפילו זייערע נעמען ניט דערמאָהנט, אָבער זיי האָבען זיך דערקענט. ער איז געצוואונגען געוואָרען צו פערלאָזען דיא שטאָדט און אָנ־פאַנגען צו פיהרען אַ וואַנדער־לעבען. דאָס האָט פּאַסירט אין יאהר 1045, ווען אבן־גבירול איז אַלט געווען קרוב פון פינף און צוואַנציג יאָהר.

נאָך אַ לענגערען אָדער קירצערען ארומוואַנדרעווען איז ער אָנגעקומען קיין ג ר א נ א ד אַ, וואו ר' ש מ ו א ל ה נ ג י ד האָט איהם מקרב געווען און אריינגענומען צו זיך אין הויז. אבן־גבירול האָט ווידער געפונען רוהע פאַר אַ געוויסע צייט. אין יענער צייט האט ער זיך, וויא עס ווייזט אויס, אָפּגעגעבען מיט'ן שרייבען זיינע פילאָזאָפישע און עטהישע ווערק. לאַנג אָבער האָט ער זיך אויך ביי שמואל הנגיד ניט אויפגעהאַלטען. צוליעב אַן אונבעקאַנטע סיבה איז פּאָרגעקומען אַ פערפרעמדונג צווישען זיי ביידען.

פון זיין ווייטערען לעבען ווייסען מיר גאָר ניט. מיר ווייסען אפילו ניט וויא לאַנג ער האָט געלעבט און וואו ער איז געשטאָרבען. לויט דער בעהויפּטונג פון י ה ו ד ה א ל ח ר י ז י, איז ער געשטאָרבען נאָך גאר יונג, פאַר דרייסיג יאָהר. ג ר ע ט ץ מיינט, אַז ער איז געשטאָרבען אין יאָהר 1069 אָדער 1070, אַלזאָ אין עלטער פון קרוב פופציג יאָהר. גרעטץ דרינגט עס ארויס פון אַ ליעד, וואו עס ווערט דערמאָהנט, אַז עס איז שוין 461 יאָהר זינט דאָס אידישע פאָלק ליידט פון דיא מאהאָמעדאַנער, אַלזאָ אין יאָהר 1068. אַנדערע היסטאָריקער מיינען, אַז ער איז געשטאָרבען אין יאָהר 1058. עס איז אָבער ניטאָ קיין גרונד פאַר וואָס מען זאָל ניט אָננעהמען דיא עדות פון אַ ל ח ר י ז י, וועלכער האָט געלעבט אין דרייצעהנטען יאָהר־הונדערט, סך הכל צוויי

הונדערט יאָהר שפּעטער נאָך אבן־גבירול. וויא דיא זאַך זאָל ניט זיין, בעשטימט ווייס מען ניט ווען ער איז געשטאָרבען.

עס איז אויך ניט בעוואוסט ווא ער איז געשטאָרבען. דיא פאָלקס־פאַנטאַזיע האָט בעשאַפען אַ שעהנע לעגענדע וועגען זיין טויט. דיא דאָזיגע לעגענדע דערצעהלט: „אַן אַראַבישער דיכטער, וועלכער האָט זיך געפיהלט זעהר שטאַרק געקרייגקט, וואָס אבן־גבירול'ס ליעדער זיינען בעסער און מעהר בעריהמט פון זיינע, האָט איהם פון קנאה ערמאָרדעט. צו פערבאָרגען זיין פערברעכען האָט ער דעם קערפּער פון דעם ערמאָרדעטען פּאָעט בעגראָבען אין זיין גאָרטען אונטער אַ פייגענבוים. פון דאַמאָלס אָן האָט דער בוים אָנגעפאַנגען צו בליהען און בריינגען פרוכט פריהער וויא אַלע אַנדערע ביימער. דיא פרוכט זיינען אויך געווען אויסערגעוועהנליך שעהן און זיס. דער קלאַנג וועגען דעם וואונדערבאַרען פייגען־בוים האָט זיך גענומען פערשפּרייטען איבער'ן גאַנצען לאַנד ביז עס איז צוגעקומען צום קעניג, וועלכער האָט געהייסען די גאַנצע זאַך אויספאָרשען. דער מערדער האָט זיך דאַן מודה געווען אין זיין פערברעכען, און ער האָט בעקומען זיין שטראָף".

* * *

זיין פּאָעטישער טאַלאַנט האָט זיך ביי איהם גענומען פערנאַנדערבליהען, ווען ער איז נאָך געווען אַ גאַנץ יונגער אינגעל. צווישען זיינע איבערגעבליעבענע ליעדער געפינען זיך צוויי אין וועלכע ער אַליין דערצעהלט, אַז ער איז בלויז זעכצעהן יאָהר אַלט. ער האָט זיך שוין דאַמאָלס אויסגעצייכענט מיט דער רייכקייט און ווייכקייט פון זיין שפּראַך, מיט זיין שעהנער פאָרם און מיט דער לייכטקייט פון זיינע גראַמען.

דיא דאָזיגע צוויי ליעדער זיינען כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם פּאָעט און זיין נשמה־צושטאַנד אין יענער צייט. אין דער ערשטער ליעד זעהט מען אַרויס דעם שטאָלצען, זעלבסט־בעוואוסטען, כמעט זעלבסט־בעריהמערישען, יונגען בחור'ל.

וועלכער איז אזוי זיכער אין זיינע כוחות און צווייפעלט ניט פאר א מאָמענט אין זיין גרויסקייט און בעדייטונג: די זעלבסטזיכערקייט און זעלבסטצופריעדענהייט פון דער יוגענד. אין דער צווייטער ליעד זעהט מען דעם איינפלוס, וואָס זיינע פערזענליכע ליידען האָבען שוין דאַמאָלס אויסגעאיבט אויף זיין פּאָעזיע.

.1

איך בין דער דיכטער, דאָס ליעד איז מיין קנעכט;
איך בין דאָס פיעדעל — צום שפּיעלען געגעבען.
מיין גוף געהט ארום אויף דער ערד, און מיין זעעל
אריבער די וואָלקענס צום הימעל טוט שוועבען.
מיין הארץ איז פערשטענדיג ווי ס׳הארץ פון א גרייז
און בין ערסט אין זעכצעהנטען יאָהר פון מיין לעבען.

.2

געמישט איז מיט זאָרג מיין געזאַנג
און מיין שמחה — מיט טרויער.
איך זעה מענשען לאכען, און איך —
אויף מיין לעבען איך וויין און בעדויער.

ווי פּאסט עס, איך פרעג דיך, מיין פריינד,
פאר א אינגעל פון זעכצעהן
ניט שיינען מיט באַקען ווי רויזען צובליהטע,
נאָר קלאָגען און קרעכצען?

פון קינדווייז נאָך אָן האָט מיין אייגענע הארץ
מיך פער׳משפּט צום טרויער:
דערפאר איז מיין לעבען בעטריעבט,
איך בעוויין און בעדויער.

(איבערזעצט פון ח. לייוויק).

דיא טראַגישע ענדע פון זיין פריינד און בעשיצער יקותיאל אבן־הסאן האָט געמאַכט צ שוידער־

ליכען איינדרוק אויף דעם יונגען פּאָעט, וועלכער האָט וועגען דעם אָנגעשריעבען מעהרערע הספד־ליעדער. דיא דאָזיגע ליעדער האָבען געמאכט אונשטערבליך דעם נאָמען פון י ק ו ת י א ל  א ב ן־ה א ס א ן. דאָ וועט זיין גענוג צו בריינגען בלויז אַ פּאָר פערזען פון זיי:

.1

זעה ווי שעהן איז די זון ביים פערגעהן,
ווי זי וואָלט אין וויאָלעט זיך פערהילט;
זעה דעם הימעל צו דרום און צפון,
און דעם מערב אין פורפור צושפּיעלט.

די זון וועט דער וועלט באלד פערלאָזען,
דער אבענד קומט שטיל און קומט קיהל,
און דער הימעל ווערט פינסטער, ווי ער וואָלט
בעטרויערט דעם טוידט פון  י ק ו ת י א ל.

.2

ניט וואונדערט זיך מענשען אויף זון און לבנה,
וואָס זיינען פערטונקעלט געוואָרען.
ווען זיי וואָלטען פיהלען מיין הארץ און מיין וויטאָג,
זיי וואָלטען צעשפּרונגען געוואָרען.

(איבערזעצט פון נפתלי גראס).

ווען ער איז געוואָרען עלטער דאָט ער אזוי וויא שלום געמאכט מיט זיין שיקזאַל. ער בעקלאָגט זיך ניט מעהר אזוי ביטער אויף זיינע אייגענע פערזענליכע ליידען. דיא צרות פון דעם גאנצען כלל, דער לאנגער, ביטערער גלות, דיא אידישע פערשקלאַפונג און דיא האָפנונג אויף דיא ערלייזונג ווערען דיא טהעמאן פון זיינע ליעדער. זיין אייגענער צער און אונגליק ווערט וויא פערלאָרען אין דעם גרויסען צער און אונגליק פון גאַנצען פאָלק.

* * *

שלמה אבן־גבירול איז איינער פון די ערשטע און גרעסטע אידישע נאַציאָנאַלע פּאָעטען. אַ חוץ ר׳ יהודה הלוי, וועלכער האָט געלעבט שפּעטער פון איהם און איז געוועזען געוויסערמאַסען זיין נאָכפאָלגער, געפינט זיך קיינער ניט, וואָס זאָל זיך קענען פערגלייכען מיט איהם אין דיעזער הינזיכט. דער נאַציאָנאַלער וועהטאָג און דער חורבן פון לאַנד און אומה זיינען גאַנץ אָפט די טהעמען פון זיינע טרויער־ליעדער און תפילות. די אידישע האָפנונג אויף דער גאולה, וואָס איז נאָך ניט מקוים געוואָרען; דער לאַנגער גלות, וואָס קיינער ווייס ניט, ווען עס וועט נעהמען אַ סוף צו איהם ווערט בעקלאָגט אין פאָלגענדען ליעד:

שפּראָץ אויף, דוד׳ס שטאַם, און בליה אויפ׳ס ניי ;
געננג בעגראָבען זיין—דער ווינטער איז פאַרביי.
פאַרוואָס זאָל האַר דורך קנעכט געפייניגט זיין מיט שאַנד ?
ווי לאַנג וועט יעקב זיין געדריקט פון עשיו׳ס האַנד ?
שוין טויזענד יאָהר איז מיר מיין גלות־לעבען שווער,
און וואַנדער ווי אַ פויגעל אין מדבר וויסט און לעער.
און קיינער ברענגט קיין טרויסט—גאָט׳ס מלאך איז פערשטומט !
ווער קען ענטפּלעקען מיר דעם טאָג פון אויסלייזונג ווען קומט ?

(איבערזעצט פון ב. ר. ביעלאָסטאָצקי.)

די פאָלגענדע פערזען זיינען אויסציגע פון אַ ריהרענדע תפלה, אין וועלכער דאָס אידישע פאָלק בעקלאָגט זיך, פאַר וואָס גאָט לאָזט איהם אזוי לאַנג שמאַכטען אין גלות:

געפאַנגען און געפּלאָגט אין לענדער ווייט און פרעמד,
גענומען פאַר אַ דיענסט און ווי אַ דיענסט פערשעמט,
פון זינט האָסט מיך פערלאָזען, וואַרט איך אויף דיין גליק,

איך, פיעל געפלאָגטער, קעהר מיך אום אהיים צוריק.
אַן ענד האָט יעדער אַנהויב, מיין בראָך האָט ניט קיין
ענד,
מיין וואונד האָבען די יאָהרען פערהיילען ניט געקענט.
אין גלות'דיגען זומפּ בין איך פערזונקען טיעף
און קיינער שטעלט קיין מאַסטבוים ארויסצוציהען מיין
שיף.

* * *

ווי לאַנג וועסטו אזוי נאָך האַלטען מיך אין שאַנד?
ווען וועט דאס קול פון טערקעלטויב זיך הערען אין מיין
לאַנד?

(איבערזעצט פון אוערבאך.)

אזעלכע ליעדער וואָס דריקען אוים דעם נאַציאָנאַלען וועה
און די נאַציאָנאַלע האָפנונג געפינען זיך ביי גבירול א
היבשע צאָהל. אבער פיעל מעהר אין צאָהל און אויך טיעפער
און לירישער זיינען זיינע ריין רעליגיעז־פילאָזאָפישע ליעדער.
אין זיי בעקלאָגט ער דעם צער און וועהטאָג פון דעם מענשען
בכלל, ניט בלויז פון דעם אידען אלס איד; זיי זיינען אל־
געמיין מענשליך.

אבן־גבירול, ווי מיר וועלען ווייטער זעהן, איז אין
זיין פילאָזאָפיע שטארק בעאיינפלוסט געוואָרען פון פּלא־
טאָ און זיינע שפּעטערע תלמידים, איבערהויפּט פון פּלאָ־
טינוס. דער יסוד פון דעם אמת'ען וויסען, פון דער ריינער
ערקענטניס, זיינען ניט אונזערע חושים, נאָר דער שכל. די
מענשליכע חושים זיינען אין זייער טבע בעגרענעצט און אלץ
וואָס זיי בעגרייפען זענען נאָר די ערשיינונגען פון די
זאכען, אָבער ניט די זאכען גופא, אין זייער עצם. א חוץ די
וועלט פון ערשיינונגען, א חוץ די וועלט וואָס מיר בעגרייפען
דורך אונזערע חושים, וועלכע מוז זיין מטושטש און ניט קלאָר,
ווייל אונזערע חושים זיינען בעגרענעצט, איז דאָ די אמת'ע
וועלט, די וועלט פון ווירקליכקייטען, די וועלט ווי זי איז, די

„אידעען־וועלט“, ווי פּ ל א ט אָ רופט עס אָן. די מענשליכע נשמה איז אַ טייל פון דער גרויסער וועלט־נשמה. איידער זי קומט אריין אין גוף פיהרט זי אַ ריין־רוחניות'דיגען לעבען. בשעת זי געפינט זיך אין יענעם צושטאַנד זעהט זי און בעגרייפט די אמת'ע וועלט, די וועלט ווי ז י א י ז און ניט בלויז ווי ז י ע ר ש י י נ ט,—די „אידעען־וועלט“. קומט זי אָבער אריין אין גוף ווערט זי פעראונרייניגט און פערגרעבט דורך די ליידען און פערלאנגען פון דעם קערפּער. זי קען מעהר ניט בעגרייפען דעם ריינעם אמת; זי זעהט די וועלט בלויז דורך די חושים, דורכ'ן גוף: זי זעהט בלויז אן אפּשפּיעגלונג פון דער ווירקליכקייט, א מעהר אדער ווענינער עהנליכען בילד, אבער ניט די זאכען גופא.

דער גוף איז פאר דער נשמה אזוי ווי א תפיסה. ער דערלאָזט איהר ניט אריינדרינגען אין די עולמות העליונים פון וואַנען זי שטאַמט; ער דערלאָזט איהר ניט הנאה האָבען פון דער לויטערקייט פון דער „אידעען־וועלט“. די נשמה רייסט זיך אבער פון איהר תפיסה, זי שטרעבט אַהין פון וואַנען זי קומט. זי האָט אַ געוואַלדיגע תשוקה, אַ מין ברענענדע ליעבע (דער „עראָס“ פון פּלאַטאָ) זיך צו פעראייניגען און בעהעפטען מיט איהר מקור. און געלינגט דעם מענשליכען שכל אריינצודרינגען אין דער „אידעען־וועלט“, אין די „עצמיים הפשוטים“, ווי ג ב י ר ו ל רופט זיי אָן, „איז עס די גרעסטע רוהע און דער העכסטער פערגניגען“.

פאר א ב ן ־ ג ב י ר ו ל איז זיין פילאָזאָפיע געווען מעהר ווי אַ פילאָזאָפיע, מעהר ווי אַ בעשטימטע וועלט־אנשויאונג, מעהר ווי אן איבערציינונג און מיינונג. זי איז אזוי ווי אַ טהייל פון זיין וועזען. ער האָט ניט בלויז געדענקט, נאָר טאקע אויך ג ע פ י ה ל ט פּלאַטאָניש, אויב מען קען זיך אזוי אויסדריקען. ער האָט זיך געפיהלט אלס א טהייל פון דער גרויסער וועלט־נשמה, מיט וועלכע ער דארף זיך צוזאמענגיסען, ווייל נאָר אין דעם בעשטעהט דער אמת'ער מענשליכער גליק. אין אַ שטעלע פון זיין ספר „מקור חיים“ רעדט

ער פון אן עקסטאסטישען צושטאנד, אין וועלכען דער מענש קען זיך דערהויבען צו אזא הויכקייט, אז ער זאל מיט'ן שכל קענען דערגרייכען צו די העכסטע ספערען. „דו וועסט זיין איינס מיט זיי און אין זיי".

אט די דאזיגע געפיהלען דריקט ער אויס אין זיינע רעלי־גיעזע ליעדער. זיי זיינען אן אויסגוס פון זיינע אינערליכסטע געפיהלען, א „השתפכות הנפש", א חשבון צווישען מענש און גאט, א שטרעבען און א תשוקה פון זיין נשמה זיך צו בעהעפ־טען מיט איהר קוואל.

זיינע תפילות זיינען ניט קיין תחנונים און בקשות אויף לאנג לעבען, אויף נחת פון קינדער אדער אויף פרנסה. דאס זיינען אלץ קליינינקייטען, אלץ שפל'ע און ניט וויכטיגע ענינים, וועגען וועלכע עס לוינט זיך גאר ניט צו זארגען. וואס פאר א ווערטה האט דער מענשליכער גליק אדער אונגליק, ווען דאס גאנצע ערדישע לעבען איז איין גרויסער צער? וואס טויג דאס מענשליכע לעבען, ווען עס ענדיגט זיך סיי ווי סיי מיט'ן טויט? וואס טויג דאס מענשליכע גליק, ווען עס איז סיי ווי סיי בלויז א רגע? וואס טויג איהם זיין עשירות, זיין גדולה און זיין כבוד, ווען ער קען זיי ניט מיטנעהמען מיט זיך אין קבר? אט דיעזע טרויעריגע געדאנקען וועגען דעם וועלט־שמערץ טרייבט אבער ניט גבירול'ן צו פערצוויי־פלונג און צום פעסימיזם. אין זיין רעליגיעזען עקסטאז געפינט ער אן אויסוועג: דער מענש האט א העכערען ציעל, א העכערע אויפגאבע—ער דארף שטרעבען זיך צו פעראייניגען מיט זיין מקור. צו וואס זיך קלעמען און זארגען וועגען די קליינליכע, אלטעגליכע צרות? צו וואס זיך פרעהען מיט'ן נארישען, פערפליהענדען ערדישען גליק?

פערגעס אן דיין טרויער,
מיין אונרוהיג הארץ.
ניט פארכט און בעדויער
דעם ערדישען שמערץ.

באַלד וועט פון דיין קערפּער
דאָס לעבען פערגעהן,
און אלץ ווערט צונישט,
גלייך ס'וואָלט גאָרניט געווען.
דו מוזט אָבער ציטערן
פאַר'ן טויט, פאַר דעם ביטערן,
מוזט האָפען און בעטען
צו גאָט און זיין גנאָד
אפשר וועט בעטען
דיך שיצען און רעטען—
ווען דו ועסט גענעהנען
צום אייביגען לאַנד,
צו קריגען דיין לוין
פאַר די ווערק פון דיין האַנד.

וואָס ציטערסטו האַרץ מיינס,
און וואָס טהוט דיר באַנג?
וואָס ביזטו אין טרויער
פאַר דער וועלט און איהר גאַנג?
פליהט אַרוים די נשמה,
ווי ס'קומט נאָר דער רוף,
פערשטומט און פערשטיינערט
בלייבט איבער דער גוף.
און ווען דו קעהרסט אום זיך
צום שטויב פון דער ערד,
אָך, וואָס נעמסטו מיט
פון ערדישען ווערטה?
דאַן טרייבט עס און ציהט דיך,
ווי א פויגעל, וואָס פליהט גיך
צוריק צו זיין נעסט.
וואָס גיכער צו קומען
צום אייביגען לאַנד,
צו קריגען דיין לוין
פאַר די ווערק פון דיין האַנד.

וואָס העלפט דיר דאָס וויינען
אינ׳ם לאַנד פון פערגעהן?
הערשאַפט און קרוינען
וועלען זיין צו געוויין.
דאָס גוטע איז ליגען,
די ליעבע—בעטרוג;
און אלץ איז געגליכען
צו אַ פייל אינ׳ם פלוג.
ס׳וועט אלעס פערפליהען,
און צו אַנד׳רע אוועק—
און וואָס איז דיין מיהען
דיין גאַנצער פאַרמעג,
ווען דו וועסט געגעהנען
צום אייביגען לאַנד,
צו קריגען דיין לוין
פאַר די ווערק פון דיין האַנד.

דאס לעבען—אַ וויינשטאָק,
אַ מעסער—דער טויט.
און וואו נאָר דו געהסט—
דער טויט דיך בעגלייט.
ווי קורץ איז דער טאָג,
און ווי ווייט נאָך דער ציעל!
די האָפנונג איז ליגען
און פאַלשקייטען פול.—
דו לאָז זיך בעגניגען
מיט טרוקענעם ברויט;
פערגעס אָן דיין קומער,
און פאַרכט זיך דעם טויט—
ווען דו וועסט געגעהנען
צום אייביגען לאַנד,
צו קריגען דעם לוין
פאַר די ווערק פון דיין האַנד.

צימער אויף ווי א טויב,
דו ארעמער, דו!
זארג זיך און גלויב
אין דער הימלישער רוה.
רוף צו גאט און זיין גנאד
יעדען טאג, יעדע שעה,
יעדע ווייל, וואס ביזט דא; —
וויין פאר איהם שטענדיג
און בעט אין דער שטיל,
און טהו אלעס שטענדיג
אזוי ווי ער וויל.
דאן וועלען מלאכים
דיך אויפווארטען דארטען,
זיי וועלען דיך פיהרען
צום הימלישען גארטען;
זיי וועלען דיך ברענגען
צום אייביגען לאנד,
צו קריגען דעם לוין
פאר די ווערק פון דיין האנד

(איבערזעצט פון נפתלי גראסס.)

רעדענדיג וועגען זיינע רעליגיעז-פילאזאפישע ליעדער איז אונמעגליך ניט צו דערמאנען די גרעסטע און וואונדערבארסטע פון זיי אלע, זיין „כתר חכמה“. דאס איז אן אדע, א שבח צום וועלטען-שעפפער, וועלכע האט צו זיך קיין גלייכען ניט אין דער גאנצער וועלט-ליטעראטור. אין איהר האט גבירול אין א פאעטישע פארמע איבערגעגעבען ניט בלויז זיין פילאָזאפיע, נאר דעם גאנצען תוך פון זיין וועזען, די גאנצע בענקענים פון זיין נשמה, זיין גאנצען שטרעבען זיך צו פעראייניגען און צו ווערען א טייל פון דער אונענדליכקייט.

מיט אבן-גבירול האט פאסירט דאס, וואס מיט פיעלע אנדערע. ארויסגעהענדיג פון דעם העכסטען בעגריף פון גאט, בעטראכטענדיג גאט אלס דאס העכסטע פון אל-

העכסטע, וועמען ניט די מענשליכע חושים און ניט אפילו דער מענשליכער שכל קען משיג זיין, פאנגען זיי זיך אן צו פיהלען אלס איינס מיט איהם. עס קומט אויס, אז וואס מעהר זיי דערהעכערען גאט, וואס מעהר זיי דערווייטערען איהם פון זיך, אלץ נעהענטער ווערען זיי צו איהם, אלץ מעהר פיהלען זיי איהם און געפינען איהם אין זיך. פון דעם סאמע העכסטען בעגריף וועגען גאט, וועלכער ווייזט אויס ווי א פראקטישער אטהעאיזם, פאלען זיי אריין אין א מין רעליגיעזען עקסטאז. דאס ווייזט אויס ווי א ווידערשפרוך, אבער דאס איז דאך א פאקט. אזוי איז געווען דער פאל מיט די אלטע אינדישע מיסטיקער, מיט מאנכע פון די קריסטליכע מיסטיקער, מיט די מאהאמעדאנישע „סופים", מיט די אידישע „מקובלים" און טיילווייז אפילו מיט ברוך שפינאזא. דאס איז אויך געווען דער פאל מיט אבן־גבירול. ווי אזוי דאס קומט פאר איז איינע פון די אינטערעסאנטסטע רעטעניסען פון דער מענשליכער נשמה.

* * *

אבן־גבירול איז אין זיין פילאזאפיע שטארק בעאיינפלוסט געווארען פון פלאטא און זיינע שפעטערע מפורשים, דיא ניי־פלאטאניקער, הויפטזעכליך פון פלאטינוס. פלאטא'ן דערמאהנט ער אין זיין ספר „מקור־חיים" און אין פיעלע פונקטען קומט ער זיך צוזאמען מיט פלאטינוסען.

פאלקירא, דער העבראישער איבערזעצער פון „מקור חיים", זאגט אין זיין הקדמה, אז גבירול האלט זיך אן דער שיטה פון דעם גריכישען פילאזאף עמפעדאקלס. אבער אזוי וויא עס איז ניטא קיין שום עהנליכקייט צווישען עמפעדאקלס און גבירול'ס פילאזאפיען, גלויבט מען, אז פאלקירא האט געמיינט די „פאלשע עמפעדאקליסטען". דאס זיינען געווען שריפטען פון אונבעוואוסטע שרייבער, וואס האבען ארויסגעגעבען זייערע אייגענע ווערק אויף עמפעדאקלס נאמען. אין דיא דאזיגע

שריפטען האָבען זיך געפונען צוזאמענגעמישט געדאנקען פון פּ ל א ט א ן, פון א ר י ס ט אָ ט ע ל ס ע ן און דיא לעהרע וועגען דיא עלעמענטען פון ע מ פּ ע ד אָ־ ק ע ל ס. א טהייל פון דיא דאָזיגע פאלש־עמפּעדאָקעלשע לעהרען זיינען אויך אריין אין דיא אידישע געהיים־לעהרען, דיא „קבלה“, מיט וועלכע אבן־גבירול איז אָהן צווייפעל געוועזן בעקאַנט. דאָס קען מען זעהן פון מאנכע פון זיינע ליעדער, וואו ער געברויכט געוויסע קאבאליסטישע אויס־דריקע; אין איינע פון זיי צום ביישפּיעל רעדט ער וועגען „די צוויי און דרייסיג שטעגען פון חכמה“. — אַן אויסדרוק פון דעם בעריהמטען „ספר־יצירה“.

ג ב י ר ו ל איז אלזאָ אין זיין פילאָזאָפיע בעאיינ־פלוסט געוואָרען פון פּלאטא און זיינע תלמידים, פון דיא „פאלשע עמפּעדאקעליסטען“ און פון דער „קבלה“. פון דיא אלע האָט ער אָבער אויסגעארבייט אַן אייגענע, אַן אָריגי־נעלע, פילאָזאָפיע, וועלכע איז, אמת, אין מאַנכע שטעלען גאַנץ טונקעל, אָבער אין וועלכע עס געפינען זיך פיעלע גע־דאנקען, וואָס זיינען מיט אַ לאַנגע צייט שפּעטער שארפער און קלאָהרער ארויסגעזאָגט געוואָרען פון שפּינאזא.

לאָמיר געהן כסדר:

„עס עקזיסטירען נאָר דריי: 1) דיא ערשטע סובּ־סטאַנץ; 2) מאַטעריע און פארם; 3) דער „ווילען“ וואָס בינדט זיי צוזאמען“ (אין במציאות אלא שלשה: העצם הראשון, היסוד והצורה, הרצון האמצעי בין שתי הקצוות). אַלע אַנדערע עקזיסטירענדע געפינען זיך אין זיי און שטאַ־מען פון זיי.

דיא ערשטע סובּכטאַנץ, אָדער וויא גבירול רופט עס „עצם הראשון“ (אויך „מצוי הראשון“).—דאָס איז גאָט. וועגען איהם גופא, וועגען זיין „מהות“, ווייסען מיר גאָר ניט און מיר קענען גאָר ניט וויסען. „ער שטעהט העכער פון אַלע בעגריעפען און אַלע פּאָרשונגען, ווייל ער איז דער טרעגער און בעוועגער פון אונזער וויסען (כי הוא הנושא והמניע את ידיעתנו“). מיר קענען זיך בילדען א פּאָרשטעלונג פון

זיין עקזיסטענץ בלויז דורך דיא ווירקענדע כוחות, וואס קומען ארויס פון איהם און זיינען א טהייל פון איהם, דאס הייסט דורך דיא געשעהעניסען און טהעטיגקייטען אין דעם גאנצען אוניווערזום. מיר זעהען בלויז *פאלגען*, וועלכע צווינגען אונזער שכל זיך צו בילדען א פארשטעלונג פון אן *אורזאכע*. אין *גבירול'ס* ווערטער הייסט עס: פון דעם „עלול" (רעזולטאט) קומען מיר צו דער „עלה" (צו דער אורזאכע); פון דאס געטהאנענע קומען מיר צום טהוער. בעווייזען זיין עקזיסטענץ איז גאר ניט נויטהיג, ווייל ער איז דיא עקזיסטענץ גופא, ער איז אזוי צו זאגען דיא אידעע, דער טרעגער, פון עקזיסטענץ. קוים רעדט איהר וועגען עקזיסטענץ, קוים בעגרייפט איהר עקזיסטענץ, מוזט איהר שוין האבען א פארשטעלונג וועגען איהם, ווייל אהן איהם קען קיין שום עקזיסטענץ ניט זיין, ווייל אלץ וואס עקזיסטירט איז אין איהם און דורך איהם.

ער איז אן אבסאלוטע איינהייט, וואס קען קיינמאל ניט געענדערט ווערען, וואס בלייבט אלע מאל דיא זעלביגע איינהייט. ער איז דיא סאמע *איינפאכסטע* איינהייט.

מיר קריגען א פארשטעלונג פון זיין עקזיסטענץ דורך די כוחות וואס ארבייטען ארויס פון איהם. רעדט מען אבער פון „כוחות" אין איהם, מוזען זיי פערשטאנען ווערען ניט אלס עטוואס אבגעטהיילט פון איהם אדער אויסערהאלב איהם. זיי זיינען אין איהם גופא, אין דעם תוך פון זיין וועזען; זיי זיינען זיינע נויטהווענדיגע אייגענשאפטען. אין *שפינאזא'ס* ווערטער וואלט עס הייסען: „מיר קענען די סובסטאנץ ניט בעגרייפען סיידען דורך איהרע אטריבוטען", סיידען דורך דיא נויטהווענדיגע, אונפערמיידליכע אייגענשאפטען פון איהר, וועלכע דריקען אוים דעם עיקר וועזען פון דער סובסטאנץ.

דיא דאזיגע כוחות אדער, ריכטיגער, נויטהווענדיגע אייגענשאפטען זיינען: 1) „מאטעריע און פארם"; 2)

דער „ווילען“, וועלכע גבירול רופט אויך אן מיט דיא נעמען "חכמה" (דיינקען) אָדער „אמרה" (לאָגאָס).

וואס איז אזוינס מאטעריע? מיט דער דאָזיגער פראַגע בעשעפטיגט זיך גבירול אין זיין ספר „מקור חיים".

סאי אין דעם „מקור חיים" סאי אין דעם „כתר תורה" בעצייכענט גבירול מאטעריע מיט דעם וואָרט „יסוד" און ניט מיט דעם וואָרט „חומר". דאס איז ניט אָהן א ספּעציעלע כונה. „חומר" מיינט קערפּערליכקייט: „יסוד" מיינט פונדאמענט, באזיס. גבירול מיינט מיט „מאטעריע" ניט קערפּערליכקייט, נאָר טאקע דעם פונדאמענט, דעם יסוד. קערפּערליכקייט און מאטעריע זיינען ניט איינע און דיא זעלבע זאך. קערפּערליכקייט איז מאטעריע, אָבער מאטעריע איז ניט אימער קערפּערליכקייט. קערפּערליכקייט איז א געוויסער מין מאטעריע. קערפּערליכקייט איז מאטעריע, וואָס האָט שוין א פאָרמע, אָדער וויא גבירול רופט עס, א „צורה". קערפּערליכקייט איז מאטעריע ביי וועלכע עס איז שוין שייך וועגען, מעסטען, ברייטקייט, לייננג, טיעפקייט, הארטקייט, ווייכקייט און אנדערע אזעלכע פארמען אָדער „צורות". גבירול'ס „יסוד" איז אָבער מאטעריע אָהן אירגענד וועלכע פארמע, און מוז פאָרגליך זיין אונקערפּערליך, ווייל קערפּערליכקייט גופא איז דאך שוין א געוויסע פארמע אדער צושטאנד פון מאַטעריע. גבירול'ס „יסוד" איז אזוי צו זאגען דיא אידעע פון מאטעריע, א רוחניות'דיגע זאך, וואס קען אָננעהמען אלערליי פארמען, אויך די פאָרמע פון קערפּערליכקייט, און האָט אליין קיין פאָרם ניט. זיין „יסוד" איז וויא א ליידיגער פּאַפּיער אויף וועלכען עס איז קיין זאך ניט אָנגעשריעבען, אָבער אויף וועלכען עס איז מעגליך אויפצושרייבען אלערליי פיגורען און געשטאלטען. לאָמיר לאָזען גבירולען ריידען מיט זיינע אייגענע ווערטער:

„דיא מאטעריע" (יסוד), זאָגט ער, „עקזיסטירט אין און פיר זיך אין דער מעגליכקייט (בכוח); זיא געהט אריבער־

אין דער ווירקליכקייט (בפועל) נאָר דאמאָלסט, ווען זי קריגט א פארמע".

„מאטעריע איז נאָר דאָ איינע און זיא געפינט זיך אין אלץ וואָס עקזיסטירט. זיא איז איינע און דיא זעלבע און ווערט ניט געענדערט. זיא קען אָבער אָננעהמען אלערליי פארמען, און דיא ענדערונגען און פערשיעדענהייטען וואָס מיר בעגרייפען קומען פון דיא פערשיעדענע פארמען. א נאז־באנד, אן אוירינגעל, א חתימה קענען אלע געמאכט ווערען פון גאָלד. דאָס גאָלד איז דיא זעלבע נאָר דיא פארמען זיי־נען פערשיעדען".

„דיא מאטעריע איז ניט קיין קערפער, וואָס פערנעהמט פלאטץ. זיא איז דער פלאטץ פאר איהר אינהאלט, פאר דיא אלערליי פארמען וואָס קענען קומען אין איהר" (זיין „יסוד" איז כמעט דאָס זעלבע, וואָס שפינאָזא רופט דער אטריבוט פון א ו י ס ג ע ש פ ר י י ט ק י י ט).

דיא מאטעריע און דיא פאָרמען דארפען אָבער ניט פער־שטאנען ווערען אלס צוויי בעזונדערע זאכען. אין דער מא־טעריע גופא ליגט שוין דיא מעגליכקייט פון דיא אלע פאָר־מען. „זיי געפינען זיך אין דער מאטעריע „בכוח", און ווע־רען ארויסגערופען „בפועל" דורך דעם „ווילען".

וואָס איז אזעלכעס דער ווילען?

אין זיין „מקור־חיים", זאָגט ג ב י ר ו ל, אז ער האָט אָנגעשריבען א בעזונדערע אבהאַנדלונג וועגען דעם. ליי־דער איז זיא פערלאָרען געגאנגען. מען קען אָבער פון געוויסע שטעלען אין „מקור חיים" גופא זיך אָנשטויסען, וואָס ער מיינט דערמיט.

„דער ווילען איז א געטליכע קראפט, וואָס שאפט און בעוועגט אלץ" (הרצון כוח אלהי בורא ומניע לכל). דער „ווי־לען" דארף אָבער ניט פערשטאנען ווערען ווי מיר פערשטעהן געוועהנליך דעם וואָרט ווילען, אלס א שטרעבען אָדער פער־לאנג. דאָס איז ביי גאָט ניט שייך. גאָט קען ניט פערלאנגען עטוואָס, ווייל דאָס וואָלט מיינען, אז איהם פעהלט עטוואָס, וואָס ער האָט ניט. דער „ווילען" מוז פערשטאנען ווערען

אלס אן אונפערמיידליכע אייגענשאַפט פון גאָט, פון זיין מאמע וועזען. ער רופט עס „ווילען" דערפאר, כדי אויסצו-דריקען דעם געדאנק, אז עס איז ניט קיין געצוואונגענע טהעטיגקייט, ארויסגערופען פון אויסערליכע אורזאַכען, נאָר אז ער פליסט ארויס פון דער נאַטור פון „עצם הראשון". דער ווילען איז א נויטהווענדיגע טהעטיגקייט פון גאָט, אָבער ניט אין דעם זינן פון ארויפגעצוואונגענקייט, נאָר ווייל אזוי איז זיין נאַטור. און ווייל עס איז ניטאָ קיין אנדער זאַך אויסער איהם, וואָס זאָל ווירקען אָדער בעאיינפלוסען זיין ווילען, איז עס דער אמת'ער פרייער ווילען. דער ווילען איז אלזאָ א פרייע טהעטיגקייט פון גאָט, ווייל ער קומט ארויס פון זיין נאַטור (אויך דער געדאנק געפינט זיך ביי שפּינאָזא).

דער דאָזיגער „ווילען" איז דער בעוועגער פון אלץ. דער „יסוד" איז אזוי צו זאָגען דער מאַטעריאַל אין וועלכען דיא בעוועגונגען קומען פאר. דער ווילען רופט ארויס די אלער-ליי פאָרמען אין דעם „יסוד". „אלץ וואָס עס עקזיסטירט", זאָגט ג ב י ר ו ל, איז אָבהייננגיג פון ווילען. די מאַטעריע ענטהאלט שוין אין זיך אין דער מ ע ג ל י כ ע ר עקזיס-טענץ אלע פאָרמען; זיי ווערען ארויסגערופען אין דער ו ו י ר ק ל י כ ע ר עקזיסטענץ דורך דעם ווילען". דורך דער פערבינדונג פון דעם ווילען מיט דער מאַטעריע, ביידע נויטהווענדיגע אייגענשאַפטען פון דעם „עצם הראשון", ווערט דער אוניווערזום. דער ו ו ע ר ע ן אדער דיא שאַפּ-פונג דארף אָבער ניט בעטראַכט ווערען אלס א איינמאָל אָב-געטאָנענע זאַך, אלס א ג ע ו ו אָ ר ע ן אָדער ג ע ש ע-פ ע ן. דאָס איז א שטענדיגער פּראַצעס, וואָס קומט שטענ-דיג פאָר אָהן אן אויפהער און אָהן אן איבעררייס. עס איז אן אויביגער ו ו ע ר ע ן. גבירול פערגלייכט דעם שאַפּפונגס-פּראַצעס צו א וואַסער וואס שלאָגט פון א קוואַל.

און פונקט וויא אלץ וואָס עס עקזיסטירט בעשטעהט פון דער איין־איינציגער אלגעמיינער מאַטעריע, פון דעם „יסוד", אזוי ווערט אלץ אויך דורכגעדרונגען מיט'ן ווילען.

יעדע זאך אין דער וועלט, פון דאס גרעסטע ביז דאס קלענ־
סטע, לעבט און האלט זיך אויף דורך און אין דעם ווילען.
פערשטענדליכער צו מאכען זיין געדאנק, מאכט גבירול
דעם פאלגענדען פערגלייך: „דער ווירקענדער ווילען איז
דער שרייבער, די מאטעריע איז דיא פאפיער, דאס אויפגע־
שריבענע איז דער אוניווערזום". „אויף אזא ארט", זאגט
זאגט גבירול, קומט אויס, אז דיא עכסטע סוב־
סטאנץ געפינט זיך און ווירקט אין
אלץ, ווייל דער ווילען געפינט זיך אין אלץ".

אין וואס פאר א שייכות דער ווילען שטעהט צו גאט
איז אייגענטליך ביי גבירול ניט אין גאנצען קלאהר.
פון מאנכע שטעלען קען מען ארויסדרינגען, אז דער ווילען
איז בלויז אן אייגענשאפט פון גאט, עטוואס וואס ליגט אין
זיין נאטור, און איז פאלגליך פונקט אזוי אייביג און ניט בע־
שאפען וויא גאט גופא. פון אנדערע שטעלען דאגעגען ווייזט
אויס, אז דער ווילען האט אן אנפאנג און איז דארום א שעפ־
פונג. אין איין שטעלע אין „מקור חיים" ווערט אויסדריקליך
געזאגט: „הרצון יש לו ראשית, אבל אין לו תכלה" — דער
ווילען האט אן אנפאנג. אבער ניט קיין ענדע. דער זעלבער גע־
דאנג ווערט אויך ארויסגעזאגט אין „כתר תורה":
„ומחכמתך אצלת חפץ מזומן" — פון דיין חכמה האסטו
אבגעזונדערט א ווילען; דער ווילען איז אלזא א
שפעטערע אבזונדערונג פון גאט. דיעזער ווידערשפרוך
ווערט אבער פערשוואונדען, ווען מען בעטראכט דעם ווילען
אלס א קראפט וואס קען זיין אי אין א רוהיגען און
אי אין א טהעטיגען צושטאנד. אין זיין רוהיגען צו־
שטאנד איז דער ווילען איינס מיט גאט און האט קיין אנ־
פאנג ניט. אלס א ווירקענדע קראפט, אין זיין טהע־
טיגען צושטאנד, איז ער א שפעטערדיגער, דאס הייסט — ער
האט אן אנפאנג. דיא וועלט־שעפפונג פאנגט זיך אן מיט
דעם אריבערגאנג פון דעם ווילען פון רוהיגער אין
טהעטיגער ענערגיע. אין דעם זינן איז דער ווילען א
בעשאפענער. קוים אבער איז דער ווילען אריבער אין דעם

צושטאַנד פון טהעטיגקייט, בלייבט ער שוין אימער אין דעם דאָזיגען צושטאַנד, א אימּמער שאַמענדע קראַפט. דער ווילען אלס טהעטיגע קראַפט האָט דארום אן אָנפאנג אָבער ניט קיין ענדע.

דאָ איז אביסעל געקוועטשט, אָבער *גבירול* איז דערצו געצוואונגען געוואָרען, כדי זיין לעהרע זאָל שטימען מיט דער אידישער תורה, וואָס רעדט פון א *באשאַפענע* און ניט פון קיין אייביג־עקזיסטירענדע וועלט. ער האָט זיך אזוי וויא אליין דערשראָקען פאַר זיין אייגענעם געדאנק, וואָס מוז לאָגיש פיהרען צום *פּאַנטהעאיזם*, לויט וועלכען אלץ אין דער נאטור איז גאָט, און גאָט און נאטור איז איינס. ווארום אין תוך גענומען איז ניטאָ קיין גרויסער חלוק צווישען דיא לעהרען פון *גבירול* און *שפּינאָזאַ*. רופט אן גבירול'ס „עצם הראשון" *סובסטאַנץ*; זיין „יסוד" און „ווילען" — *אויסגעשפרייטקייט* און *דיינקען*, האָט איהר פאַר זיך דעם גאנצען שפּינאָציזמוס.

אום אויסצומיידען דיעזען פּאַנטהעאיזם האָט גבירול איינגעבראכט אין זיין פילאָזאָפיע דעם געדאנק פון א ווילען, וועלכער איז אין זיין טהעטיגען צושטאַנד אן אָבזונדערונג פון גאָט. דער דאָזיגער ווילען, זייענדיג אליין אן אייגענשאַפט פון גאָט, דיענט אויך אַלס פערמיטלער, אלס שעפּפער, אלס פערבינדער צווישען דעם „עצם הראשון" און דעם „יסוד". גאָט איז אויף אזא אופן אי *אין* דער נאטור אי *אויסער* דער נאטור. ער איז אין דער נאטור דורך דעם ווילען, וועלכער דרינגט דורך דעם „יסוד" און בעלעבט איהם אין זיינע אונצעהליגע פאָרמען; ער איז אויך אויסער דער נאטור אלס איהר שעפּפער. אויף שפּינאָזא'ס לשון וואָלט עס הייסען: „גאָט און וועלט זיינען ביידע נאטור, אָבער גאָט איז דיא *שאַפענדע* נאטור און דיא וועלט איז דיא *געשאַפענע* נאטור".

אין צוויי וויכטיגע פונקטען שיידעט זיך אונטער גבירול׳ס פילאָזאָפיע פון דיא לעהרען פון פלאטא און זיינע תלמידים.

דער ערשטער פונקט איז דיא „מאַטעריע". ביי פלאטא איז דיא מאַטעריע א עטוואָס, וואָס שטעהט אויסערהאלב גאָט, זאָגאר אין געגענזאַטץ צו איהם. אין דעם אוניווערזום איז דאָ א מין „דואליזם", א צווייאיגקייט: א וועלט פון „רוחניות" און א וועלט פון גשמיות. ביי גבירול איז דיא מאַטעריע גופא אן אייגענשאַפט פון גאָט און איז אויך א רוחניות. דער אוניווערזום איז אלזא א פאָלשטענדיגע איינ־הייט, א „מאָנאָאיזם". פלאטינ׳ס בעטראַכט שוין אפילו דיא מאַטעריע אלס אן אויסשטראהלונג פון גאָט, אָבער אלס דיא סאמע לעצטע און דיא סאמע גרעבסטע. ביי גבירול שטעהט דיא מאַטעריע אויף זעהר א הויכע מדרגה, זי איז זאָגאר העכער פאר דעם „שכל־הכללי" (דעם „וועלט־גייסט"), וועלכער בעשטעהט אויך פון דער דאָזיגער מאַטעריע.

דער צווייטער פונקט איז דער „ווילען". דיא אויס־שטראהלונגען פון די אלע וועלטען פון דער ערסטער אור־זאכע קומט פאָר, לויט פלאָטינוס, אָהן אירגענד וועלכע כונה, פלאַן אָדער ווילען. גבירול ברענגט אריין דעם ווילען, וואָס דאָס מיינט, אז דער „עצם־הראשון" איז ניט אינדיפערענט צו דעם שאפונג־פּראָצעס וואָס קומט פאר דורך איהם און אין איהם, אז ער, פערקעהרט, האָט א קלאָרען בע־וואוסטזיין פון אלץ וואָס עס קומט פאָר.

דיא שעפּפונג שטעלט זיך גבירול פאָר אלס אן אריבערגאנג פון אייןפאכען צום פיעלפאכען, אלס א דיפע־רענצירונג. גאָט איז דיא אבסאלוטע איינהייט, וואָס מוז אלע מאָל בלייבען אן איינהייט. אין זיין עצם קענען ניט פארקו־מען קיינע ענדערונגען. „דיא אלגעמיינע מאַטעריע", זאָגט גבירול, „איז אויך אן איינהייט, אָבער שוין ניט קיין אבסא־לוטע, ווייל זיא ווערט געענדערט לויט דיא פארמען וואָס זיא נעהמט אָן".

אַלע געשאַפענע, אפילו דיא וואָס שטעהען אויף דער העכסטער מדרגה פון דער שעפּפונג, פערליערען זייער איינ־הייט, ווייל זיי זיינן צוזאמענגעשטעלטע. אפילו דער „שכל הכללי" (פּלאטאס „וועלט־נשמה") איז שוין ניט קיין אמת'ע איינהייט, ווייל ער איז צוזאמענגעשטעלט פון דער מאַטעריע אויף וועלכע עס האָט געווירקט דער ווילען. וואָס מעהר דיא געשאַפענע ווערען דערווייטערט פון קוואַל, פון דעם „עצם הראשון", אַלץ וועניגער השפעה קריגען זיי. זיי קריגען שוין די השפעה ניט דירעקט פון דעם עצם הראשון, נור פון די בע־שאַפענע וואָס שטעהען העכער פון זיי. די אונטערשטע וועל־טען ווערען בעאיינפלוסט פון די אויבערשטע, אזוי אז דער „ווילען" געפינט זיך ניט מעהר ביי זיי אין דער זעלבער מדרגה פון שטאַרקייט. וואָס ניעדריגער דיא בעשאַפענע שטעהען, אַלץ מעהר ווערען זיי פערפיעלפאכט און צוזאמענ־געשטעלט. זיי פערליערען אלץ מעהר פון דער השפעה פון דער איינהייט און ווערען אלץ מעהר צובראָכען און פערשיעדענאַרטיגער. אזוי קומען פאר א גאנצע רייהע פון דיפערענצירונגען און פערגרעבונגען איינע נאָך דער אנדע־רער ביז עס קומט צו דער וועלט פון קערפּערליכקייטען, צו אונזער וועלט. דיא ניעדריגערע וועלטען זייגען אזוי וויא קאָפּיעס פון דיא העכערע, און זיי זיינען דערפאר ניט אזוי קלאָהר און בולט וויא דער אריגינאַל.

זיי ווערען פערגרעבט און פערקערפּערט ניט ווייל גאָט'ס השפעה ווערט קלענער, נאָר ווייל זיי קענען ניט געניסען פון איהר גאנצער שטאַרקייט, זיי קענען ניט ארייננעהמען אין זיך דיא גאנצע שפע פון ליכטיגקייט. אַלע בעשאַפענע האָבען, צוליעב דיא געטליכע כוחות וואָס געפינען זיך אין זיי, א לוסט זיך צוריקצוקעהרען צו זייער קוואַל. וואָס גרעסער דיא דאָזיגע לוסט איז אין זיי, אַלץ אויף א העכערע מדרגה קענען זיי דערגרייכען, אַלץ מעהר השפעה קריגען זיי.

אין דיא דאָזיגע לעהרען פון ג ב י ר ו ל געפינט זיך שוין דיא גאנצע טהעאָרעטישע „קבלה", וועלכע האָט צווישען דיא איבעריגע אויך איבערגענומען דיא לעהרע וועגען ווי־

לען. דער קאבאליסטישער „אור ווילען" („רצון הקדום") איז
גבירול'ס ווילען.

דיא פילאָזאָפיע פון ג ב י ר ו ל האָט פערהעלטניס־
מעסיג געהאַט א קליינעם איינפלוס אויף דעם וויטערען
גאנג פון דער אידישער פילאָזאָפיע. איהר איינפלוס איז קענ־
טיג אויף דיא פילאָזאָפיען פון י ו ס ף א ב ן־צ ד י ק,
א ב ר ה ם א ב ן־ע ז ר א און מאנכע אנדערע, וועלכע האָ־
בען אָבער געשפיעלט א קליינע ראָלע אין דער אידישער
פילאָזאָפיע. ג ב י ר ו ל'ס פילאָזאָפיע איז צו פאנטהע־
איסטיש און איז אין איהר גייסט געגען דעם אידישען מאָ־
נאטהעאיזם, וואָס בעטראכט דיא נאַטור אלס א ו י ס ע ר־
ה א ל ב גאָט. אגב זיינען באלד געקומען אויף'ן פעלד דיא
פאָרקעמפפער פון דער אריסטאָטעלישער פילאָזאָפיע און דיא
פערזאָנען פון א ב ר ה ם א ב ן־ד א ו ד און דעם
ר מ ב " ם. דער אריסטאָטעליזם האָט פערטריעבען די אלע
אנדערע פילאָזאָפישע שיטות. דער פלאטאניזם און דער ניי־
פלאטאניזם האָבען געפונען פלאטץ אין דיא געהיימע לעהרען
פון דיא מקובלים. דער קאמפף, וואָס איז שפעטער פארגעקו־
מען געגען דעם רמב"ם און זיינע תלמידים איז טהיילווייזע
געווען א קאמפף צווישען דער פלאטאָנישער און אריסטאָ־
טעלישער פילאָזאָפיען.

* * *

דער מענש איז, לויט גבירול, אן „עולם קטן", א מיקראָ־
קאסמאס, א מיניאטור בילד פון דעם אוניווערזום, פון דעם
„עולם גדול". „זיין גוף מיט דיא גליעדער קענען פערגליכען
ווערען צו דער מאטעריע און איהרע פאָרמען; זיינע פערלאנ־
גען, בעגעהרען, און בעוועגונגען קענען פערגליכען ווערען צו
דעם ווילען; זיין שכל קען פערגליכען ווערען צום „עצם־
הראשון".

דיא מענשליכע נשמה איז א טהייל אדער ריכטיגער אן
אויסשטראהלונג פון דער גרויסער וועלט־נשמה, און האָט זיך
איהר אייגענע, אייבינע עקזיסטענץ, איז גאנצען אונאבהענ־
גיג פון גוף. אריינקומענדיג אין גוף קען זי מעהר די זאכען

ניט בעגרייפען אזוי קלאָהר, וויא זיא האָט עס געקענט פריי־הער. דיא איינדריקע און דיא ערפאהרונגען, וואָס מיר קריגען דורך אונזערע חושים זיינען נאָר אבשפּיעגלונגען פון דיא אמת'ען. זיי דיענען אלס אנרעגונגען פאר דער נשמה, כדי זיא זאָל זיך קענען פערטיעפען אין זיך און זיך דערמאָהנען יענע אמת'ען, וועלכע זיא האָט אזוי קלאָהר בעגריפען בשעת זיא האָט זיך אויפגעהאלטען אין די העכערע וועלטען.

דיא אויפגאבע פון דעם מענשען איז דארום צו שטרעבען צו דערגרייכען יענע אמת'ען, זיך צו פעראייניגען מיט דיא העכערע וועלטען. וואס דאס איז דאס גרעסטע און דער אמת'ער גליק פון דעם מענשען. דאָס איז דער ציעל פון לעבען. דאָס קען דערגרייכט ווערען, ווען דער מענש וועט זיך בע־פרייען פון דיא קייטען פון זיין גוף, ווען ער וועט אויסמיי־דען אלץ וואָס האָט צו טהאָן מיט דער וועלט פון דיא חושים, מיט די אלערליי פערלאנגען און תאוות, וואס דערלאָזען ניט דיא נשמה צו שטרעבען צו איהר העכסטען ציעל.

וויא אזוי דער מענש דארף זיך אויפפיהרען, וואָס ער זאָל טהאָן און וואס ניט טהאָן, כדי ער זאָל קענען דערגרייכען יענעם העכערען ציעל, דיא דאָזיגע פראגען האָט גבירול בע־האנדעלט אין א ווערק איבער עטהיקס, וועלכע הייסט „תקון מדות הנפש“. אין פיעלע פּרטים איז דער דאָזיגער ספר ענה־ליך צום „חובות הלבבות“.

## VIII.

ר' יצחק אַלפסי און זיין דור. ער איז געווען געצוואונגען צו פערלאזען פאס אין דער עלטער פון פינף און זיעבציג יאהר צוליעב א מסירה. די בעדייטונג פון זיין גרויסע תלמודישע ווערק „דער אלפס". זיינע תלמידים. יוסף אבן־מיגאש. יוסף אבן־צדיק און זיין פילאזאָפיע. זיין ספר „עולם קטן". אברהם בר חייא הנשיא אדער אברהם סאוואסארדא, דער ערשטער העברעאישער שרייבער פון וויסענשאפטליכע ספרים. זיינע ווערקע און זיין פילאזאפיע.

---

דער גרויסער פאָרטשריט וואָס די אידען פון שפאניען האָבען אין יענער צייט געמאכט אויף די געביעטען פון דער פילאָזאָפיע, די וויסענשאפטען און פּאָעזיע, האָט זיי ניט געשטערט זיך אויך צו אָבגעבען מיט דעם שטודיום פון דעם תלמוד. דערצו האָט פיעל בייגעטראָגען דער בעריהמטער יצחק אַל־פסי (אלפאסי).

ר' יצחק אלפסי איז אליין ניט געווען קיין שפאניער. ער איז געבאָרען געוואָרען אין יאָהר 1013 אין א קליין שטעדטעל ניט ווייט פון פאס (פעטץ), אין צפון אפריקא. אין דעם עלטער פון פינף און זיבעציג יאָהר, אַלזאָ אין יאָהר 1088, האָט ער צוליעב א מסירה געמוזט אַנטלויפען פון דאָרטען. ער איז אָנגעקומען קיין קארדאָווא, דאָן איז ער אריבער קיין גראנאדא און האָט זיך ענדליך בעזעצט אין לוצענא, וואו ער איז געוואָרען רב און ראש־ישיבה. זיין ישיבה האָט באַלד געקראָגען א גרויסען נאָמען, און פון גאַנץ שפאניען זיינען צו איהם געקומען תלמידים, צווישען

וועלכע עס האָבען זיך געפונען די גרעסטע מענשען פון זיין צייט. ר׳ יהודה הלוי, וועלכער איז נאָך דאמאלסט געוועזן נאָר א יונגער בחור׳ל איז אויך געוועזן איינער פון די תלמידים אין אלפסי׳ס ישיבה.

בעריהמט איז ר׳ יצחק אלפסי געוואָרען דורך זיין גרויסע ווערק, וועלכע האָט זיך גערופען „הלכות" אָדער „הלכות אלפסי", און וועלכע איז עד היום בעקאנט אונטער דעם נאָמען „דער אלפס". דער דאָזיגער ספר ווערט נאָך ביז היינט בעטראכט אלס איינער פון די גרעסטע און וויכטיגסטע ספרים אין דער תלמודישער ליטעראטור.

דער וואָס איז בעקאנט מיט דעם תלמוד וויים גאַנץ גוט, ווי שווער עס איז פון דאָרטען ארויסצוקריגען די נויטיגע „הלכות". דער תלמוד איז נים קיין איינפאכער געזעטץ־בוך, וואו די געזעצמע ווערען ארויסגעזאגט קלאָהר און דייטליך, אָהן שום חלוקי דעות און דעבאַטען, אזוי אז יעדער איינער קען גלייך וויסען דעם דין. דער תלמוד איז ניכער א מין ענציקלאָפעדיע פון געזעטץ, וואו עס זיינען אריינגענומען געוואָרען אלע מיינונגען וועגען א בעשטימטען געזעטץ און זיין בעגרינדונג, וואו עס זיינען אריינגענומען געווארען סאַי דיא „דאָפירים" און סאַי דיא „דאָגעגענס" צוזאַמען מיט די אַרגומענטען און די ראיות פון די ביידע צדדים. אין א געוויסען הינזיכט איז דער תלמוד עהנליך צו א מין סטע־נאָגראַפישען רעפּאָרט פון א מאָדערנער געזעטץ־געבענדער קערפּערשאַפט, וואו די רעדעס און די מיינונגען פון די גע־זעטצגעבער ווערען איבערגעגעבען ווערטערליך.

אגב געפינען זיך אין תלמוד אויך אבהאנדלונגען וועגען געזעטצע, וואָס האָבען מעהר נים קיין פּראקטישע בעדייטונג, ווי, למשל, די דינים וועגען קרבנות, טומאה, מעשר, תרומה און דערגלייכען. א חוץ דעם בעשעפטיגט זיך דער תלמוד מיט פיעלע אנדערע פראגען, וואָס האָבען קיין שייכות נים מיט דעם געזעטץ. דאָס איז דער טהייל, און דאָס איז א גאַנץ גרויסער טהייל, וואָס איז בעקאַנט אונטער דעם נאָמען „אגדה" אָדער „הגדה". דאָרטען ווערען בעהאנדעלט

פילאָזאָפישע, עטהישע, רעליגיעזע, היסטארישע און נאטור־וויסענשאפטליכע פראגען.

דאָס אלעס האָט געבראכט דערצו, וואָס ניט יעדער איז געווען ביכולת פון דאָרטען ארויסצודרינגען דעם געזעטץ. דערצו האָט איינער געמוזט זיין אן אויסערגעווענליך גרויסער קענער פון תלמוד. פאר דעם דורכשניט'ס מענשען אָדער אפילו פאר די קלענערע רבנים איז עס געווען אן אונמעגליכקייט. שוין מאנכע פון די ערסטע „גאונים" האָבען איינגעזעהן די דאָזיגע שוועריגקייטען, און זיי האָבען געפּרובירט מאכען ספרים, וואו די געזעטצע זאָלען ווערען איבערגעגעבען קלאָהר און דייטליך אָהן די אלע פּלפּולים און דעבאטען.

דאָס איז געווען די אויפגאבע פון ר' יצחק אלפסי אין זיין ווערק. און זיין ארבייט איז איהם פאָלשטענדיג געלונגען. זיין ווערק איז געווען א פערקירצונג פון תלמוד, א מין „קצור הש"ס". ערסטענס האָט ער פון דאָרטען ארויסגעלאָזען דיא אלערליי „אגדות" און דרשות אלס עטוואָס, וואָס האָט ניט קיין שייכות מיט דעם געזעטץ גופא. דאן האָט ער אויך ארויסגעלאָזען דיא אלע „הלכות", וואָס האבען פערלאָרען זייער בעדייטונג פאר די היינטיגע צייטען. דערצו האָט ער, און דאָס איז וויכטיגסטע, ארויסגעלאָזען די אלע אוננויטיגע דיסקוסיאָנען און דעבאטען, לאָזענדיג אין טעקסט בלויז די אנגענומענע און אנערקענטע מיינונג. אין דער זעלבער צייט האָט ער זיך אָבער געהאלטען, אויף אזוי פיעל ווי עס איז געווען מעגליך, אָן דעם סדר און אָן דעם לשון פון תלמוד גופא. אויף אזא אופן האָט ער געמאכט מעגליך פאר יעדען איינעם צו קענען וויסען דעם דין.

זיין ווערק האָט אָנגעמאכט א רעש אין דער דאמאלסדיגער תלמודישער וועלט. דאָ און דאָרטען האָבען זיך געפונען מאנכע געלעהרטע, וואָס זיינען ארויס מיט קריטיקען געגען איהם, אָבער בכלל איז דער „אלפס" באלד אנערקענט געוואָרען אלס אָן אויטאָריטעט. אפילו זיינע קריטיקער

גיעבען עס צו, און נאָר אין ווענינע פלעצער זיינען זיי מיט איהם ניט איינפערשטאנדען. דער רמב"ם, וועלכער האט שפעטער, אונטער דעם איינפלוס פון אלפס, צוזאמענגעקליבען די אלע הלכות פון תלמוד און זיי סיסטעמאטיזירט אויף א וויסענשאפטליכען אופן און אין א וויסענשאפטליכען סדר, זאָגט, אז „העכסטענס אין צעהן הלכות קען מען ניט זיין איינפערשטאנדען מיט'ן אלפס".

אין דעם יאָהר 1103, אלזאָ אויפ'ן נייניציגסטען יאָהר פון זיין לעבען, איז ר' יצחק אלפסי געשטאָרבען. צווישען די וואָס האָבען געשריבען הספד־ליעדער אויף זיין טוידט געפינען זיך די פאָעטען משה־אבן עזרא און יהודה הלוי.

נאָך אלפסי'ס טוידט האָט פערנומען זיין שטעלע אלס רב און ראש־ישיבה ר' יוסף אבן מיגאש. דער אלפסי אליין האָט איהם אויסגעקליבען פון אלע זיינע תלמידים אלס דעם יעניגען, וועלכער איז ראוי צו פערנעהמען זיין פלאַץ. אבן מיגאש, איז נאָך דאַמאָלסט געווען א יונגער מאַן פון זעקס און צוואנציג יאָהר, אָבער ער האָט זיך שוין געהאט ערווארבען א גרויסען נאָמען אלס תלמודיסט. לויט ווי דער „ספר הקבלה" דערצעהלט, האָט דער אלפס אויף איהם געשריעבען אין זיין סמיכה: „אז אפילו אין משה'ס דור האָט מען ניט געקענט געפינען אזא חכם ווי ער". דער רמב"ם, וועמעס פאָטער'ס רבי ער איז געווען, געפינט גאָר ניט גענוג ווערטער אויסצודריקען זיין בעוואונדערונג איבער די געוואלדיגע פעהיגקייטען, קענטניסע און טיעפקייט פון אבן מיגאש. פון זיינע ווערק איבער דעם תלמוד און פון זיינע „תשובות", פון וועלכע א טהייל זיינען געשריבען אין אראַביש, זיינען אָבער גאַנץ ווענינ געבליעבען.

„זיין אבשטאַמונג פון אַן אלטער, גרויסער און רייכער פאַמיליע, די גרויסע שטעלע וואָס ער האָט פערטראָטען אלס רב און ראש ישיבה אין די אנגעזעהענסטע אידישע קהלה, האָט ניט אָנגעפילט זיין הארץ מיט שטאָלץ. ער איז געבליבען דער בעשיידענער מילדער מענש ווי ער איז געווען פריהער.

די מילדקייט פון זיין כאראקטער האָט איהם אָבער ניט געשטערט צו געברויכען די שטריינגסטע מיטלען, ווען עס האָט זיך געהאנדעלט וועגען דעם כלל ישראל" (גרעטץ).

עס זיינען דאמאלסט געווען אונרוהיגע צייטען אין שפּאַניען. מיט א געוויסע צייט צוריק זיינען די אלמאָראַווידס אריבערגעקומען פון אפריקא קיין שפּאַניען כלמרסט אויסצוהעלפען די אָרטיגע אראבער געגען די קריסטען. עס איז זיי אויך געלונגען צו פערטרייבען די קריסטען. אָבער ביסלעכווייז האָבען זיי פערשקלאַפּט זייערע אייגענע גלויבענס-גענאָסען גופא. עס איז געקומען דערצו, וואָס צייטענווייז פלעגען די מאָהאמעדאנער זין פעראייניגען מיט די בענאכבארטע קריסטען, אום צו בעקעמפּפען אמאָל א מאָהאמעדאנישען און אמאָל א קריסטליכען הערשער. די אידען האָבען זיך גאַנץ אָפט געפונען ווי צווישען צוויי פייערען, און ניט אלע מאָל איז געווען מעגליך צו בלייבען נייטראל. זיי זיינען געצוואונגען געוואָרען דורך די אומשטענדען אמאָל זיך צו פעראייניגען מיט איין צד און אמאָל מיט דעם אנדערען. דאָס איז געווען ווי געוואונשען פאַר די פערקויפטע נשמות, וועלכע פלעגען צוליעב זייערע פערזענליכע צוועקען און אמביציעס פאַר'מוסר'ען די אידען דאָ צו דעם און דאָ צו יענעם צד, ווי עס האָט זיך בעטער געלוינט פאַר זיי. אזא מוסר האָט זיך געפונען אין דער לוצענא'ר קהלה, וועלכער האָט געסטראשעט, אז ער וועט פערמוסר'ען די אידען. ר' יוסף אבן-מיגאש, וועלכער איז אויך געווען דער ריכטער, האָט גע'פסק'ענט, אז איהם קומט דער טוידט, און דער מוסר איז פערשטייניגט געוואָרען אום יום כפור.

* * *

א צווייטער בעריהמטער תלמיד פון אלפסי איז געווען ר' יוסף אבן-צדיק (געבאָרען אין יאָהר 1080 און געשטארבען אין יאָהר 1148). נאָכ'ן טוידט פון ר' יוסף אבן סאהאל, וועלכער איז געווען א חוץ א

תלמודיסט אויך א בעריהמטער פאעט, האט יוסף אבן צדיק פערנומען זיין שטעלע אלס „דיין" אין קארדאווא.

ר' יוסף אבן־צדיק איז געווען א בעריהמ־טער תלמודיסט און האט אויך געשריעבען ליעדער, אבער פון זיינע תלמודישע שריפטען זיינען נאר ניט געבליבען און פון זיינע ליעדער זיינען געבליעבען בלויז איניגע. דערפאר איז אבער געבליבען פון איהם א ווערק איבער פילאזאפיע, וועלכע ער האט געשריעבען אין אראביש. דער אריגינאל איז פער־לארען געגאנגען און ס'איז נאר געבליעבען די העברעאישע איבערזעצונג אונטער דעם נאמען „עולם קטן", דיא „קליינע וועלט" אדער „מיקראקאסמאס".

די הויפט אויפגאבע וואס אבן־צדיק האט זיך געשטעלט אין זיין ספר, איז צו בעווייזען, אז דער מענש איז דער צענטער פון דער וועלט און אז אלץ וואס עס געפינט זיך אין דעם גרויסען אוניווערזום. אין דעם „עולם גדול" געפינט זיך אויך אין דעם מענשען, אין דעם „עולם קטן". עס איז דערפאר זעהר וויכטיג, אז דער מענש זאל זיך אליין זויססען, ווארום פון דעם וויסען פון זיך אליין, וועט ער אויך קענען וויסען דעם גאנצען אוניווערזום, וועלכער איז דאך ניט מעהר וויא א פארגרעסערונג פון איהם, פון מענשען.

אום דאס צו בעווייזען בענוצט זיך אבן־צדיק מיט אלע וויסענשאפטען, מיט פסיכאלאגיע, פיזאלאגיע, פיזיק, כעמיע און דערגלייכען, ווי זיי זיינען דאמאלס פערשטאנען געווארען. זיין ספר ווייזט אויס ווי א מין קאמפענדיאום (קצור) פון אלע וויסענשאפטען אין יענער צייט, און איז שוין דערפאר אליין פון גרויסער היסטארישער בעדייטונג פאר די וואס אינטערעסירען זיך מיט דער געשיכטע פון דער ענטוויקלונג פון די וויסענשאפטען.

די ערסטע פראגע, וואס איהם אינטערעסירט איז: פון וואנען נעהמט זיך אונזער וויסען? אונזער וויסען, ערקלעהרט ער, נעהמט זיך פון אונזערע חושים און אונזער שכל. מיט די חושים קענען מיר נאר בעגרייפען דאס שאלעכץ, די „קלפה", די אויסערליכקייט פון די געגענשטאנדען. דער

שׂכל דרינגט אריין אין זייער תוך. מיר זעהען א געוויסען געגענשטאנד און מיר רופען עס אָן, לאָמיר זאָגען, „בוך“. די אויג זעהט נאָר א בעשטימטען קאָליר און פאָרמע; עס איז דער שׂכל, וואס קומט צום שלוס, אז דאס געזעהענע איז א בוך. די חושים ברייגגען אונז נאָר איינצעלנע איינדריקע; עס איז דער שׂכל וואָס בינדט זיי צוזאמען און פעראלגעמיינט זיי. די חושים גיבען אונז פּרטים; דער שׂכל גיט אונז כללים.

אונזער וויסען קען אייגגעטהיילט ווערען אין צוויי קלאַסען: אזעלכע וואָס דארפען ניט בעוויזען ווערען און אזעלכע וואָס דארפען ערסט בעוויזען ווערען דורך דער לאָגיק. די אמת׳ען וואָס דארפען ניט בעוויזען ווערען קענען זיין א רעזולטאט אָדער פון אונזער חושים, ווי צום ביישפּיעל, אז די זון שיינט, אָדער פון אונזער שׂכל, ווי צום ביישפּיעל, אז א טהייל איז קלענער וויא דאָס גאנצע. די אמת׳ען וואָס קומען דורכ׳ן שׂכל שטעהען אויף א העכערע מדרגה.

דאן דיסקוטירט ער די פראגע פון מאטעריע, וואו עס איז שטארק קענטיג דער איינפלוס פון ג ב י ר ו ל. ער גלויבט, ווי ג ב י ר ו ל, אז אויך די רוחניות׳דיגע „נבראים“ בעשטעהן פון מאטעריע און פאָרם, כאָטש זייער מאטעריע איז פון אן ערלערען מין. די מאטעריע פון די גשמיות׳דיגע וועלט בעשטעהט פון פיער עלעמענטען, וועהרענד די מאטעריע פון רוחניות׳דיגע וועלטען האט א בעזונדערען עלעמענט, א פינפטען עלעמענט (אריסטאָטעלס „קווינטא עססענציא“).

די פיער עלעמענטען זיינען: פייער, לופט, וואסער, און ערד. די עלעמענטען קענען פערוואנדעלט ווערען איינע אין די אנדרע. וואסער ווערט פון היטץ לופט; לופט ווערט צוריק וואסער דורך קעלט. דער יסוד פון די עלעמענטען איז „סאָבסטאנץ“, דאָס וואָס פערנעהמט פּלאץ: ברייט, לענג און טיעפקייט.

די דריי „קעניגרייכען“ פון דער נאטור: מינעראלען, פּלאנצען און לעבעדיגע בעשטעהען פון די פיער עלעמענטען. דער מענשליכער קערפּער בעשטעהט אויך פון די פיער עלע־

כענטען און ער האט אין זיין נאטור די אייגענשאפטען פון די אלע דריי „קעניגרייכען". ער פערנעהמט פלאטץ ווי די מינעראלען; ער וואקסט און פערמעהרט זיך ווי די פלאנצען; ער בעוועגט זיך ווי די לעבעדיגע. דער מענש האט אבער אין זיך אויך א עטוואס, וואס עס שטאמט אב פון די העכערע וועלטען, — דאס איז זיין שכל.

דער מענש האט אייגענטליך דריי נשמות: די ערסטע איז די נשמה פון פלאנצונג. ער קריגט איהר גלייך, ווי עס פעראייניגט זיך די „זריעה" פון מאן מיט דער אייעלע פון דער פרוי און ער פאנגט אן צו וואקסען. ווען דאס קינד האט זיך שוין אויסגעבילדעט, דאן קריגט ער די נשמה, וואס גיט לעבען און וואס דריקט זיך אויס אין בעוועגונג און אין די פערלאנגען. די דריטע נשמה, אדער דער שכל, קומט אם שפעטסטען.

קיינער, מיינט ער, קען גאר ניט צווייפלען אין דער עקזיסטענץ פון א שכל'דיגער נשמה ביים מענשען. דער בעסטער בעווייזט אויף דעם איז, וואס דער מענש איז דער איינציגער צווישען די חיות, וואס קען ריידען און דיינקען. די נשמה איז א רוחניות, ווייל אויב זי וואלט געווען א קער־פער וואלט זי געמוזט האבען אלע אייגענשאפטען פון א קערפער, זי וואלט געמוזט פערנעהמען פלאטץ, האבען א פארמע און קאליר, א גערוך און אזוי ווייטער. דערצו וואלט זי גופא, זייענדיג א קערפער, געמוזט האבען א נשמה איהר צו בעלעבען, און יענע נשמה וואלט געמוזט האבען אן אנדער נשמה ביז דער אונענדליכקייט, וואס דאס איז דאך אונמעג־ליך.

דאן געהט אבן צדיק אריבער צו דער בעהאנדלונג פון די פערשיעדענע מענשליכע מדות, ווי כעס, מורא, צער, שמחה. ער פרובירט זיי ערקלעהרען אויף פסיכאלאגיש־פיזיא־לאגישע יסודות, לויט ווי די דאזיגע וויסענשאפטען זיינען דאן געווען בעקאנט. ער רעדט דארטען אויך וועגען שלאף, און זוכט צו ערקלעהרען, ווארום דער מענש מוז שלאפען

אינטערעסאנט איז זיין ערקלעהרונג, ווארום דאָס הארץ דארף ניט שלאָפען: „ווייל זי רוהט צווישען איין קלאַפּ און דעם אנדערען“.

די נשמה בעזיצט „שכל“ אין דער מעגליכקייט; ער ווערט ארויסגערופען אין דער ווירקליכקייט דורך דעם לערנען און שטודיום. די אויפגאבע פון מענשען איז ארויסצובריינגען דעם שכל פון דער מעגליכקייט אין דער ווירקליכקייט.

די עקזיסטענץ פון אזוי פיעל איינצעלנע נשמות, וועלכע האָבען אלע אין זייער עצם די זעלבע איינענשאפטען בע־ווייזט, אז זיי שטאַמען אלע אָפּ פון איין מקור, וועלכער איז די גרויסע וועלט־נשמה. זיי זיינען אָבער ניט אבגעזונדערטע חלקים פון דער וועלט־נשמה; די וועלט־נשמה ווערט ניט צו־ברעקעלט אין קליינע חלקים, זי בלייבט אימער ווי געוועזען אָהן שום ענדערונגען. זי ווירקט אזוי ווי די זונן, וועלכע ווערט ניט פערקלענערט דורך איהרע אויסשטראַהלונגען. די נשמות זיי־נען אזוי ווי אויסשטראַהלונגען פון דער גרויסער וועלט־נשמה.

אבשטאַמענדיג פון דעם זעלבען מקור האָבען אלע נשמות די זעלבע מעגליכקייטען. די אונטערשיידונגען וואָס מיר זעהען אין די נשמות פון דעם גוטען און דעם שלעכטען מענשען, פון דעם געלעהרטען און אונוויסענדען נעהמען זיך דערפון, וואס די גופים זיינען ניט ביי אלעמען גלייך אויס־געעדעלט און גערייניגט געוואָרען. דער פערגראָבטער גוף, דורך זינד און תאוות, דורך ניט לערנען און שטודירען, קען ניט קריגען די זעלבע השפעה, ווי דער גערייניגטער און גע־הייליגטער גוף. דער מענש האָט די ברירה ביי זיך אין האנד; ער קען, דורך גוטע טהאטען און דורך לערנען, מאכען, אז זיין גוף זאָל קריגען אַ גרעסערע השפעה. טהוט ער עס ניט, ווערט ער בעשטראָפט; טהוט ער עס יע, קריגט ער זיין בע־לוינונג.

ביי די נשמה איז ניט שייך קיין שלעכטע מדות. לויט איהר עצם נאָך, לויט איהר אבשטאמונג, איז זי דורכאויס

גוט. דאָס וואָס מיר רופען שלעכטע מדות זיינען בלויז די אבוועזענהייט פון די גוטע. שלעכטס מיינט די אבוועזענהייט פון גוטס; נאַרישקייט די אבוועזענהייט פון חכמה.

פון דעם שטודיום פון זיין איינענעם גוף קען דער מענש זיך ערווערבען זיינע ידיעות וועגען דער קערפערליכער וועלט בכלל; פון דעם שטודיום פון זיין שכלדיגער נשמה, קען ער אויספאָרשען די סודות פון די רוחניות'דיגע וועלט בכלל. א מענש מוז דערפאר זיך אליין גרינדליך שטודירען, ווייל נאר דאַן קען ער אָנפאַנגען צו בעגרייפען גאָט.

און דאָ געהט אבן־צדיק איבער צו בעגרינדען און צו בעווייזען די עקזיסטענץ פון גאָט. ער זאָגט וועגען דעם ניט ארויס קיין איינציגען נייעם געדאַנק. פונקט ווי זיינע פאָרגע־נער צווישען די אַראבישע און אידישע פילאָזאָפען זוכט ער צו בעווייזען גאָט'ס עקזיסטענץ פון דער שעפּפונג. די וועלט קען ניט זיין אייביג, ווייל זי איז א צוזאמענגע־שטעלטע. קוים האָט זי אָבער אַן אנפאנג מוז זי דאָך האָבען אַן אורזאכע פאר איהר עקזיסטענץ. דיעזע אורזאכע פון אלע אורזאכען איז גאָט.

גאָט מוז זיין איינער, אייביג און אונענדליך. ווארום אויב ער איז בעגרעניצט אין צייט אָדער פּלאַטץ מוז ער גופא אויך האָבען א שעפּפער, זיין שעפּפער אַן אנדער שעפּפער ביז דער אונענדליכקייט, וואס דאס איז אונמעגליך. זיין גאנצער געדאנקען־גאנג איז דער זעלבער ווי ביי סעדיה־גאון, בחיי און די איבריגע.

ווי גבירול רעדט אויך אבן־צדיק וועגען גאָט'ס ווילען אַלס די שאַפענדע קראַפט. ער זעהט קלאָהר די שוועריגקייטען, וואס זיינען פערבונדען מיט דער דאזיגער לעהרע. אויב גאָט'ס ווילען איז אויביג און אונפערענדערבאַר ווי גאָט גופא, און איז בלויז אַן אונפערמיידליכע איינגע־שאַפט פון זיין וועזען, דאַן מוז דאָך די וועלט וואָס קומט ארויס פון דעם ווילען אויך זיין אויביג; דער ווילען איז דאָך

אַן אויביג שאַפענדע קראַפט. אויב אָבער מיר װעלען זאָגען, אַז דער װילען איז ניט אויביג און אַז ער האָט אָנגעפאַנגען צו טהאָן זיין שאַפענדע ארבייט ערסט אין א בעשטימטער צייט, דאַן װעלען מיר דאָך מוזען זאָגען, אַז עס איז פאָרגעקומען אַ געװיסע ענדערונג אין גאָט, װאָס דאָס איז דאָך אומעגליך. ער פּרובירט זיך דאָרטען ארויסצודרעהען פון דער דאָזיגער קשיא דערמיט, װאס ער ערקלערט, אַז „צייט" גופא איז אויך בעשאַפען געװאָרען, און אַז דערפאר קענען מיר ניט פרעגען װאָס עס איז געװען פריהער, װייל דאַן איז נאָך קיין „צייט" איבערהויפט ניט געװען. ער ענדיגט אָבער: „אין דעם" (אין דער פראגע פון גאָט'ס װילען) „ליגט אַ סוד װאָס לאָזט זיך ניט ערקלערען".

* * *

נאָך אַ גרויסער געלעהרטער און בעדייטענדער פילאָזאָף האָט געלעבט אין יענער צייט, אברהם בר חייא הנשיא. ער איז געבאָרען געװאָרען אין יאָהר 1065 און געשטאָרבען אין 1136. ער איז אויך בעקאַנט אַלס „אברהם דער איד" און „אברהם סאװאַסאָרדאַ". ער איז געװען אייגער פון די ערסטע, װאס האָבען בעקאַנט געמאכט די קריסטליכע אייראָפּא מיט דער אראביש־אידישער װיסענשאַפט און פילאָזאָפיע, איבערזעצענדיג פיעלע װיכטיגע אראבישע ביכער אין לאטייניש.

א חוץ איבערזעצונגען האָט ער אנגעשריעבען א היבשע צאָהל אָריגינעלע ספרים אין העברעאיש, און האָט אויף אזא אופן בעקאנט געמאכט די אידען פון פראנקרייך און דייטשלאנד מיט דער אידיש־שפּאנישער פילאָזאָפיע און װיסענשאַפט. ער איז געװען דער ערסטער אידישער שרייבער, װאָס האָט געשריעבען װיסענשאַפט אין העברעאיש. צװישען זיינע ספרים, פון װעלכע ניט אלע זיינען געבליבען אין גאנצען, געפינט זיך אַן אבהאנדלונג איבער געאָמעטריע, װאָס איז איבערזעצט געװאָרען אין לאַטייניש. אַן אבהאנדלונג איבער העברעאישע מאטהעמאטיק און אסטראָנאָמיע; אַן אסטראָנאָ־

מישע אבהאנדלונג אונטער דעם נאָמען „צורת הארץ“, וועל־
כע איז אויך איבערזעצט געווארען אין לאטייניש און פראנ־
צויזיש; אבהאנדלונגען איבער אסטראלאגיע (שטערנזע־
הערייי). דערצו געפינען זיך זיינע אסטראָנאָמישע טאבלען און
אן אבהאנדלונג וועגען דעם אידישען קאלענדאר אונטער דעם
נאָמען „ספר העבור“, וועלכער איז אין פאָריגען יאָהרהונדערט
צום ערסטען מאָל געדרוקט געוואָרען אין לאָנדאָן.

איבער פילאָזאָפיע האָט ער אָנגעשריעבען א קליין
ווערק אונטער דעם נאָמען „הגיון הנפש“, בעטראכטונגען
פון דער נשמה. אין זיין פילאָזאָפיע איז ער שטארק בע־
איינפלוסט געוואָרען פון גבירול און איז זעהר עהנליך
אויף אבן־צדיק'ס, וועמעס ספר „עולם קטן“ ער האָט
אָבער ניט געזעהן. דער „הגיון הנפש“ איז געשריעבען אין
דער פאָרמע פון א מוסר־ספר, בעפוצט מיט דרשות און ער־
קלעהרונגען פון פסוקים. אין זיין עטהיק איז ער עהנליך צו
בחיי.

## IX.

(ר׳ משה אבן־עזרא און זיין אונגליקליכע ליעבע. — דער איינפלוס דערפון אויף זיין פּאָעזיע. — זיינע וועלטליכע און רעליגיעזע ליעדער. — משה אבן־עזרא אלס ליטעראַטור־קריטיקער. — זיין פילאָזאָפיע).

---

ר׳ משה אבן־עזרא ווערט בעטראַכט אלס איינער פון דיא דריי גרעסטע העברעאישע פּאָעטען, וואָס דאָס שפּאַנישע יודענטהום האָט פון זיך ארויסגעגעבען אין זיין „גאָלדענעם צייט־אַלטער“. איינער פון זיי, ר׳ שלמה אבן־גבירול, איז געוועזן משה אבן עזרא׳ס פאַרגייענגער און געוויסערמאַססען אויך זיין אינדירעקטער רבי; דער אַנדערער, רבי יהודה הלוי, איז געוועזן זיין אינגערער צייט גענאָסע און איינער פון זיינע נאָהענטסטע פריינד און בעוואונדערער.

ר׳ משה אבן־עזרא איז געבאָרען געוואָרען אין גראַנאדא אין יאָהר 1070. זיין פאָטער, ר׳ יעקב, האָט פערנומען א חשובע רעגיערונגס־שטעלע אונטער דעם וויזיר ר׳ שמואל הנגיד. זיי זיינען געוועזן פיער ברידער, אַלע געלערנטע און בעריהמטע מענשען, אָבער משה איז געוועזן דער גרעסטער און פעהיגסטער צווישען זיי.

אין זיין יוגענד האָט ער זיך פערליעבט אין זיינע א פּלימעניצע, א טאָכטער פון זיין עלטסטען ברודער, יצחק. זי האָט איהם אויך געליעבט, אָבער איהרע עלטערען און די פאמיליע האבען צוליעב אַן אונבעקאַנטער אורזאַכע דעם

שידוך ניט דערלאָזען, און דער פּאַעט האָט זיך געפונען גע־צוואונגען צו פערלאָזען זיין שטאָדט און לאַנד און ארומוואנ־דערען אין דער פרעמד. ער איז ארומגעפאהרען איבער קאַסטיליען און פּאָרטוגאַל, האָפענדיג אז ער וועט דאָרטען פארגעסען אן זיין אונגליקליכער ליעבע. דאָס האָט איהם אָבער אפּנים ווייניג געהאָלפען: ער האָט זיין ליעבע ניט געקענט פארגעסען. ער איז איהר געבליעבען טריי ביז זיין טוידט און האָט, ווי עס ווייזט אוים, קיינמאָל ניט חתונה געהאַט.

זיין וואנדער־לעבען האָט ער בעשריעבען אין פיעלע ליעדער, וואו ער בעקלאָגט זיך ביטער אויף זיין שיקזאל, אויף דיא שלעכטס פון זיינע ברידער, וואָס האָבען איהם צוברא־כען זיין לעבען, און אויף דיא פאלשקייט פון זיינע פריינד, וואָס האָבען איהם פערלאָזען. זיין פריינד ר' יהודה הלוי האָט איהם, ווי עס איז דאמאָלס געווען די מאָדע צו שרייבען בריעף אין ליעדער, אויפגעפאָדערט אין א ליעד, אז ער זאָל צוריק קומען אהיים און אויפגעבען זיין וואנדער־לע־בען אין דער פרעמד, אָבער דאָס האָט אויך ניט געהאָלפען. ר' משה האָט איהם געענטפערט אין א ליעד, וואו ער גיסט אוים זיין גאנצען צער און זיין גאנצען כעס אויף זיינע אייגע־נע ברידער וואָס האָבען איהם פון זיך פערשטויסען.

פערוואָגעלט אין דער פרעמד און ליידענדיג אלערליי צרות, האָט ער אלץ געטראכט וועגען זיין געליעבטער און זיין פערלאָזענעם פאָטערלאנד. דאָס פאָלגענדע איז איינע פון זיי־נע ליעדער אין יענער צייט:

איך בעשווער מיט מיין ליעבע, אייך טויבען,
אייך טויבען ווי וואָלקענס וואָס יאָגען,
צו מיינע דערוויטערטע פריינד און בעקאנטע
פון מיר א גערוס ברייטגט צו טראָגען.

א גערוס צו מיין ליעבסטער, וואָס האָט איז
מיין הארצען

אן אייביגען נעסט זיך געוואונען ;
אהן איהר וואלט איך לאנג שוין מיין לעבען
פערכיאוסט.
וואלט ליעבערסט דעם טוידט זיך געפונען.

איך האב צוליעב איהר זיך דורך פיין און
דורך אנגסטען
אליין אין דער פרעמדקייט פארטריבען ;
א, טראגט א גערוס פון א וואנדערער, טויבען,
צו דער, וואס מיין זעעלע טהוט ליעבען.
(איבערזעצט פון ה. לייוויק).

זיין געליעבטע האט ענדליך חתונה געהאט מיט אן אנ־דערען, וויא עס ווייזט אוים מיט זיינעם אן אינגערען ברודער. דאס האט צושטערט זיין לעצטע האפנונג, אז זיינע קרובים וועלען סוף כל סוף איינזעהען דעם אונרעכט וואס זיי זיינען בעגאנגען געגען איהם און וועלען איהם לאזען חתונה האבען מיט זיין געליעבטער. לאנג האט זיא ניט געלעבט. זי איז געשטארבען אין קינפעט, און פאר'ן טוידט האט זי דערמאנט זיין נאמען. ווען ער האט זיך דערפון דערוואוסט, האט ער אנגעשריעבען א גרויסען ליעד, פון וועלכען די פאלגענדע זיי־נען א פאאר פערזען :

זי האט געבוירען א קינד — ניט צום האלזען,
שוין מעהר ניט פערלאזען די בעט ;
זי האט אלץ דערמאהנט איהר געליעבטען,
מיט ליפען מיט טוידטע גערעדט.

זי האט אלץ דערמאהנט איהר געליעבטען,
מיט'ן אטהעם, מיט'ן לעצטען פערכאפט ;
ביין טהיר פון איהר קבר די ליעבע
האט שטיל מיט די פינגער געקלאפט.
(איבערזעצט פון ה. לייוויק).

דער גרויסער אונגליק, וואס האט זיי אלעמען געטראָ־פען אין דעם טוידט פון טאָכטער, ווייב און געליעבטע האָט דערנענטערט די ברידער, און זיי האבען ענדליך געמאכט שלום צווישען זיך. משה האט זיי אלעמען איבערלעבט — ער איז געשטארבען אין עלטער פון אכט און זעכציג יאהר — און האט אויף זיי אלעמען געשריבען הספדים אין ליעדער. ער איז געבליעבען דער איינציגער פון זיין פאמיליע, און אין איינע פון זיינע ליעדער בעקלאגט ער זיך: „צו האט די צייט געגען מיר א בונט געמאכט פון מיר אזא שוידערליכע נקמה צו נעהמען און מיין גאנצע פאמיליע צו פערשניידען?“ ער האט זיך אבער אזוי ווי געטרייסט מיט'ן געדאנק, אז באלד, באלד וועט ער אויך געהן אהין, וואו זיי זיינען אלע גע־גאנגען:

עס האבען מיך מיינע געדאנקען געטריבען
צו געהן און בעזוכען דעם פלאץ, וואו יענעם ליעבען.
וואו פאטער און מוטער און פריינד מיינע ליגען.
איך האב זיי געגריסט און זיי האבען געשוויגען.
זיי האבען גערעדט מיט א לשון א שטומען:
צו פריהער צו שפעטער, דו וועסט צו אונז קומען
(אבערזעצט פון אברהם רייזען)

* * *

משה אבן־עזרא איז איינער פון דיא פרוכט־בארסטע העברעאישע פאעטען פון זיין צייט. ער האט געשרי־בען זעהר פיעל „סליחות“ און תפילות (אריבער צוויי הונ־דערט), וועלכע געפינען זיך אין דיא פערשיעדענע „ספרדישע“ מחזורים. צוליעב דעם, וואס ער האט געשריבען אזוי פיעל סליחות האט מען איהם אויך גערופען ר' משה „הסלח“. דער סליחה־מאכער. זיינע סליחות, ווי אלע זיינע ליעדער, צייכנען זיך אוים מיט דער רייכקייט פון דער שפראך און מיט זייערע שעהנע, כאטש גאנץ אפט געקינסטעלטע, פארמען. בנוגע די רייכקייט און דיא בויגיגקייט פון זיין שפראך האט

ער צו זיך קיין גלייכען ניט. אין דיעזער הינזיכט שטייגט ער אריבער אפילו אבן-גבירול און יהודה הלוי. איהם פעהלט אָבער דיא טיעפקייט פון פיהלען, די אינערליכע נשמה־וואַרימקייט, וואָס מען טרעפט אין אזא גרויסע מאָס ביי דיא אויבענדערמאָנטע צוויי. סאַי אין זיינע נאַציאָנאַלע און סאַי אין זיינע ריין־רעליגיעזע ליעדער איז דער דאָזיגער חסרון שטאַרק קענטיג. עס קען זיין, אז דאָס נעהמט זיך דער־פון, וואָס ער האָט געשיינקט צו פיעל אויפמערקזאַמקייט אויף די פאָרמען. דערפאַר האָט ער אָבער א גרויסע מעלה, וואָס ער ווייס ווי אויסצודריקען זיינע געדאַנקען אין זעהר ווייניג ווערטער. ווי אַלע אָריענטאַלען פאַלט ער אויך אריין גאַנץ אָפט אין איבערטרייבענעסען און גוזמאות, אָבער קיין איבעריגע מליצות זיינען ביי איהם ניטאָ. ער קען אין א פּאָאַר שורות אויסדריקען א געדאַנק, וואָס אַן אַנדערער וואָלט אויף דעם געדאַרפט אָנשרייבען גאַנצע פערזען.

א חוץ זיינע „הייליגע" ליעדער, א חוץ דיא סליחות און תפילות, האָט ער אויך אָנגעשריעבען אריבער דריי הונדערט „וואָכעדיגע" ליעדער, איבער וועלטליכע ענינים. פון זיי איז צו זעהן, אז משה אבן־עזרא איז ניט שטענדיג געווען א פּאָעט פון טרויער, אז ניט אַלע מאָל האָט ער געוויינט און גע־קלאָגט. ער האָט אויך געוואוסט פון דער פרעהליכערער זייט פון לעבען. ער בעזינגט די נאַטור, ער בעזינגט „ווייין, ווייב און געזאַנג", די טענצערינס אין די האַלען, „די גאָלדענע פליסיג־קייט אין די זילבערנע בעכערען", דעם געזאַנג פון די פויגלען, דעם מורמלען פון וואַסער־פאַלען און אזוי ווייטער. אט ווי ער בעזינגט דעם אָנקומען פון פריהלינג:

אנגעטוהאן האָט זיך דער גאָרטען
אין א גרין געוועבטען קלייד:
יעדער בוים, אין גאָלד געקעסטעלט,
אויפגעטפענט האָט זיין פרייד.

צו בעגעגענען דעם פריהלינג
אלע בלומען, קליין און גרויס,
טאנצען אלע, און אפריהער
טאנצט דיא קעניגין די רויז.

פון איהר תפיסה — פון די קנאספען —
רייסט זי זיך ארויס אליין, —
ווער עס טרינקט פאר איהר קיין ווײן ניט
יענער טהוט א זינד בעגעהן!
(איבערזעצט פון ה. לייוויק).

זיין גרעסטע פאעמא איז בעקאנט אונטער דעם נאמען „ענק (שנירעל פעריל) אויך אונטער דעם נאמען „תרשיש". ווייל זי ענטהאלט צוועלף הונדערט און צעהן שורות. זי בעשטעהט פון צעהן טהיילען. יעדער קאפיטעל אדער טהייל בעהאנדעלט א בעזונדערען געגענשטאנד. דארטען ווערט גע־רעדט וועגען ליעבע, וויין און געזאנג; וועגען די שעהנקייטען פון דער נאטור; וועגען די פאלשקייטען פון פריינד; וועגען די שלעכטסקייט פון עלטער; וועגען דעם צער פון לעבען און דעם טוידט; וועגען האפנונג אין גאט און וועגען די גרויסקייט און וויכטיגקייט פון דער פאעזיע.

די פארמע פון דער דאזיגער פאעמא איז איינע פון דיא שווערסטע. זיא איז געשריעבען אין קורצע פיער־שורה'דיגע סטאנצען, און דער גראם בעשטעהט פון ווערטער וואס האבען דעם ז ע ל ב ע ן קלאנג, אבער אן אנדערע בעדייטונג. נאר אזא מייסטער פון דער שפראך ווי מ ש ה א ב ן ־ ע ז ר א האט זיך געקענט פערגינען אזא מין לוקסוס. אבער אויך איהם איז עס ניט אין גאנצען געלונגען. אין פיעלע פלעטצער קומט ארויס דער געדאנק צוקריפעלט און איינגע־קרעמפעט. דיא דאזיגע פארמע האט משה אבן עזרא איבער־גענומען פון מאנכע פון די אראבישע פאעטען, און זי איז בע־

קאָנט אונטער דעם נאָמען „אַל־מקמת“ (אַל־מאַקאַמאַט). פאָל־גענדע זיינען איניגע ביישפּיעלע:

זנח דודים עלי אכל אהבוך, ועל בגד:
ועת כמו בד ימים להרע, בגדו בגד.

(פערלאָז די פריינד וואָס ליעבען דיר צוליעב עסען און א בגד; און קומען שלעכטע צייטען ווערען זיי דיר פאַלש). אין די ערסטע שורה מיינט דער וואָרט „בגד“ — א קלייד; אין דער צווייטער שורה מיינט ער — פאַלש.

אשרי רואה כל טוב עולם חציר יצמח תוך גן ירק,
ונצורת לב יחשוב תבל, ובפניה ירוק ירק.

(וואויל איז דעם, וואָס בעטראַכט די וועלט וויא גראָז וואָס וואַקסט אין א גאָרטען א גרינעם, וואָס בעטראַכט דיא וועלט וויא א פרוי א פאַלשע און טהוט אין איהר פּנים שפּייען). דער וואָרט „ירק“ אין דער ערסטער שורה מיינט — גרין; אין דער צווייטער שורה — שפּייען.

כסעיף הדס תטה צ ב י ה עת תרקוד
ופרע שערה תפרע;
תמית בחציה ומדמי אותם משכרת ולא תפרע.

(ווי א מירטען־צווייג בייגט זי זיך, די שעהנע, ווען זיא טאַנצט מיט איהרע האָאָר צו וואָרפען; זי טוידטעט מיט איהרע פיילען, פון מיין בלוט זעטיגט זי זיי אָן, און ווערט ניט בעשטראָפט). דער וואָרט „תפרע“ אין דער ערסטער שורה מיינט — צואוואַרפענע האָאר; אין דער צווייטער שורה — בעשטראָפונג.

משקה החיש, מזרק כסף מלא ממי זהב שחוט;
חלש יגבר בו, רק גבור ישוב מאין שלח שחוט.

(דעם געטראַנק אהער! א זילבערנעם בעכער אָנגע־פילט מיט דיא גאָלדענע וואַסער, די אויסגעדריקטע; דער

שוואכער ווערט שטארק דערפון, נאר דער שטארקער קעהרט זיך אום ווי אהן א שווערד געשאכטען). דערווארט „שחוט״ אין דער ערסטער שורה, מיינט אויסגעדריקט, אויסגעפרעסט, די וויין וואס ווערט אויסגעדריקט פון די טרויבען; אין דער צווייטער שורה — געשאכטען.

* * *

א חוץ מיט פאעזיע האט זיך משה אבן עזרא אויך אבגעגעבען מיט ליטעראטור־קריטיק און מיט דער גע־שיכטע פון ליטעראטור. ער האט אנגעשריעבען אין אראביש א בוך איבער דער העברעאישער פאעזיע.דער בוך איז איבער־זעצט געווארען אין העברעאיש אונטער דער נאמען „אשכול הכופר״ פון אן אונבעקאנטען שרייבער; פון דער העברעאי־שער איבערזעצונג זיינען נאר געבליעבען קליינע טהיילען. אין דעם דאזיגען בוך מאכט ער די בעהויפטונג, אז די אידען האבען זיך בעזעצט אין שפאניען נאך אין די צייטען פון ער־סטען חורבן. ער מיינט, אז דער ווארט „ספרד״ וואס איז דער־מאנט אין „עובדיה״ מיינט שפאניען. דארטען ווערט צווישען די איבריגע בעהאנדעלט די העברעאישע פאעזיע פון דער ביבעל, און ער בעהויפטעט, אז אין דער אלטער העברע־אישער פאעזיע איז ניטא ניט קיין מעטער און ניט קיין גראם. דאס האבען די שפעטערע העברעאישע פאעטען איבערגענו־מען פון די אראבער. ער זוכט צו ערקלעהרען די בעזונדערע פעהיגקייט פון די אראבער צו פאעזיע דורך די רייכקייט פון דער נאטור און די שעהנקייט פון דעם קלימאט אין וועלכען זיי לעבען. דאן גיט ער די געשיכטע פון די שפאנישע העברע־אישע פאעטען, געבענדיג א קורצע כאראקטעריסטיק פון די וויכטיגסטע צווישען זיי. וועגען אבן־גבירול צום ביישפיעל זאגט ער: „גבירול איז געווען א פאלקאמענער שריפטשטעלער, וועלכער האט אין דער פאעזיע דערגרייכט דיא העכסטע מדרגה. ער וויים זיך וויא צו בענוצען מיט די עדעלסטע אויסדריקע און איז דערפאר פון אלעמען בעטראכט געווארען אלס דער מייסטער פון ווארט, און קינסטלער פון

פּערז. זיין סטיל איז גלאַט, זיינע אויסדריקע פליסיג, די גאַנ־צע בעהאַנדלונג פון געגענשטאַנד איז פול מיט חן. אַלע האַ־בען געקוקט אויף איהם מיט בעוואונדערונג; אַלע זיינע נאָכ־פאָלגער האָבען זיך בענוצט מיט די געשטאַלטען וואָס ער האָט אויף דער שפּראַך אַרויפגעדריקט. אונזער יונגער דיכטער איז געווען גרויס אין אַלע אַרטען פון דער דיכטונג; אין לויב־ליע־דער ווי אין הספדים און פילאָזאָפישע ליעדער. זיינע פריינד־שאַפט ליעדער זיינען פול מיט צאַרטליכקייטען; זיינע רעלי־גיעזע ליעדער ריהרען צו טרעהרען; זיינע מאָראַלע ליעדער צומרייסלען טיעף אונזערע הערצער. אָבער אויך זיינע סאַ־טירען זיינען געווען שאַרף און שטעכיג. פילאָזאָף ווי ער איז געווען, איז ער דאָך געווען אַן אויפגערייצטער מענש, און דאָס האָט אויסגעאיבט אַ שטאַרקען איינפלוס אויף זיין שכל".

די דאָזיגע אָבשעטצונג פון גבירול'ען, וועלכע ווערט דאָ ציטירט לויט קאַרפּעלעסען („געשיכטע דער אידי־שען ליטעראַטור") איז, קורץ ווי זי איז, פאָלשטענדיג גענוג, אַז דער לעזער זאָל זיך בילדען אַ פאָרשטעלונג וועגען דער פערזענליכקייט און ליטעראַרישער טהעטיגקייט פון גבירול. פון דער דאָזיגער כאַראַקטעריסטיק אַליין קען מען זעהן, אַז משה אבן־עזרא איז געווען ניט בלויז אַ גרויסער פּאָעט, נאָר אויך אַ בעדייטענדער קריטיקער.

משה אבן־עזרא האָט זיך אויך בעשעפטיגט מיט דער פילאָזאָפיע. ער האָט אָנגעשריעבען אַ ווערק וועגען פילאָזאָ־פיע אין אַראַביש, וועלכע איז איבערזעצט געוואָרען אין העב־רעאיש אונטער דעם נאָמען „ערוגת הבשם" (דער בשמים־בייט). ער צייגט דאָרט אַרויס אַ גרויסע בקיאות אין דער גרי־כישער און אין דער אַראַבישער פילאָזאָפיען. צווישען די אי־בעריגע דערמאָנט ער דאָרטען דיא נעמען פון די גריכישע פי־לאָזאָפען סאָקראַטעס, פּלאַטאָ, אַריסטאָ־טעלס, דעם אַראַבישען אַלפאַראַבי און די אידי־שע סעדיה גאון און אבן־גבירול.

דער „ערוגת הבשם" שטעלט מיט זיך ניט פאַר קיין סיס־טעמאַטישע אָבהאַנדלונג איבער פילאָזאָפיע. דאָס איז גיכער

א מין זאמלונג פון פערשיעדענע געדאנקען פון אנדערע פילאָ־זאָפען און שרייבער. פון געוויסע שטעלען איז צו זעהן, אז ער איז בעאיינפלוסט געוואָרען פון אבן־גבירול, כאָטש ביי איהם ווערט גבירול'ס „יסוד הכללי“ אָנגערופען „שכל הפועל“.

בקיצור זיינען זיינע לעהרען דיא פאָלגענדע :

גאָט איז א פאָלשטענדיגע און אַן אבסאלוטע איינהייט. אזוי וויא אונזערע אויגען קענען ניט זעהן די זונן צוליעב די שטארקייט פון איהרע ליכט־שטראהלען, אזוי קענען מיר אויך ניט בעגרייפען גאָט צוליעב דיא פאָלקאָמענהייט פון זיין וועזען. דאָס ענדליכע און בעגרעניצטע קען ניט בעגרייפען דאָס אונענדליכע און אונבעגרעניצטעס. מיר קענען דארום גאָט ניט געבען קיינע נעמען אָדער איהם צושרייבען וועלכע־ניט־איז אייגענשאַפטען. דאָס וואָס אין דער ביבעל געפינען זיך אזעלכע אויסדריקע איז עס מעהר ניט בדרך משל.

דער מענש איז אַן „עולם קטן“, א מיניאטור־בילד פון דעם אוניווערזום, אין איהם געפינט זיך אין א זעהר קליינע פאָרם אלץ, וואָס עס געפינט זיך אין דער גאנצער שעפּפונג. ער איז דיא מייסטער־ווערק פון דער גאנצער בריאה.

די ערסטע שעפּפונג פון גאָט איז דער „טהעטיגער אינטע־לעקט“ („שכל הפועל“), וועלכער איז אַן אויסשטראהלונג פון גאָט'ס ווילען. דער שכל־הפועל בעשטעהט פון אזא מין ערדלע מאטעריע אין וועלכער עס געפינען זיך שוין אין דער מעג־ליכקייט די אלערליי פאָרמען וואָס עקזיסטירען. דורך איהם זיין די וועלט געוואָרען.

און אזוי ווי אין דעם „עולם גדול“ געפינען זיך פערמיט־לער צווישען די הומרי'ות'דיגע וועלט און גאָט, אזוי איז אויך אין דעם „עולם קטן“, אין דעם מענשען, פאראנען פערמיטלער צווישען גוף און שכל. דאָס זיינען דער „רוח“ און דער „נפש“. אין דעם מענשליכען לעבען זיינען דאָ טהעטיגקייטען און פונקציאָנען, וואָס מען געפינט אויך ביי געוויקסע, ווי צום ביישפּיעל וואקסען, נעהרען זיך און פערמעהרען זיך. עס זיי־נען דאָ אנדערע פונקציאָנען, וואָס מען טרעפט נאָר ביי חיות,

ווי צום ביישפּיעל בעוועגען זיך. די ערסטע פונקציאָנען זיינען אונטער דער אויפזיכט פון „רוח"; די לעצטע ווערען בעאיינ־פלוסט פון „נפש". זיי ביידע זיינען עם די פערמיטלער צווי־שען דעם מענשליכען גוף און זיין העכערען וועזען, — דעם שכל.

אין זיין פילאָזאָפיע איז משה אבן־עזרא א נייפּלאַטאָ־ניקער.



## X.

(ר׳ יהודה הלוי׳ס יוגענד. זיינע ליעדער פון יענער צייט. ר׳ יהודה הלוי אלס דאקטאר. זיין בעשלוס צו פאהרען אין ארץ ישראל. זיין שטורמדיגע רייזע אויפ׳ן ים. זיין אויפהאלט אין מצרים. זיין אנקומען אין ארץ ישראל. זיין בעריהמטע קלאג־ליעד „ציון הלא תשאלי?“ און די לעגענדע וועגען זיין טראגישען טוידט. זיין נאציאנאלע און רעליגיעזפילאזאפישע פּאעזיע. זיין פילאזאפיע און דער „כוזרי“).

---

ר׳ יהודה הלוי איז געבארען געווארען אין ט א ל ע ד א, ש פ א נ י ע ן, אין יאהר 1085 אדער 1086. דאס קומט אויס בערך אין דער צייט, ווען די שטאדט איז אריבערגעגאנגען אין קריסטליכע הענד, אונטער דער הערשאפט פון א ל פ א נ ז א דעם זעקסטען. צום גליק איז א ל פ א נ ז א געווען איינער פון די וועניגע קריסטליכע הערשער אין יענער צייט, וועלכע זיינען ניט געווען פערבלענדעט פון זייער ווילדען רעליגיעזען פאנאטיזם. א ל פ א נ ז א אליין איז געווען א מענש, וואס האט זיך אינטערעסירט מיט דער פּאעזיע און די וויסענשאפטען. די אראבער און די אידען, וואס זיינען געווען אונטער זיין הערשאפט האבען פריי און אונגעשטערט זיך געקענט אבגעבען מיט זייער קולטורעלער טהעטיגקייט. ט א ל ע ד א איז פאר א היבשע צייט נאכדעם נאך אלץ געבליבען אונטער דעם איינפלוס פון דער אראבישער שפראך און קולטור, און דאס האט געהאט אויך א גוטע ווירקונג אויף די קריסטען.

ר' יהודה הלוי'ס פאטער, ר' שמואל פון קאס־טיליען, איז געווען א חשוב'ר און פערמעגליכער מענש. ער האט געהאט דיא מעגליכקייט צו געבען זיין איינציגען זוהן א גוטע ערציהונג. ר' יהודה הלוי האט ניט געוואוסט פון דחקות און צרות אין זיינע יונגע יאָהרען, ער האט ניט גע־דארפט אנקומען צו פערשיעדענע מעצענאטען, וויא עס איז געווען דער פאל מיט זיין גרויסען פארגייננגער אבן־גבירול. ער האט פערבראכט א רוהיגע, גליקליכע יוגענד, און דאס האט זיך אבגעשפיגעלט אין זיין יוגענד־פּאָעזיע. ער האט דאן בעזונגען דיא שענקייטען פון דער נאטור, דיא ליעבע, ווייז און דערגלייכען. זיין מוזע איז געווען א פרעהליכע, א צופרי־דענע, צייטענווייז זאָגאר א שטיפעריש. זיא איז ניט בע־טריבט און ניט טרויעריג וויא גבירול'ס.

ווען ער איז נאך געווען א גאנץ יונגער בחור'ל, האט איהם זיין פאטער געשיקט שטודירען אין לוצענא אין דיא בעריהמטע ישיבה פון ר' יצחק אלפסי. דאר־טען האט ער געלערענט תלמוד און דארטען האט ער געקראָ־גען דיא מעגליכקייט זיך צו בעקענען מיט דיא גרעסטע תלמודיסטען פון זיין צייט וויא יוסף אבן־מיגאש, יוסף אבן־צדיק און אנדערע. ר' יהודה הלוי איז בכלל געווען א גליקליכער מענש מיט דיא פריינד, וואס ער האט זיך ערוואָרבען. פון זיין פריהעסטער יוגענד איז ער שוין געווען בעפריינדעט מיט דיא גרעסטע מענשען פון זיין צייט.

פאר א פּראָפעסיע האט ער זיך אויסגעקליעבען מעדי־צין. ווער עס זיינען געווען זיינע לעהרער אין מעדיצין איז ניט בעקאנט. עס איז אויך ניט בעוואוסט אויף וויפיעל ער האט זיך אין דעם אויסגעצייכענט, ווייל קיין מעדיצינישע אבהאנדלונגען זיינען פון איהם ניט געבליבען. ער האט זיך אָבער ערוואָרבען א גרויסע פראקטיקע אין זיין געבורטס־שטאָדט טאלעדא, וואו ער האט זיך בעזעצט נאָכדעם וויא ער האט געענדיגט זיין שטודיום. אין איינעם פון זיינע

בריעף צו א פריינד בעקלאָגט ער זיך, וואָס זיין פּראַקטיקע איז צו גרויס און זיא רויבט פון איהם אוועק זיין גאַנצע צייט.

זיין פּאָעטישער טאַלאַנט האָט זיך פאַרנאַנדערגע־בליהט, ווען ער איז נאָך געווען גאַר יונג. עס געפינען זיך פון איהם ליעדער, וועלכע זיינען געשריעבען געוואָרען ווען ער איז נאָך געווען א אינגעל פון פערצעהן־פופצהן יאָהר. צווי־שען דיא ערסטע ליעדער זיינע בעלאַנגען זיין קלאָג־ליעד אויפ'ן טוידט פון „אלפסי", א חתונה־ליעד צו ר' יוסף אבן־מיגאש און מאַנכע אנדערע.

ר' יהודה הלוי שיינט אויך געווען גליקליך צו זיין אין זיין ליעבע. וויא מען קען ארויסזעהן פון געוויסע שטעלען אין זיינע ליעבעס־ליעדער האָט ער שפּעטער חתונה געהאַט מיט זיין הערצענס־געליעבטע, וועמעס שעהנקייט, ליעבליכקייט און חן ער האָט בעזונגען אין אזעלכע פייער־דיגע פערזען. וויא עס ווייזט אוים איז איהם זיין פרוי גע־שטאָרבען, ווען ער איז נאָך געווען א מאַן אין אָנפאַנג פון די מיטעלע יאָהרען. עס איז איהם פון איהר געבליעבען א טאָכ־טער, וועלכע זאָל לויט א לעגענדע האָבען חתונה געהאַט מיט אברהם אבן־עזרא. זיין טאָכטער און איה־רען א קינד, וועמעס נאָמען עס איז געווען יהודה דער־מאָנט ער אין זיינע ליעדער.

אין זיין פּאָעזיע האָט ר' יהודה הלוי צו זיך קיין גלייכען ניט אין דער אַלטער העברעאישער ליטעראַטור, א חוץ אבן־גבירול. אבן־גבירול'ס רעלי־גיעזע און רעליגיעז־פילאָזאָפישע ליעדער זיינען פיעלייכט צאַרטער און טיעפער וויא יהודה הלוי'ס, אָבער דערפאַר קען זיך דער ערסטער ניט פערגלייכען צום צווייטען אין זיינע נאַציאָנאַלע און ציוניסטישע ליעדער. אין דיעזער הינזיכט שטעהט יהודה הלוי אליין און העכער וויא אלע אנדערע אידישע פּאָעטען ביז היינטיגען טאָג. זיין גאַנצע נשמה, זיין גאַנצער וועזען איז דורך און דורך אָנגע־זאַפּט מיט דעם צער און דיא צרות פון זיין פאָלק.

ר' יהודה הלוי'ן האָט קיין זאך ניט געפעהלט. ער איז געוועזען רייך, איז געליעבט און געעהרט געוואָרען פון זיינע פיעלע פריינד און פערעהרער, האָט זיך ערוואָרבען א גרוי־סען נאָמען און איז געפייערט געוואָרען פון זיינע צייט־גענאָ־סען אלס דער גרעסטער פּאָעט און גרויסער געלעהרטער, אָבער זיין פערזענליכער גליק האָט איהם ניט צופריעדען גע־שטעלט, האָט ניט בערוהיגט זיין ליידענדע הארץ. ער האָט געליטען ניט זיינע אייגענע פערזענליכע צרות, נאָר דיא צרות פון דעם גאנצען כלל, די צרות פון דעם פער־וואָגעלטען פּרינץ, דעם צער פון דער שכינה, וואָס געפינט זיך אין גלות. דאָס אידישע פּאָלק, דאָס אידישע לאַנד און דיא אידישע תורה זיינען איהם גלייך ליעב און טהייער גע־ווען. ער האָט זיי אלע צוזאמען בעטראכט וויא איין גאנצעס; זיי זיינען אלע אזוי ענג צוזאמענגעבונדען, אז איינער אָהן דעם אַנדערען קען גאָר קיין קיום ניט האָבען.

דיא גרויזאמע פערפאָלגונגען, וואָס דיא אידען האָבען געהאַט אויסצושטעהן אין דיא ארומיגע קריסטליכע לענדער; דיא אונטערדריקונגען פון דיא אידען אונטער די נייע מאָ־האמעדאנישע הערשער, דיא אַלמאָראַווידען, צוזאמען מיט דער פעראכטונג, וואָס ביידע צוזאמען האָבען ארויסגעצייגט צום אידישען פּאָלק, ווייל עס האָט ניט קיין אייגען לאַנד און קיין אייגענע מלוכה, וואָס איז דאמאָלסט גע־ווען דער בעסטער בעוויז, אז גאָט האָט פערמיאוסט און פערוואָרפען דיא אידען, — דאָס אלעס האָט איהם פערבי־טערט זיין לעבען. ער האָט פערלאָזען דיא קריסטליכע טאָ־לעדא און האָט זיך בעזעצט אין דער מאהאמעדאנישער קאָרדאווא, אָבער אויך דאָרטען האָט ער געפונען דיא זעלבע האַס און פעראכטונג. אין פיעלע פון זיינע ליעדער און תפילות בעקלאָגט ער זיך, וואָס דיא אידען האָבען צו ליי־דען פון ביידען, סאי פון דיא קריסטען („אדום“) און סאי פון דיא מאהאמעדאנער („הגר“). דאן איז איהם אריינגע־קומען דער געדאנק, אז ארץ ישראל איז דער איין איינציגער

פלאטץ, וואו דאס אידישע פאלק קען געפינען זיין רוהע. ער האט געבעטען און געהאפט, אז גאט זאל און ועט שיקען דעם ערלייזער, אבער דאס איז פאר איהם געווען נאך ווענינ. ער האט בעשלאסען אליין צו פאהרען אהין. צו בעגיסען דאס הייליגע לאנד מיט זיינע טרעהרען, צו קושען זיינע שטיי־נער, אריינצואטהעמען זיין נשמה־לופט און צו וויינען אויף זיינע חורבות.

אומזיסט האבען איהם מאנכע פון זיינע פריינד געפרו־בירט אבהאלטען פון זיין בעשלוס, אומזיסט האבען זיי איהם אנגעצייגט דיא געפאהרען פון אזא רייזע, דיא געפאהרען פון ימים און מדבריות, ר׳ י ה ו ד ה ה ל ו י איז געבליע־בען ביי דאס זייניגע. ער האט פאר זיי אלעמען געהאט איין ענטפער: „צו האבען מיר אין מזרח אדער מערב אזא פלאץ וואו מיר קענען זיין זיכער?“ אין איינעם פון זיינע ליעדער דערצעהלט ער, וויא זיינע פריינד ווילען איהם ניט דערלאזען צו דער נסיעה:

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

עס ווילען מיר פריינד און געליעבטע פערהאלטען —
איך הער און איך שוויינ און לייד נור
בעהאלטען.
וואס זאל איך זיי זאגען? וואס זאל איך
דערקלעהרען?
זיי וועלען פערשטעהן דען מיין וויטאג דעם
שווערען?
צי קען איך פערשטיקען מיין הערצענ׳ס
פערלאנגען,
פערשקלאפט. וויא א פויגעל ביי קינדער
געפאנגען?
ביי מיר אין די אויגען איז פינסטער דער שיין,
און ביטער צום גומען דער זיסעסטער וויין.

עס האָט מיר די קנעכטשאפט מיין לעבען
פערביטערט.
און אַנדערע געטער מיין גלויבען ערשיטערט.
געפּלאגט און געשלאָגען, געדריקט און געמאַטערט
האָט אימער מיין זעעלע געביינקט און געפלאַטערט
אהין, וואו עס זיינען בעגראָבען געוואָרען
די היילינגע אבות, די לוחות, דער ארון.

(איבערזעצט פון י. י. שווארץ)

אין יאָהר 1141, ווען ער איז געווען אין עלטער פון פינף און פופציג יאָהר האָט יהודה הלוי אונטערגענומען זיין רייזע קיין ארץ ישראל. בעזאָרגט מיט גענוג הוצאות האָט ער זיך מיט א פּאָאר פריינד געזעצט אויף א שיף צו פאָהרען אין מצרים, פון וואנען ער האָט בדעה געהאט פארטצוזעצען זיין רייזע נאָך ארץ ישראל. נאָך א לאנגע און שווערע רייזע אין איינע פון דיא דאמאָלסטדיגע קליינע און ענגע זעגעל־שיפלעך איז ער ענדליך אָנגעקומען קיין אלעקסאנדריא. פון זיין רייזע אויפ׳ן ים איז אונז געבליבען א רייהע פון ליעדער, וועלכע קענען גערעכענט ווערען צווישען זיינע בעסטע.

.1

כוואליעס יאָגען, כוואליעס שלאָגען,
רוישען, קאָכען אין דעם מעער:
ס׳זידט דאָס וואסער, ראש און ראשער
מישט זיך, טראָגט זיך ווילד און שווער.

תהומות לאכען, תהומות קראכען
ס׳הילכט א בייזער דונער קול;
בערגער טהורמען, בערגער שטורמען,
ס׳ברעכט זיך איין א גהינם־טהאָל.

די שיף זי ציטערט, בויגט זיך, פליטערט
האָט פערלאָרען לאנג איהר וועג; —

נור אָהן מורא, כ׳האָף צום בורא
וועלכער שניידט אין ים אַ שטעג.

כוואליעס קומען, כוואליעס ברומען,
ס׳ברעכט דער ווינד פון מאסט דעם בוים;
ביז צום הימעל אין געטימעל
שפריצט א זילבער-ווייסער שוים.

ס׳זידט אָהן פלאַמען, ניט צום צאהמען —
ס׳געהט אַ שיכור-טאַנץ די שיף;
און בעזויפען, וויל פערקויפען
איהרע אָפּפער צו דער טיעף

ד׳ער לויתן ווי א חתן
לאדט די וואלפיש איין צום פעסט;
אלץ געצווינגען, אלץ פערשלינגען
זוכט דער ים און ברומט און פרעסט.

.2

עס דאנקט, גרויסער גאָט, דיר מיין זעעלע
און ס׳לויבט דיר מיין טיעפסטער געזאנג;
ביי איטליכען שטוים פון די כוואליעס,
ביי איטליכען שטורעם געדראנג

ווען ס׳שפרייט אוים דאָס שיף ווי א בושעל
די פליגעל און טראָגט מיך גאנץ שנעל;
און אויך ווען דער תהום קאָכט און שטורעמט
ווי נאכגעאהמט וואָלט ער מיין זעעל.

עס פרעגעלט דער ים זיך אין פלאמען
און ס׳זידט ווי א קעסעל די טיעף.
די וואל-פיש געגרייט צו דער סעודה
בעגלייטען אין מחנות די שיף.

כ׳פערגעס אויך מיין איינציגע טאָכטער,
מיין שוועסטער-נשמה, מיין פרייד ;
איהר זוהן וואָס זיין אבשייד, אויף שטיקער
צוריסען מיין הארץ האָט מיט לייד.

די פרוכט מיינע לענדענ׳ס, מיין ציערונג,
קען יהודה׳ן *) פערגעסען ?
וואָס בעטרעפט עס אנטקעגען דיין ליעבע
וואָס האָט מיין נשמה בעזעסען ?

ביז כ׳וועל דיינע טויערען בעטרעטען,
די טויערען פון הייליגער שטאָדט
און כ׳וועל אלס א קרבן מיין הארצען
עס מקריב זיין דיר, גרויסער גאָט !
און מיין קבר זאָל ליעבע פערצעהלען,
מיין גרוים ליעבע צו דיר, שטארקער גאָט !
(איבערזעצט פון י. י. שווארץ)

II

אָנגעברוגזט האָט דער ים זיך
און געקנייטשט זיך און געקרומט —
פּלוצים האָט ער זיך צובייזערט
און ער וויגט זיך שוין און ברומט.

און אָט לויפען שוין אנטקעגען
ווילד און בייז מיט ווייסען שוים,
כוואליעס לייבען, כוואליעס שלאַנגען,
אויסגעוואקסען פון דעם תהום.

אָט האָט זיך א טאָהל געעפענט,

*) זיין אייניקעל האט אויך געהייסען יהודה.

אַט שטעהט אויף אַ הויכער בארג —
פלאטער, זעגעל! בויג זיך, מאסטבוים!
דו, מיין הארץ, בלייבסט פעסט און שטארק.

האָסט אַ גרויסען גאָט אין הימעל,
ימים שפאלט ער מיט זיין האַנד;
אויף זיין פליגעל מיט זיין שטורם
טראָגט ער דיך צום ליעבען לאנד.

.2

מיט דער לבנה-שיין פערזילבערט,
ווייט רינצעלט זיך דער וואסער-שפיגעל;
פערשפרייט האָט זיך אויף אונז די נאכט
מיט איהר בלאָ-סאמעטענעם פליגעל.

ס'איז נישט קיין נאכט — ס'א מלכת-שבא!
געהילט אין בלאָס, מיט גאָלד בעפליטערט,
שטיל אטעמט זי, און אויף איהר ברוסט
שעמערירט דאָס גאָלד, שעמערירט און ציטערט.

ווי שאָף צושפרייט, די קליינע כוואליעס
שטיל וויגען זיך אין לייכטען דרימעל,
עס ציטערען אין ים די שטערען —
ווער איז דאָ ים און ווער איז הימעל?
צוויי ימ'ען שלאָפען דאָ צוזאמען
צונויפגעלייגט ווי גלייכע ברידער;
איין דריטער ים אין מיטען שלאָפט נישט:
מיין הארץ מיט זיינע נייע ליעדער.

(ח. נ. ביאליק נאָך ר' יהודה הלוי)

אין אלעקסאנדריאַ איז ער עמפפאנגען געוואָרען מיט גרויס כבוד. די פארשטעהער פון דער דאָרטיגער אידישער קהלה זיינען איהם ארויס מקבל פנים זיין. אהרון־בן־ציון אבן

א ל א מ א נ י, דער רב און דאָקטאָר פון אלעקסאנדריא, אליין אויך א דיכטער, האָט איהם אריינגענומען צו זיך אין הויז, דריי מאָנאט האָט זיך יהודה הלוי אויפגעהאַלטען אין אלעקסאנדריא ביז וואנען ער האָט זיך ערהאָלט פון זיין שווע־רער נסיעה. דאַן האָט ער בעשלאָסען פאָרטצוזעצען זיין רייזע.

זיינע פריינד אין מצריים האָבען איהם געפּרובירט אי־בעררײדען, אז ער זאָל בעסער דאָרטען פערבלייבען, אָבער ר׳ י ה ו ד ה ה ל ו י איז געבליעבען ביי דאָס זייניגע. אין א ליעד בעט ער זיך ביי זיי, אז זיי זאָלען איהם מעהר ניט פערהאַלטען, ווייל ער האָט מורא, אז עס קען איהם נאָך טרע־פען א סבה און ער וועט ניט זוכה זיין צו זעהן דאָס לאַנד פון זיין בעגעהר. „מיין וואונש איז צו זיין געשיצט אין דיא פליעגלען פון גאָט און צו זיין דאָרטען, וואו מיינע עלטערען זיינען געוועזען.“

אין ק א א י ר א האָט דאָמאָלס זיך אויפגעהאַלטען ר׳ שמואל אבו־מאנסור, וועלכער האָט פערטראָטען א וויכ־טיגע רעגיערונגס־שטעלע. ער איז, וויא עס ווייזט אויס, אויך געוועזען דער אנערקענטער הויפּט פון דיא אלע עגיפּטישע אי־דען. דער דאָזיגער אבו־מאנסור האָט איינגעלאַדען ר׳ יהודה הלוי׳ן צו זיך אין קאאירא. ווען ר׳ יהודה הלוי איז אהין גע־קומען, האָט איהם אבו־מאנסור אָנגעבאָטען געלד צו דעקען דיא קאָסטען פון זיין רייזע. ר׳ יהודה הלוי האָט זיך שעהן בעדאַנקט, ענטפערענדיג, אז ער האָט גענוג פאַר זיך און אז ער האָט אויך איבערגעלאָזען גענוג פאַר דער פאַמיליע אין שפּאַניען. עטליכע טעג האָט זיך ר׳ יהודה הלוי אויפגעהאַל־טען אין קאאירא, וואו אבו־מאנסור האָט איהם בעזאָרגט מיט דיא נויטהיגע דאָקומענטען און רעקאָמענדאציעס, און דאַן האָט ער זיך געלאָזען אויף זיין וועג.

דעם איינדרוק, וואָס עגיפּטען מיט איהר וואונדער־שעהנע נאַטור האָט געמאַכט אויף׳ן פּאָעט, קען מען זעהן פון דיא פאָלגענדע ליעדער:

## 1

האָט דיא צייט איהר טרויער פערוואָרפען
און אין גלאַנץ און אין שיין זיך בעקליידט ?
און דיא ערד האָט מיט בלומען בעדעקט זיך
און פון גאָלד-וועב געפלאָכטען א קייט ?

און דיא פעלדער ביים נ י ל ו ס זיי בליהען
אין ליכטיגע פארבען קאָלירט ;
ס'איז דער מדבר אין גרינע טאַפּעטען,
פיראמידען — אין גין - גאָלד פערציערט.

און דיא רייצענדע טעכטער מצריים'ס
מיט גאָלד און מיט זילבער בעהאַנגען —
און דאָך אזוי פלינק וויא אינדינען
פערפיהרעריש וועקען פערלאנגען.

און דאָס לייכטזיניג הארץ — עס פערגעסט זיך
און חלום'ט פון יוגענד אויף ס'ניי,
אין גן עדן מצריים'ס, ביים נ י ל ו ס,
וואו ס'ציהען זיך אָפען און פריי

דיא וויים-בליהענדע גערטנער, און פעלדער
בעדעקטע מיט גאָלדענע זאַנגען.
א מערב - ווינד בויגט זיי, און ס'דאכט זיך
זיי לויבען דעם בורא און דאַנקען.

2

איהר, זינגער, בעזינגט זייער שעהנהייט
און, שפּיעלער, בעגלייט זיי אין כאָר ;
דיא טעכטער דיא שעהנסטע פון מזרח,
דיא צניעות וואָס לויכט אזוי קלאָהר.

זיי דאַרפען צום זיעג נישט קיין שווערדען,
דיא אָרעמס ענטבלויזט — זייער וואפען.
דיא פוילע זייער בליק אויפצוהויבען,
וויא קען זיי דיא ציערונג פערשקלאפּען ?

און וואָלט זייער בליק אָנגעטראָפען
דיא זונן, וואָלט פערדונקלען איהר פּראַכט.
דיא מאַרמאָר-געזיכטער און לאָקען, —
אָט מאַכען זיי טאָג, און אָט נאַכט.

פערהילעט אין ליכטיגע קליידער,
בעקרוינטע מיט לאָקען פון שווארצען.
זיי האָבען וויא שטערען אין הימעל
זיך איינגעפּאַסט טיעף אין מיין הארצען.

אָט, דאַכט זיך, פערבייטסטו אויף בליהענדע
בוימער, דיא פרויען וואָס שטראהלען.
אריבער צוויי שניר פּערל-ציינער
פריש דופטען דיא ליפּען קאָראַלען.

און ברוסטען — וויא ראָזיגע עפּעל,
דיא פרישקייט פון ראָזען — געזיכטער ;
געשטאַלטען — וויא פּאַלמען וויא שלאַנקע,
וואָס טרוימען אין שאָטענס און ליכטער.

(איבערזעצט פון י. א. שווארץ.)

זיין מארשרוט פון עגיפטען און ארץ ישראל איז געווען דיא אלטע, שווערע וועג, וואו דאס אידישע פאלק האט איז זיין יונענד ארומגעוואנדרעוועט גאנצע פערציג יאהר:

דיא צייט האט מיך אין מדבר פון מצריים
ווייט פערשלאָגען.
בעפעהל דיא צייט זיא זאָל מיך ווייטער,
ווייטער אלץ פערטראָגען.

ביז אָנקוקען דעם מדבר פון יהודה
זאָלען מיינע אויגען,
וואו ס'ליעגט מיין וואונדער-שעהנע לאנד
אין גלאנץ בעצויגען.

און דאָרטען זאָל דאָס גרויסע ליכט פון
גאָטעס נאָמען מיך איינוועבען.
און שיינען זאָל זיין הייליגטהום אויף מיר
און שוועבען.

(איבערזעצט פון י. י. שווארץ)

וויא לאנג עס האט איהם גענומען זיין רייזע און ווען ער איז אנגעקומען קיין ארץ ישראל, איז ניט בעקאנט. אלט און צובראָכען טרעפען מיר איהם אין צ ו ר און אין ד מ ש ק. עס איז ניט זיכער, אויב ער איז געווען אין ירושלים, כאטש פון א שטעלע אין איינע פון זיינע תפלות קען מען ארויס־דרינגען, אז ער איז דאָרטען געווען, אבער אז ער האט זיך דארטען ניט געקענט לאנג אויפהאלטען. ירושלים איז דאן געווען אין קריסטליכע הענד. און דיא קריסטען זיינען א פנים ניט געווען פריינדליך צו איהם. ער בעקלאגט זיך: „צו זעהן דיין כבוד האט מיין הארץ געגלוסט, און ווען איך בין ענדליך געקומען צו דיין הייליגען פלאץ, האט מען מיך פון דארטען פערטריעבען, גלייך וויא איך וואלט געווען א טמא, אן אונ־ריינער. דעם שיקזאל פון מיין פאלק מוז איך טראגען. גערול־

דיג זיך בויגען אונטער דער רוט פון בעדריקער, ווייל איך וויל ניט דיענען צו קיין פאַלשען גאָט, און נאָר צו דיר וויל איך בעטען".

וואו און ווען ער איז געשטאָרבען, איז אויך ניט בע־וואוסט. דיא פאַנטאַזיע פון פאָלק האָט אָבער צוגעשפּונען א פּאַסענדע טראַגישע ענדע צו דעם דראַמאַטישען לעבען פון זיין דיכטער... דיא לעגענדע דערצעהלט, אַז ווען ער איז אָנגע־קומען קיין ירושלים און האָט דערזעהן דיא חורבות, איז ער געפאַלען אויף זיינע קניע, האָט גענומען קושען דיא זאַמד און די שטיינער און האָט דאַמאָלס פערפאַסט זיין בעריהמטע טרויער־ליעד: „ציון הלא תשאלי?". ווען ער האָט דיא דאָזיגע ליעד געענדיגט, האָט איהם א רייטענדער בעדואין דערשטאָכען מיט זיין שווערד. זיין נשמה איז אויסגעגאַנגען מיט „ציון" אויף דיא ליפּען.

ביינקסט אויך נאָך דיינע קינדער, מוטער ציון,
וויא זיי, צוזייטע און צושפּרייטע, ביינקען?
ווילסט אויך, ווי זיי פון דיר, א ליבען גרוס בעקומען?
דאָ האָסטו איהם א גרוס פון נאָהענטע און ווייטע!
אין האַרצען דורות־לאַנג געוואָרעמט, טראָגט איהם
פון אַלע עקען וועלט, דורך ימים און מדבריות,
צו דיר אין שוים אַן עלענד קינד דיינס. איינער
פון דיא, וואָס זאַפּען אַן, וויא טוי דיין חרמון,
דיא פרעמדע בערג מיט ברענענדיגע טרעהרען,
און שטאַרבען אין דער פרעמד פערליעבטע און
פערביינקטע...

מיך ציהט צו דיר! ביינאַכט אויף דיינע חורבות
בין איך דיין נאַכט־אַיילע, דיין יאמער־ליעד.
און חלום'ט זיך מיר נאָר דיין מאָרגענשטערען—
ווער איך
דיין נאַכטיגאַל, דיין קלינגענדע האַרפּע.

מיך ציהט צו דיר ! מיין הארץ געהט אוים נאך
יענע ערטער,
וואו דיא אבות האבען זיך בעגעגענט מיט מלאכים,
וואו דיא שכינה האט גערוהט, וואו דיין בעשעפער
האט דיינע טויערען, דיא הייליגע געעפענט
אנ׳קעגען זיינע הימעלשע שערים ;
וואו ניט דיא זון און ניט דיא לבנה, שטערען —
גאט׳ס עהרע זעלבסט האט דיר בעשיינט מיט
גלאנץ . . .
איך גאר, אז אויסגיסען זאל זיך מיין זעעלע דארטען
וואו ס׳פלעגט אמאל גאט׳ס גייסט און גאט׳ס
גענאד זיך גיסען
אויף דיינע אויסערוועהלטע, מוטער ציון !
וואו נעהמט מען פליגעל ? שטיקערווייז וואלט
איך מיין הארץ
ווייט, ווייט צווישען דיינע בערג פערטראגען.
כ׳וואלט צוגעפאלען צו דיין ערד, כ׳וואלט
אויסגעקושט
איהר יעדען פום-טרעט, יעדעס שטיינדעלע
בעזונדער,
און אומגעוואנדערט וואלט איך טאג און נאכט
א נאקעטער, א בארפיסער אויף דיינע חורבות.
כ׳וואלט מיט מיין שטעקען אויסגעמאסטען אלע
קברים
מיט דיין נשמה-לופט זיך אנגעאטהעמט,
זיך איינגעוויקעלט אין דיין זיסען שטויב,
און ביז צום בלינד ווערן בעוויינט דיין חורבן, ציון...
צי קען דיא שיין פאר מיינע אויגען זים זיין —
אז שווארצע ראבען פיקען דיינע אדלערס ?
צי קען מען לעבען אויף דער וועלט און צוזעהן,
וויא גאס-הינד שלעפען דיינע טויטע לייבען ?
גענוג, לאז אפ איין ווײלע, כוס פון טרויער !
מיין הארץ איז איבערפול מיט דיר פערביטערט.

כ'האָב איינגעזאפּט אין זיך דיין שוים מיט דיינע
הייוועו . . .
גענוג ! איך וויל איין חלום זעהן און שטאַרבען...
כ'וויל זעהן, אַז גרויסער גאָט, נאָר איין
שטראהל ליכט,
נאָר איין שטראהל ליכט פון יענעם מאָרגענשטערן,
וואָס דאַרף, וואָס מוז אַמאָל נאָך העל און ליכטיג
זיך אָנצינדען אויף ציון'ס בלויען הימעל,
בעניייען און בעפרישען זיך מיט יוגענד . . .
גענוג, איין זיסען חלום לאָז מיר זעהן נאָך
און אויסגעהן מיט אַ שמייכעל אויף די ליפּען *).

(ח. נ. ביאַליק נאָך ר' יהודה הלוי)

* * *

ר' יהודה הלוי האָט געשריבען זעהר פיעל. דיא צאָהל פון זיינע ליעדער גרייכט אין דיא טויזענדער. פיעלע פון זיי זיינען פערפאלען געווארען, אבער פיעלע זיינען אויך גע־בליעבען און זיי זיינען צוזאמענגעקליעבען געווארען אין מעהר אדער וויינינער פאלשטענדיגע זאמלונגען. דיא ערשטע זאמלונג איז געמאכט געווארען פון ר' חייא אל־מאראבי, אן אינגערער פריינד פון פּאעט. אין דער נייער צייט האט זיך דערמיט אפּגעגעבען דער איטאליעניש־אידישער פארשער שמואל דוד לוצאטא (שד"ל). אין יאהר 1893 האָט די חברה „אחיאסף" ארויסגעגעבען א זאמלונג פון זיינע ליעדער. א טהייל פון זיינע ליעדער איז אויך איבערזעצט געווארען אין דייטש, ענגליש, פראנצויזיש און איטאליעניש. היינריך היינע האט אנגעשריעבען איינע פון זיינע גרעסטע פּאעמען לכבוד ר' יהודה הלוי. צי האָט ער געלעזען

*) ביאליק'ס איבערזעצונג פון דעם „ציון, הלא תשאלי" איז אין ערטער ניט אין גאנצען געטריי צום טעקסט. געוויסע שטעלען האט ער אויסגעלאזען, אנדערע האט ער עטוואס געענדערט. אבער ביאליק'ן איז מעהר וויא אלע אנדערע איבערזעצער געלונגען איבערצוגעבען דיא ברויזענדע געפיהלען און דיא שטאַרקייט פון דעם אריגינאל.

זיינע שירים  אין העברעאישען אריגינאל אדער  אין א דייטשער איבערזעצונג, איז ניט בעקאנט. ער ראטה אבער דארטען אין דער פאעמא זיין פריינדין זיך צו לערנען העברעאיש, כדי זיא זאל קענען לייענען אין אריגינאל ג ב י ר ו ל, מ ש ה  א ב ן  ע ז ר א  און  י ה ו ד ה  ה ל ו י.

א חוץ וועלטליכע ליעדער האט ער אנגעשריעבען אריבער דריי הונדערט תפילות, סליחות און קנות, וועלכע זיינען פערשפרייט און אנגענומען געווארען אין אלע אידישע קהלות. אפילו דיא קאראאימען האבען אריינגענומען אייניגע פון זיינע תפלות אין זייערע סדורים.

זיינע „הייליגע" ליעדער קענען איינגעטהיילט ווערען אין רעליגיעז-פילאזאפישע און אין נאציאנאלע. דיא מעהרסטע פון זיי זיינען נאציאנאלע. „דיא טייבעלע, וואס דו האסט געטראגען אויף דיינע אדלער-פליעגלען. ווען דו האסט ביי זיך געמאכט א נעסט, — ווארום האסטו איהר פערלאזען פערוואגעלט אין וועלדער, און פון אלע זייטען שטעלט מען איהר נעטצען?" אדער: „זאלען דיא טרעהרען פון דיא בערויבטע דערגרייכען דיין וואהנונג; מיט דיין קראפט ערלייז דיא שעפעלע פון דיא לייבען; דערבארם זיך, פאסטוך, אויף דיין סטאדע".

ניט אלע מאל זיינען זיינע נאציאנאלע תפלות פול מיט תחנונים און בקשות. גאנץ אפט זיינען זיי איבערפילט מיט צארטליכקייטען און טרייסט-ווערטער צום אידישען פאלק. דער פאעט זעהט אין זיין פאנטאזיע, וויא דיא ערלייזונג איז שוין געקומען, און ער רופט אויס: „ירושלים, גיעב דיינע שונאים טרינקען דיין ביטערען כוס. עס איז געקומען דיין גליקליכע צייט, דיין געליעבטער האט זיך צוריקגעקעהרט צו דיר. הער דעם טומעל פון דיא אלע, וואס זיינען געקומען פון אלע זייטען דיך צו פייערען און דיך צו בעגריסען".

די בעציהונג צווישען גאט און דעם אידישען פאלק ווערט ביי יהודה הלוי'ן גאנץ אפט פארגעשטעלט אזוי וויא פון א פערליעבטער פאארעל. אט צו-ווערטלען זיי זיך און צוקריגען זיך, ווערען בייז איינע אויף דיא אנדערע. אבער דאס דויערט

ניט לאנג. מען איז פון דאס ניי פערליעבט. דער פּאָעט לאזט דאן „דיא כנסת ישראל" פיהרען א צוויי-געשפּרעך מיט איהר געליעבטען. זיא פיעשצעט זיך פאר איהם, זיא וויינט, זיא פרעגט ווארום האסטו מיר פערלאזען ? ווארום האסטו איבערגעלאזען דיין געליעבטע אין פרעמדע, שלעכטע הענד? און דער געליעבטער לאסצעט איהר, זאגט איהר זיסע ווערטער, טרייסט איהר מיט גוטע האפנונגען און הייסט איהר ווארטען ביז דיא צייט וועט קומען.

און דיא געליעבטע איז זיכער מיט איהר געליעבטען. זיא וויים, זיא פיהלט, אז סוף כל סוף וועט ער צוריק צו איהר קומען, ער וועט איהר ניט פערבייטען אויף קיין אנדערע. ער וועט זיך ניט לאזען פערפיהרען פון דיא פאלשע חן'דעלעך און אויגעלעך פון פרעמדע פרויען. עס מאכט איהר צום לאַכען, ווען זיא זעהט וויא אנדערע ווילען איהם אפּריידען פון איהר ; „די חן'עוודיגע, פון איהר היים דערוויטערט, איהר געליעבטער איז צארן. — וואס לאכט זיא ? זיא לאכט פון דער טאכטער פון אדום און פון דיא טעכטער פון אראביען, וועלכע ווילען ביי איהר דעם געליעבטען אוועקנעהמען. זיא לאכט, וויא קענען זיי זיך פערגלייכען מיט איהר, מיט דער וואונדערבארער שעהנהייט ?"

אין זיינע רעליגיעז - פילאזאפישע ליעדער דריקט ער אבער און ווידער אויס דעם געדאנק, אז גאט קען מען מיט דעם שכל ניט דערגרייכען ; מען קען איהם נאר פיהלען מיט'ן הארצען : „מיין הארץ און מיינע געפיהלען קענען דיך געפינען, אבער ניט מיינע געדאנקען קענען דיך דערגרייכען" (לבי וקרבי ימצאוך, אך לא מחשבי ישאוך). אדער : „דער שעפּפער האט ארויסגעבראכט אלץ פון גארנישט, ער ענט-פּלעקט זיך צום הארצען, ניט צום אויג, דארום פרעג ניט ווי און וואו (יוצר המציא כל מאין, נגלה ללבב ולא לעין, כן אל תשאל איך ואין). דאס איז, איבריגענס, דער הויפּט געדאנק און דער לייט-מאָטיוו פון זיין פילאזאפישען ווערק, דער „כוזרי".

* * *

ר' יהודה הלוי איז בעריהמט ניט בלויז אלס פּאָעט, נאָר אויך אלס דיינקער און פילאָזאָף. וויא אלע אנדערע אידישע פּאָעטען און געלעהרטע פון יענער צייט, האָט זיך אויך ר' יהודה הלוי אָבגעגעבען מיט דעם שטודיום פון דער דאמאָלס־דיגער פילאָזאָפיע. ער איז אָבער געווען דער ערסטער צווישען זיי, וואָס האָט זיך אָנגעפאנגען צו בעציהען סקעפּטיש צו דער גאנצער פילאָזאָפיע. ער איז געווען דער ערסטער צווישען זיי, וואָס האָט זיך ערלויבט צו צווייפלען אין דער אונפעהלבארקייט פון דער פילאָזאָפיע און דיא פילאָזאָפען. ער איז געווען דער ערסטער צווישען זיי, וואָס איז ניט פערבלענדעט געוואָרען פון דיא גלענצענדע שכל'דיגע קונצען־מאכעריי און האאָר־שפּאלטענדענע לאָגישע דריידלעך און פּאָרמולעך פון דער פילאָזאָפיע. ער איז געווען דער ערסטער צווישען זיי, וואָס האָט זיך ערלויבט צו דיינקען, אז סוף כל סוף איז דיא גאנצע פילאָזאָפיע בלויז א שפּיעל אין ווערטער און אין בעגריפען, א שעהנער שפּיעל, וואָס קען אפשר בע־פריעדיגען דעם מענשליכען שכל אָבער בשום אופן ניט בע־רוהיגען דאָס מענשליכע הארץ: „און לאָז זיך ניט פער־פיהרען פון דער גריכישער פילאָזאָפיע, וואָס האָט בלויז בלומען, אָבער ניט קיין פרוכט". עס איז זעהר מעגליך, אז זיין סקעפּטישע בעציהונג צו דער פילאָזאָפיע איז ניט אזוי געקומען פון א שניידענדער קריטישער אונטערזוכונג, ווי פון א טיעפער רעליגיעזער איבערציינונג, אָבער דאָס ענדערט ניט דעם רעזולטאַט. ר' יהודה הלוי איז אין יענער צייט פון דער אראביש־אידישער פילאָזאָפיע געווען דער ערסטער **אידישער** סקעפּטיקער בנוגע דער פילאָזופיע.

**ר' יהודה הלוי'ס** כוזרי איז ניט קיין ריינע אָבהאנדלונג איבער דער פילאָזאָפיע, וואָס האָט קיין שום שייכות ניט מיט דער טראַדיציאָנעלער אידישער אמונה, ווי דאָס איז צום ביישפּיעל **אבן־גבירול'ס** „מקור חיים". ער איז אויך ניט קיין פּרוב צו פעראייניגען און האר־מאָנירען דעם יודענטהום מיט דער גריכישער פילאָזאָפיע.

וויא עס איז צום ביישפּיעל דעם רמ"בם'ס „מורה נבוכים".
ר' יהודה הלוי דאַרף ניט זוכען קיין תירוצים, ער דאַרף ניט מאַכען קיין פּשרות צווישען דעם יודענטהום און דער פילאָזאָפיע, וויא דאָס האָבען געטהאָן אַנדערע פאַר און נאָך איהם, ווייל ער בעטראַכט ניט דיא פילאָזאָפיע אַלס דעם מקור פון אַלע אמת'ען. אויב דיא גריכישע פילאָזאָפיע שטימט ניט איין אין אַלע פּרטים מיט דעם יודענטהום, איז עס דיא שולד פון דער פילאָזאָפיע; זאָל זיא זיך פערענטפערען, זאָל זיא זוכען תירוצים.

דער „כוזרי" איז ניט קיין פילאָזאָפישע אַבהאַנדלונג. ער איז פריהער פאַר אַלץ פּשוט אַ פערטהיידיגונג פון דעם יודענטהום, אַ פערטהיידיגונג געגען אַלע געגנער, סאַי געגען דער פילאָזאָפיע און סאַי געגען די אַנדערע אמונות. דער נאָמען פון זיין ווערק אין דעם אַראַבישען אָריגינאַל איז מאַקע דארום געוועזען: „אַ פערטהיידיגונג פאַר דיא ערניעדעריגטע אמונה". דאָס אידישע פאָלק און דאָס יודענטהום ווערען אַטאַקירט פון אַלע זייטען; זיי ווערען בעליידיגט און בעשפּאָט פון דיא אַלע ארומיגע פעלקער. דאָס נעהמט זיך דערפון, וואָס דיא אידען זיינען אַזוי שוואַך און הילפלאָז, וואָס זיי זיינען אין גלות, צוזייט און צושפּרייט, און האָבען ניט זייער אייגענע מלוכה. ר' יהודה הלוי, דער גרויסער אידישער פּאַטריאָט, קען ניט בלייבען גלייכגילטיג דערצו, און ער נעהמט זיך אונטער צו בעווייזען, אַז דאָס יודענטהום איז דאָס גרעסטע, דאָס בעסטע, דאָס העכסטע ניט בלויז פון אַלע אַנדערע רעליגיאָנען נאָר אויך פון דער פילאָזאָפיע. דאָס אידישע פאָלק, כאָטש אונטערדריקט, פערפאָלגט און ערניעדעריגט איז דאָך דאָס אויסערוועהלטע פון אַלע פעלקער, איז דאָס האַרץ פון דער מענשהייט, און אפילו אין זיינע ליידען און צרות איז דאָ אַ פערבאָרגענער מיין, אַ פערבעהאַלטענע כונה, אַ בעשטימטער תכלית.

אַ „פערטהיידיגונג פאַר דיא ערניעדעריגטע אמונה", אָבער דער כוזרי איז מעהר וויא דאָס, ער איז מעהר וויא אַ פערטהיידיגונג. ר' יהודה הלוי האַלט זיך גאַנץ אָפּט אָן דעם

כלל, אז דיא בעסטע פערטהיידיגונג איז א געלונגענע אטאקע, און דער „כוזרי" איז מעהר אן אטאקע געגען דיא געגנער פון יודענטהום וויא א פערטהיידיגונג פון יודענטהום.

געשריבען איז דער „כוזרי" אין דער פארמע פון א צוויי־געשפרעך. דעם קעניג פון דיא כאזארען (דעם „כוזרי") האט זיך עטליכע מאל גע'חלום'ט, אז א מלאך האט צו איהם געזאגט : „דיין כונה איז גוט, אבער דיינע מעשים טויגען נימ". ער האט דארום בעשלאסען אוועק צו ווארפען זיין געטצענדיענסט און נעמינען דיא ריכטיגע אמונה. ער האט געשיקט רופען צו זיך א פילאזאף און האט איהם געבעטען, אז ער זאל איהם ערקלעהרען דיא יסודות פון זיין גלויבען און זיין עטהיק. דער פילאזאף האט איהם געגעבען זיין ענטפער, אבער דער קעניג איז געבליעבען מיט איהם אונצופריעדען. ער האט דאמאלסט בעשלאסען צו שיקען נאך די פארשטעהער פון דיא קריסטען און מאהאמעדאנער. וועגען דיא אידען האט ער נאר נימ געטראכט, „וויל זיי זיינען אזוי ערניעדריגט, און אזוי ווייניג, און אזוי פערמיאוסט ביי אלעמען". דער קריסטליכער פארשטעהער האט איהם ערקלעהרט דיא יסודות פון זיין אמונה, בעגרינדענדיג זיך אויף דער אידישער תורה און דיא אידישע נביאים. דער קעניג איז אויך מיט איהם געבליעבען אונצופריעדען און ער האט גענומען פערנאנדער פרעגען דעם מאהאמעדאנישען געלעהרטען וועגען זיין אמונה. אויך דער מאהאמעדאנער האט בעגרינדעט זיין אמונה אויף דער אידישער תורה. דער כוזרי האט ביי זיך געטראכט : „איך זעה, אז איך וועל מוזען אנקומען צו דיא אידען, ווארום זיי אלע ברייגנען ראיות פון דער אידישער תורה; זיי אלע זיינען מודה, אז דיא אידישע תורה איז אמת און אז דיא אידען זיינען געווען דיא אויסערוועהלטע". ער האט געשיקט רופען א אידישען געלעהרטען, וועלכער זאל איהם ערקלעהרען דיא יסודות פון דער אידישער אמונה. דער אידישער געלעהרטער קומט און גיט איהם זיין ערקלעהרונג. עס ציהען זיך לאנגע דעבאטען איבער אלערליי רעליגיעזע, עטהישע און פילאזאפישע פראגען. דער כוזרי פרעגט קשיות

און דער אידישער געלעהרטער, דער „חבר“, ווי ר׳ יהודה הלוי רופט איהם, גיט זיינע תירוצים, ביז דער קעניג ווערט איבערצייגט אין דעם אמת פון דער אידישער אמונה, און ער און זיין פּאָלק נעהמען אן דעם אידישען גלויבען.

ר׳ יהודה הלוי, גלייך וויא דער אראבישער פילאָזאָף אל־גאזאלי, פון וועמען ער איז וואהר־שיינליך בעאיינפלוסט געוואָרען, איז ענטוישט אין דער פי־לאָזאָפיע. זיא, דיא פילאָזאָפיע, קען ניט בעפריעדיגען דעם מענשליכען גייסט און קען ניט בערוהיגען זיין הארץ. זיא קען ניט דורכדרינגען דיא טיעפסטע טיעפעניסען, זיא קען ניט ארונטעררייסען דעם שלייער, וואָס פערדעקט די סודות פון דער גאטהייט, פון דער שעפּפונג, און זיי צו ענטפּלעקען פאר דער מענשליכער אויג. דער מענשליכער שכל איז צו שוואך און צו קליין דאָס צו טהאָן. דער מענשליכער שכל האָט זיינע גרענעצען און קען העכסטענס פערשטעהען און בעגרייפען אלץ וואָס עס געפינט זיך „ניעדעריגער פון דעם גלגל פון דער לבנה“, דאָס הייסט אלץ וואָס עס געפינט זיך אויף אונזער וועלט, אָבער ניט דאָס וואָס געפינט זיך העכער דערפון. דער מענשליכער שכל איז שוואך און הילפס־לאָז, ווען ער פאנגט זיך אָן צו בעשעפטיגען מיט פראגען, וואָס שטעהען אויסערהאלב זיינע חושים און ערפאהרונגען. דער שכל טאפּט דאָרטען ארום אין דער פינסטערניס, ער בלאָנ־דזשעט וויא אין א פרעמדען לאנד און מוז דאָרטען האָבען א פיהרער און א וועג־ווייזער.

ר׳ יהודה הלוי אטאקירט דיא פילאָזאָפען און דיא פילאָזאָפיע ניט וויא איינער וואָס האָט וועגען דעם קיין ידיעה ניט און ער האָט מורא, אז זיא קען אונטערגראבען זיין אמונה. ער אטאקירט איהר וויא א מענש, וואָס פער־שטעהט איהר גאנץ גוט און ווייס אלע איהרע שוואכקייטען. ער צייגט ארויס א געוואלדיגע בקיאות אין דער גריכישער און איז דער אראבישער פילאָזאָפיען. ער ציטירט און דערמאָנט מעהר פילאָזאָפישע שרייבערס וויא אירגענד העלכער אנ־דערער אידישער געלעהרטער פאר איהם. ער אטאקירט דיא

שוואכע זייטען פון דער פילאָזאָפיע; ער אטאקירט איהר פאר איהר גרויסער חוצפה, וואָס זיא וויל מיט דער הילף פון א פּאָאר שכל'דיגע פארמולעך און לאָגישע סילאָגיזמען אריינדרינגען אין דעם סוד פון אלע סודות. דיא פילאָזאָפען, ווען זיי בעטראכטען דיא וואונדערבארע חכמה און דעם סדר פון דער וועלט, דיא חכמה פון דעם קלענסטען מילבעלע, זאָגען זיי, אז דאָס איז דיא נאטור. אָבער וואָס איז די נאטור? ס'איז אזא קראפט, וואָס זיי אליין ווייסען ניט וואָס דאָס איז. עס קומט אויס, וויא דיא נאטור וואָלט געווען א בעל שכל, וואָס טהוט אלץ מיט א תכלית. זיי רופען עס נאטור, אָבער דאָס איז ניט מעהר וויא אן אנדער נאָמען. עס קומט אויס וויא דיא נאטור איז אויך א בורא. דיא עלעמענטען, די זונן, דיא לבנה און דיא שטערען האָבען בעשטימטע אייגענשאפטען, אָבער מיר קענען ניט זאָגען, אז זיי האָבען חכמה, ווארום חכמה איז בלויז שייך ביי איינעם, וואָס טהוט אלץ מיט א פלאן און מיט א כונה (ספר הכוזרי, מאמר ראשון).

ער לאכט פון דיא פילאָזאָפען און זייער בעגריעף פון אונשטערבליכקייט. זיי מיינען, אז דיא אונשטערבליכקייט בעשטעהט אין דעם, וואָס דער מענשליכער שכל פעראייניגט זיך און בעהעפט זיך מיט דעם גרויסען וועלט־שכל און ווערט א טהייל פון איהם. אז דאָס איז דיא העכסטע מדרגה צו וועלכע א מענש קען דערגרייכען, און אז ער קען דערצו גרייכען בלויז דורך שטודירען און פארשען. עס קומט אויס, אז נאָר זיי, דיא פילאָזאָפען, קענען דערגרייכען דיא דאָזיגע מדרגה. ער פרעגט מיט א ביטערען סארקאזם: „אויב זיי פעראייניגען זיך מיט דעם וועלט־שכל, טאָ פאר וואָס קומען זיי צו פערשיעדענע אמת'ען? פאר וואָס האָבען זיך דיא נשמות פון אריסטאָטעלס און פלאטא און דיא איבעריגע פילאָזאָפען זיך ניט פעראייניגט (אין דעם אלגעמיינעם וועלט שכל)? פאר וואָס ווייסען זיי ניט איינער דעם אנדערענס מיינונג, איינער דעם אנדערענס אמת, און פאר וואָס מיידען זיי ניט אויס זייערע סתירות? פאר וואָס דארפען זיי קומען צו זייערע אמת'ען בהדרגה, דורך

לאָגישע הנחות און שליסע, פאר וואָס קריגען זיי ניט זייערע אמת'ען פלוצלונג, פּונקט וויא עס איז ביי גאָט אָדער ביי דעם וועלט־שכל ? פאר וואָס פערגעסען זיי צייטענווייז זייערע אמת'ען ? וואָס ווערט פון דיא פילאָזאָפישע נשמות ווען זיי זיינען שכור אָדער ווען זיי ווערען קראַנק ?... און וואָס פּאסירט מיט אזא פילאָזאָף ביי וועמען זיין נאַטור האָט זיך געביטען און ער האָט זיך אריינגעלאָזען אין אויסגלאסענקייט ? האָט ער דאן צוויי נשמות, איינע אין גן־עדן און איינע אין גהינום ? און וויפיעל דארף עס א מענש שטודירען און פאָרשען, כדי ער זאָל זוכה זיין צו אונשטערבליכקייט ?" (ספר הכוזרי, מאמר חמישי, י"ד).

דער מענשליכער שכל איז ניט בכוח צו פערענטפערען דיא אלע גרויסע וועלט־פראבלעמען, און דערפאר זעהען מיר טאקע, אז דיא פילאָזאָפען זיינען זיך ניט איינינ צווישען זיך. יעדער האָט זיך דארום זיין אמת און זיין שיטה, וואָס איז ניט מסכים און איז א סתירה צו דעם אמת און צו דער שיטה פון דעם אנדערען : „עס זיינען כמעט ניטאָ קיין צוויי פילאָזאָפען, וואָס זאָלען האבען איין מיינונג ניט בלויז אין פראגען פון איבער דער נאַטור, נאָר אויך אין פיעלע פראגען פון דער נאַטור. און אויב איהר טרעפט א כתה, וואָס האלט זיך אָן איין מיינונג, איז עס ניט דערפאר, ווייל זיי זיינען דערצו געקומען מיט זייער אייגענעם שכל, נאָר ווייל זיי האלטען זיך אָן דיא שיטות פון זייערע רביים, וויא דיא תלמידים פון פּיטהאַגאָראס, עמפּעדאקקלעס, היפּאקראטוס, אריסטאָטעלס, פּלאַטאָ און אנדערע" (ספר הכוזרי, מאמר חמשי, י"ד).

עס איז אָבער דאָ אָן אנדער מקור פון וויסען, וועלכער איז פיעל זיכערער און ראיעלער. דאָס איז א וויסען, וואָס קומט ניט דורך דיאלעקטישע מעטהאָדען און דורך לאָגישע פאָרמולען, וועלכע זיינען אזוי ניט זיכער, און אזוי פערפּיהדעריש. דאָס איז א העכערער מין וויסען, א וויסען וואָס קומט צום מענשען אונמיטעלבאר, פּלוצלונג און מיט אמאָל, אזוי וויא א בעלייכטונג פון הימעל. דער מענש זעהט

און בעגרייפט ראן זאכען, וואס זיינען אונמעגליך צו בע־גרייפען מיט די געוואוינליכע חושים. דאס איז א גייסטיגער זעהן. דאס איז א מין זעקסטער חוש. ר' יהודה הלוי רופט עס אן „חוש הרוחני" און אויך „חוש הנסתר". „מיט אונזערע חושים בעגרייפען מיר די קערפערליכע וועלט; מיט דעם פערבארגענעם חוש בעגרייפען מיר דיא ניט־קער־פערליכע וועלט. דער וואס האט יענעם פערבארגענעם חוש, יענער זעהט די זאכען ווי זיי זיינען אין דער ווירקליכקייט". (ספר הכוזרי, מאמר רביעי, ג').

ניט אלע מענשען האבען דעם דאזיגען פערבארגענעם חוש; בלויז די אויסערוועהלטע, די נביאים, האבען איהם. „און דער יעניגער, וואס בעזיצט יענע פערבארגענע אויג איז דער אמת'ער זעהעדיגער. ער בעטראכט אלע מענשען ווי בלינדע, און ער לערנט זיי און ציינט זיי די ריכטיגע וועג" (ספר הכוזרי, מאמר רביעי, ג'). וואס דאס איז פאר אזא מין חוש, איז ר' יהודה הלוי ניט זיכער. „עס קען זיין, אז דאס איז דיא פאנטאזיע, וואס ארבייט צוזאמען מיט דעם שכל".

די נביאים בעגרייפען זייערע זעהונגען אין בילדער; זיי זעהען אין געשטאלטען, יעדער לויט זיין השגה נאך. זייערע אלעמענס זעהונגען זיינען אמת; כאטש זייערע געשטאלטען זיינען ניט די זעלבע. „עס איז פונקט ווי איינער וואלט זא־גען: אט יענער מיט די זיידענע קליידער איז דער קעניג און א צווייטער וועט זאגען: אט יענער מיט'ן בעפעהלענדען קוק איז דער קעניג. זיי זאגען ביידע אמת: איינער האט דער־קענט דעם קעניג אן זיינע קליידער און דער צווייטער אן זיין קוק. דער קעניג איז דער זעלבער".

די נביאים זעהען דורך דעם זעקסטען חוש בילדער און געשטאלטען, וואס מיר פראסטע מענשען זעהען ניט, אבער דאס מיינט ניט, אז זייערע זעהונגען זיינען דארום בלויז איל־לוזיאנען, פאנטאזיען, וואס האבען קיין ממשות ניט. אונזער הסכמה איז דא ניט וויכטיג. עס איז וויכטיג, אז זיי, דיא נביאים, זיינען אויף דעם מסכים. מיר מיט אונזער חוש פון

געשמאַק ווייסען, למשל. וואס עס איז ביטער און וואס עס איז זיס; אויב אימיצער וועט אָנרופען זיס—ביטער, וועלען מיר זאָגען, אז ער איז ניט נאַטירליך, ווייל זיין חוש פון געשמאַק איז געגען אונזער אלעמענס חוש פון געשמאַק. די ראיה אויף די אמת׳קייט איז די הסכמה פון דעם גאנצען מין. כל זמן דער מין נביאים זיינען זיך אייניג און זיינען מסכים אויף די אמת׳קייט פון זייערע זעהונגען, איז עס א גענוגענדער בעווייז, אז זייערע זעהונגען זיינען ווירקליכקייטען, כאָטש פאר אונז קענען זיי אויסווייזען ווי אילוזיאָנען. דער נביא בעלאַנגט דורך זיין פערבאָרגענעם חוש צו אַן אנדער מין.

דער נביא קען מיט זיין פערבאָרגענעם חוש אריינדרינגען אהין, וואו דער גרעסטער פילאָזאָף קען מיט זיין שכל ניט דערגרייכען. דער נביא בעגרייפט עס אונמיטעלבאר; ער זעהט גאָט דורך זיין פערבאָרגענעם חוש אין געשטאַלטען. דאָס מיינט ניט, אז גאָט איז חס ושלום א געשטאַלט. דאָס מיינט בלויז, אז דער נביא זעהט איהם אזוי אין זיין פארשטעלונג, אז אזוי אנטפלעקט ער זיך צום נביא. „ער הערט איהם אין זיין נשמה, ניט מיט זיינע אויערען; ער זעהט איהם אין געדאנק, אבער ניט מיט די אויגען" ((ושומע דבריו בנפשו לא באזניו, ורואת אותו במחשבתו לא בעיניו, כוזרי מאמר ראשון).

די געשטאַלטען, וואס דער נביא זעהט זיינען בלויז סימבאָלען. זיי זיינען נויטהיג, ווייל נאָר דורך די סימבאָלען קען זיך די מענשליכע נשמה פעראייניגען און בעהעפטען מיט גאָט. די מענשליכע נשמה איז אזא, וואס קען ניט בעוועגט ווערען, קען ניט היינגעריסען ווערען דורך ריינע אבסטראַקציעס. „א מענש קריגט ליעב א שעהנעם בילד, ווען ער זעהט איהם, ניט ווען מען דערצעהלט איהם וועגען דעם". א מענש מוז זיך דערפיהלען צו גאָט, ניט בלויז זיך דערטראַכטען צו איהם. „און אויב אימיצער וועט זאָגען, אז זיין געדאנק קען זיך בעהעפטען מיט גאָט דורך זיין שכל אליין, ניט צו דארפען זיך פערלאָזען אויף עטוואס פיהלבארעס, ווי א פּאָרשטעלונג פון ווערטער, אדער שריפט, אדער ביל־

דער, געזעהענע צו פאַרנעשטעלטע, זאָלסטו איהם ניט גלויר־ בען" („ואל תאמין למתחכם, שיאמר כי מחשבתו מתחברת על סדר עד שיגיע אל כל הענינים הצריכים באלהות בשכלו לבד, מבלתי שיסמוך אל מורגש, בראות דמיון ממלות, או מכתב, או מצורות, נראות או מתדמות". כוזרי, מאמר רביעי).

דער גאָט פון דעם פילאָזאָף לאָזט דעם מענשען קאלט און גלייכגילטיג. ער קען ניט בעוועגען די מענשליכע נשמה, ער קען ניט אָנפילען זיין הארץ מיט ליעבע און ציטערנים. ער איז א קאלטע, אינדיפערענטע ערשטע אורזאכע, וואָס וויים ניט און אינטערעסירט זיך ניט מיט דער וועלט און מיט די מענשען. ווען די פילאָזאָפען זאָגען, אז גאָט האָט בעשאַ־ פען די וועלט, מיינען זיי דערמיט בלויז צו זאָגען, אז ער איז די אורזאכע פון איהר ענטשטעהונג. ער האָט דערביי ניט גע־ האָט קיין ווילען, קיין כונה, קיין ציעל און קיין תכלית. דאָס איז א גאָט ביי וועמען עס איז ניט שייך קיין ליעבע און קיין שנאה, ביי וועמען מען קען ניט בעטען און פאר וועמען מען קען ניט מתפלל זיין. דאס איז דער גאָט פון שכל, אבער ניט דער גאָט פון הארצען. „דאָס איז דער גאָט פון אריסטאָטעל־ סען און ניט דער גאָט פון אברהם" (כוזרי, מאמר רביעי).

ניט אלע מענשען גלייך קענען בעגרייפען גאָט אויף א גלייכע מדרגה, פונקט ווי ניט אלע קערפערס גלייך נעהמען אין זיך אריין די זעלבע זונען־שטראהלען. דימאַנטען נעה־ מען אין זיך אריין מעהר זונען־שטראהלען ווי א פראסטער שווארצער שטיינדעל. מאנכע מענשען בעגרייפען גאָט בלויז אלס די ערשטע סבה. דאס קען בעגרייפען יעדער בעל שכל. יעדער בעל שכל פערשטעהט, אז די וועלט מוז האָבען אן אור־ זאכע. צו בעגרייפען אבער גאָט אלס דעם בעוואוסטזיניגען שעפפער פון די וועלטען, וואָס האָט א תכלית און א כונה, קען מען נאָר דורך דער נבואה. די מענשען, וואס בעגרייפען איהם בלויז אלס דיא ערשטע אורזאכע האָבען אין זיך אריינ־ גענומען נאָר ווייניגע פון די געטליכע שטראהלען ; די נביאים, וואס האָבען איהם בעגריפען אלס שעפפער און פיהרער, וואס טהוט אלץ מיט א כונה און מיט א תכלית, האָבען אריינגענו־

מען אין זיך פיעל מעהר פון דיא געטליכע שטראהלען. דעם גאָט, וועלכען מען בעגרייפט מיט'ן שכל אליין בעצייכענט ר' יהודה הלוי מיט דעם נאָמען „אלוהים", א קראפט. דער גאָט, וועמען די נביאים האָבען בעגריפען אין וואס איז דער שעפּפער און פ י ה ר ע ר פון די וועלטען ווערט ביי איהם בעצייכענט מיט דעם נאָמען „י ה ו ה". די נביאים מיט זייערע רייגע נשמות האָבען אריינגענומען אין זיך מעהר פון די געטליכע שטראהלען, פּונקט ווי די דימאַנטען, וואָס נעהמען אריין אין זיך מעהר זונען־שטראהלען, און זיי האָבען בעגריפען דעם דאָזיגען ג אָ ט פ ו ן ה א ר צ ע ן, וועלכער איז „יהוה" (כוזרי, מאמר רביעי, ט"ו).

די נביאים האָבען איהם בעגריפען דערפאר, ווייל זיי זיינען די גליקליכע אויסערוועהלטע, וואס זיינען געבענשט מיט דעם „פערבאָרגענעם חוש", מיט דער „גייסטיגער אויג". אָבער פאר וואָס זיינען דוקא זיי די אויסערוועהלטע? פאר וואָס האָבען בלויז זיי דעם דאָזיגען חוש? ר' י ה ו ד ה ה ל ו י פּרובירט עס צו דערקלעהרען אויף א וויסענשאפטליכען אופן, און זאָגט דערביי ארויס געדאנקען, וועלכע זיינען גאַנץ מאָדערנע. דאָ איז כדאי צו בעמערקען, אז ר' יהודה הלוי האָט אין זיין „כוזרי" ארויסגעבראכט איינינע געדאנקען, וועלכע זיינען נאָך היינט ניט פערעלטערט געוואָרען. איהר קענט גאָר ניט אויסזעצען געגען די געדאנקען גופא. כאָטש איהר האָט פיעל אויסצוזעצען געגען דעם, ווי ער ווענדעט זיי אָן. אזוי איז צום ביישפּיעל זיין געדאנק, אז עס איז דאָ א וויסען, וואס דער מענש קען דערגרייכען דורך א פערבאָרגענעם חוש, דורך א גייסטיגען זעהן, דורך אינטואיציע, לעצטענס אויסגעארבייט געוואָרען פון דעם בעריהמטען אידיש־פראנצויזישען פילאָזאָף ב ע ר ג ס אָ ן. ב ע ר ג ס אָ ן זוכט עס צו בעגרינדען אויף ביאָלאָגישע יסודות און רופט עס ניט אָן א „פערבאָרגענער חוש" אדער „נבואה", אָבער דער געדאנק איז אין עצם דער זעלבער. ר' יהודה הלוי'ס בעהויפּטונג, אז דער מענשליכער וויסען, וואס קומט פון היסטאָרישער ערפאהרונג איז מעהר פערטרויאונגסווערטה וויא

דער ווייסען וואס קומט פון ספעקולאטיווען דענקען, און אז די היסטארישע ענטוויקלונג שפיעלט א גרויסע ראָלע אין רע־ליגיאָן און אין קולטור, די דאָזיגע בעהויפּטונג איז נאָך גיל־טיג אויך היינט, כאָטש דאָס וואס ער רופט היסטאָריע זיינען בלויז לעגענדען לויט אונזער היינטיגען בעגריף. זיינע גע־דאנקען וועגען דער ווירקונג פון דעם קלימאט אויף דעם מענ־שען און וועגען די איינענשאפטען פון די עלטערען, וואס ווע־רען איבערגעגעבען בירושה צו די קינדער, זיינען ניט ווייניגער אינטערעסאנט און מאָדערנע.

וואָרום אלזאָ האָבען בלויז די נביאים דעם דאָזיגען פער־באָרגענעם חוש?

ר' יהודה הלוי פאנגט אן פון דעם, וואָס ער רופט היס־טאָריע.

דער ערשטער מענש, אדם הראשון, איז געווען דער מוסטער פון פאלקאָמענהייט, שוין דערפאר אליין, וואס גאָט האָט איהם בעשאפען. ער האָט געקראָגען די העכסטע נשמה, דעם פאלשטענדיגסטען שכל וואס א מענש קען האבען. א חוץ דעם האָט ער אויך בעזעסען א געטליכען כוח וואס שטעהט איבער'ן שכל (דער „פערבארגענער חוש"). מיט דעם דאזיגען כוח האָט ער געקענט זיך בעהעפטען אן גאָט און אן דער רוחניות'דיגער וועלט. דורך דעם האָט ער געקענט ווייסען די אמת'ען אונמיטעלבאר, אהן שטודירען.

אדם האָט געהאט פיעל קינדער, אבער ניט אלע האבען פון איהם איבערגענומען בירושה דעם דאזיגען כוח. הבל איז געווען דער יעניגער, וואס איז געווען עהנליך אויף אדם'ען. ווען קין האָט איהם אוים קנאה ערמאָרדעט, איז געבאָרען געוואָרען שת, וועלכער איז געווען עהנליך אויף אדם'ען. די איבריגע קינדער פון אדם'ען און זייערע קינדער האבען שוין די דאזיגע אייגענשאפט ניט בעזעסען. אזוי איז די דאזיגע מעלה איבערגעגאנגען פון דור צו דור, פון פאָטער צום קינד (ניט צו אלע קינדער) ביז נח'ן.

נח האָט געהאט דריי קינדער. יפת האָט זיך בעזעצט אין די צפון־לענדער, אין די קעלטערע געגענדען;

חם האָט זיך בעזעצט אין די דרום־לענדער, אין די הייסע געגענדען; שם איז געבליבען זיצען אין די מיטעלע געגענדען, וואו דער קלימאַט איז מיטעלמעסיג און גלייך. פון די מיטעלע געגענדען איז ארץ ישראל דער מיטעלפּונקט און האָט דעם בעסטען קלימאַט. זי איז דארום דאָס לאַנד פון דער נבואה. שם האָט געקראָגען די נבואה בירושה פון נח'ן און האָט עס איבערגעגעבען צו עבר'ן. און אזוי איז עס איבערגעגעבען געוואָרען צו אברהם'ן. אברהם'ס פאטער, תרח, האָט ניט בעזעסען די דאזיגע מעלה און ער איז געוועזען א געצענדיענער. „עס טרעפט גאַנץ אָפט, אז א מענש גיט זיך ניט איין אין זיין פאָטער. נאָר אין זיין עלטער־פאָטער" (דאָס וואָס מען רופט איצטער „אטאוויזם"). פון אלע אברהם'ס קינדער האָט יצחק געקראָגען די דאָזיגע מעלה בירושה. פון יצחק'ן האָט עס געקראָגען יעקב, און פון יעקב'ן אלע זיינע צוועלף קינדער.

דאָס אידישע פאָלק, וואָס שטאַמט אָב פון די דאזיגע צוועלף קינדער פון יעקב איז דארום דאָס איינציגע פאָלק, וואָס איז מסוגל געוועזען צו האָבען נביאים צווישען זיך. אבער אויך נאָר דאַמאָלס, ווען עס האָט זיך אויפגעהאַלטען אין דעם לאַנד, וואָס איז צוליעב דעם קלימאַט מסוגל צו נבואה, אין ארץ ישראל.

איצטער האָט דאָס אידישע פאָלק מעהר קיין נביאים ניט. אבער מיר ווייסען, אז די תורה וואָס מיר האָבען איז געגעבען געוואָרען פון גאָט דורך דעם גרעסטען פון אלע נביאים, פון משה'ן, און די שפּעטערע נביאים האָבען אונז שטענדיג געוואָרענט, אז מיר זאָלען איהר אָבהיטען. די אמת'קייט פון דער תורה דאַרף ניט בעוויזען ווערען מיט שכל'דיגע ראיות. ווייל מיר ווייסען עס פון היסטאָרישע פאַקטען. פון די פיעלע וואונדער, וואָס איז צו אונז בעוויזען געוואָרען. א מופת, אן ענדערונג אין דעם געוועהנליכען גאַנג פון דער נאַטור, איז דער בעסטער בעוויז. און אזעלכע וואונדער זיינען געוועזען פיעל. די היסטאָריע איז דער אמת'ער מקור פון דעם מענשליכען וויסען. די ענטפלעקונג אויפ'ן באַרג סיני איז א

היסטארישער פאקט. זעקס הונדערט טויזענד מענשען האבען עס בייגעוואוינט. און עס קען דאך ניט זיין, אז זיי אלע האבען געזאגט דעם זעלבען ליגען. ניט נאר די אידען, נאר אויך די קריסטען און מאהאמעדאנער גיבען צו און זיינען מודה אין דער ענטפלעקונג אויפ'ן בארג סיני, ווייל א היסטארישער פאקט קען ניט אבגעלייקענט ווערען. די שפאלטונג פון ים און דער „מן" וואס די אידען האבען געקראגען אין דער מדבר פערציג יאהר כסדר זיינען אויך היסטארישע פאקטען. די אמת'קייט פון דער אידישער תורה ווערט אלזא בעוויזען פון דער היסטאריע.

„זאגט דער כוזרי: ווער עס הערט אייערע רייד, אז גאט האט גערעדט מיט אייער פאלק, אז ער האט געשריבען פאר אייך די לוחות און דערגלייכען, איז בערעכטיגט צו זאגען, אז איהר גלויבט אין א קערפערליכען גאט. מען קען אייך דערפאר ניט בעשולדיגען, ווייל די היסטאריע זאגט אויף דעם עדות, און מען מוז פערווארפען דעם שכל."

„זאגט דער חבר: חס ושלום, דאס וואס דער שכל פערווארפט און ערקלעהרט פאר פאלש, טהוט גאט ניט ערקלעהרען פאר אמת. דער ערשטער פערזאג אין די עשרת הדברות איז צו גלויבען אין גאט; דער צווייטער איז, אז מען טאר ניט מאכען קיין בילד און קיין געשטאלט פון איהם. ווי קענען מיר מאכען א בעהויפטונג, אז גאט איז א קערפער, ווערענד מיר זאגען ,אז אפילו דער מענש, דער אמת'ער מענש, ניט זיינע גליעדער און גוף וואס זיינען בלויז זיינע כלים, נאר זיין נשמה, איז אויך אונקערפערליך? ביי גאט איז אבער אלץ מעגליך, כאטש מיר ווייסען ניט בעשטימט, ווי אזוי דאס איז פארגעקומען. פונקט ווי גאט האט בעשאפען די וועלט מיט זיין ווילען אליין, אזוי איז אויך מעגליך, אז ער האט בעשאפען די לוחות מיט די אויסגעקריצטע עשרת הדברות אויף זיי. מען קען זיך אויך פארשטעלען, אז די לופט וואס האט דערגרייכט די אויערען פון דעם נביא איז געקומען מיט דעם געשטאלט פון די בוכשטאבען, וואס האבען אנגעצייגט

די ענינים, וועלכע גאָט האט געלאָזען וויסען דעם נביא אדער דעם גאַנצען פאלק. אגב זאָג איך ניט, אז דאָס האָט דוקא פּאַסירט אויף אזא אופן. מעגליך, אז דאָס איז פאַרגעקו־מען אויף אן אנדער טיעפערען אופן" (כוזרי מאמר ראשון).

ווען דער „חבר" פאנגט אָן צו דערצעהלען דעם כוזרי די יסודות פון דער אידישער אמונה, זאָגט ער: „מיר גלויבען אין דעם גאָט, וואָס האָט אונז ארויסגענומען פון מצרים". דער כוזרי ווערט בייז: „איך האָב געמיינט, אז דו וועסט מיר אָנגעפאנגען צו ערקלעהרען, אז דו גלויבסט אין דעם גאָט, וואָס האָט בעשאפען הימעל און ערד". דער חבר ענטפערט: ווען משה איז געקומען צו פּרעה'ן, האָט ער איהם ניט גע־זאָגט, אז דער גאָט, וואָס האָט בעשאפען די וועלט, מיר און דיר, האָט מיר צו דיר געשיקט. ער האָט געזאָגט, דער גאָט פון די אידען האָט מיר געשיקט, דער היסטאָרישער גאָט. ביי דער ענטפּלעקונג אויפ'ן בארג סיני האָט גאָט גע־זאָגט: „איך בין אייער גאָט, וואָס האָט אייך ארויסגע־נומען פון מצרים" און ער האָט ניט געזאָגט: „איך בין דער גאָט, וואָס האָט בעשאפען די וועלט". די אידישע רע־ליגיאָן איז א היסטאָרישע. אונזערע עלטערען האָבען געזעהן די ענטפּלעקונג אויפ'ן בארג סיני, און מיר ווייסען עס פון דער היסטאָריע, וואָס איז אזוי גוט ווי געזעהן".

„זאָגט דער כוזרי: הייסט עָס, אז אייער תורה איז נאָר געגעבען געוואָרען פאַר אייך".

„זאָגט דער חבר: יע, אזוי איז עס. אָבער אויך אַלע אומות, וואָס בעהעפטען זיך מיט אונז, וועלען קריגען פון דאָס גוטעס, וואָס גאָט וועט מיט אונז טהאָן, כאָטש זיי זיי־נען ניט אין גאַנצען גלייך מיט אונז, ווייל מיר זיינען די אויס־ערוועהלטע צווישען די מענשען."

„זאָגט דער כוזרי: וואָלט ניט גלייכער געווען, אז די תורה זאָל געגעבען ווערען צו דער גאַנצער וועלט, אז אַלע מענשען זאָלען זוכה זיין דערצו?"

„זאָגט דער חבר : וואָלט ניט גלייכער געווען, אז אלע לעבעדיגע זאָלען זיין מענשען מיט שכל ? האָסטו שוין פערגעסען, וואָס איך האָב דיר דערקלעהרט וועגען דעם, ווי אזוי די געטליכע אייגענשאַפטען פון אדם׳ען האָבען זיך איבערגעגעבען בלויז צו מאַנכע פון זיינע קינדער. דאָס אידישע פאָלק שטאַמט אָב פון די צוועלף קינדער פון יעקב׳ן, וועלכע האָבען אַלע געקראָגען בירושה די דאזיגע מעלה פון נבואה."

דאָס אידישע פאָלק איז דאָס אויסערוועהלטע, ווייל עס שטאַמט אָב פון א העכערען מין מענש, פון דעם מין מענש, וואָס קען זעהן מיט׳ן „פערבאָרגענעם חוש". דאָס מיינט אָבער ניט, אז בלויז דאָס אידישע פאָלק איז זוכה צו „יענער וועלט" און צום אייביגען לעבען. „מ י ר ב ע ר ו י ב ע ן פ ו ן ק י י ן מ ע נ ש ע ן נ י ט, פ ו ן וו ע ל כ ע א מ ו נ ה ע ר ז אָ ל נ י ט אָ ב ש ט א מ ע ן, א ב ע צ אָ ה ל ו נ ג פ א ר ז י י נ ע ג ו ט ע מ ע ש י ם. מיר זאָגען בלויז, אז דאָס פאָלק וואָס איז נעהנטער צו איהם ביים לעבען, דערגרייכט א העכערע מדרגה פון גליק נאָכ׳ן טויט".

דער כ ו ז ר י ענטפערט מיט א ביטערע איראָניע : און וואָס בעסער עס איז אייך אויף יענער וועלט, אלץ ערגער דאַרף אייך זיין אויף דער וועלט"....

„זאָגט דער חבר : דו לאַכסט פון אונז פאַר אונזער אָרעמקייט ? האָסטו דען ניט בעמערקט, ווי אלע גרויסע פעלקער בעריהמען זיך און זיינען שטאָלץ ניט מיט זייערע גרויסע גבורים און קעניגע, נאָר דוקא מיט דיא, וואָס האָבען געפּריידיגט : „ווער עס שלאָגט דיר אויפ׳ן רעכטען באַק, גיעב איהם אויך די לינקע, און ווער עס נעהמט דיין מאַנטעל, גיעב איהם אויך דיין העמד" ? ווייסטו דען ניט, אז זיי שטאָלצירען גראדע מיט זייערע מארטירער ? דאָס זעלבע איז אויך מיט די מאהאמעדאנער. אונזערע צרות בעווייזען, אז מיר שטעהען אויף א נעהענטערע מדרגה צו גאָט, טאָקע דער פאַר, וואָס מיר ליידען" (כוזרי מאמר ראשון, קי"א — קי"ג)".

דאָס וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט ניט קיין אייגענע מלוכה, קען ניט דיענען אלס א בעוויז, אז עס איז פארלאָזען פון גאָט. דיא קריסטען און דיא מאהאָמעדאנער, וואָס קריעגען איינע געגען דיא אנדערע, האָבען ביידע גרויסע מלוכות, און עס קען דאָך ניט זיין, אז זיי זיינען ביידע אמת. אין דעם אידישען גלות איז דאָ א געוויסע געטליכע כונה. לאָמיר נעהמען אלס ביישפּיעל דעם קערענדעל, וואָס ווערט אריינגעטהאָן אין דער ערד. ער ווערט דאָרטען פערפוילט און עס בלייבט אויגענשיינליך פון איהם גאָרניט. אין דער אמת'ן אָבער זויגט ער אריין אין זיך די ערד און דאָס וואסער און די אנדערע עלעמענטען און פערוואנדעלט זיי אין מעהר קערענדלעך. ער דערהויבט די ערד און די עלעמענטען צו זיין מדרגה, און עס וואקסט ארוים א זאנג, וואָס ענטהאלט אין זיך פיעל קערנער. דאָס אידישע פאָלק אין גלות איז ווי דער דאָזיגער קערענדעל: ער דערהויבט די אנדערע פעלקער צו זיין מדרגה. „און ד י ע ז ע פ ע ל ק ע ר — דיא קריסטען און דיא מאהאָמעדאנער — זיינען פ אָ ר ל ו י פ ע ר, ווי אַ הקדמה, צו דעם ערווארטעטען משיח, וועלכער איז דיא פרוכט. זיי וועלען אלע ווערען איין פרוכט און עס וועט זיין איין בוים, און דאמאָלס וועלען זיי ריהמען און טהייער האלטען דעם וואָרצעל, וועלכען זיי האָבען מבזה געוועזן" (כוזרי, מאמר רביעי, כ"ג). מיר ליידען צרות און בזיונות. אָבער עס איז דאָך אונז זעהר לייכט פון זיי פּטור צו ווערען. מיט איין וואָרט זאָלטען מיר זיך געקענט בעפרייען פון אונזער שקלאפעריי און ערניעדערונג. מיר ליידען דיא אלע צרות, וויל מיר ווילען ניט אויפגעבען אונזער תורה. דאָס אידישע פאָלק איז צווישען די אנדערע פעלקער, וויא דאָס הארץ אין גוף. דאָס הארץ ליידט פון די קראנקהייטען פון אלע גליעדער. דאָס אידישע פאָלק ליידט פון די שלעכטס פון די אנדערע פעלקער. אזוי ווי דאָס הארץ קען ניט ליידען פון א וואונד, א ראק און דאָס גלייכען, וויל דאָס

וועט ברייננען שנעל דעם טויט, אזוי קען דאס אידישע פאלק ניט זיין לאנג שלעכט און זינדיג.

ווייסען מיר אלזא, אז 1) דאס אידישע פאלק איז דאס אויסערוועהלטע, ווייל עס שטאמט אפ פון די מענשען, וואס האבען פון דיא פריהערדיגע דורות געקראגען בירושה די מעלה פון נבואה; 2) ארץ ישראל איז צו ליעב איהר געמעסיגטען קלימאט דיא לאנד, וואס איז ראוי צו נבואה; 3) די אידישע תורה איז בעשטעטיגט געוואַרען מיט אונבעשטרייטבארע היסטאָרישע פאקטען, און דער היסטאָרישער אמת איז זעהר צופערלעסיג. מעהר זיכער, ווי דער אמת פון ספעקולאטיווען דיינקען; 4) דער אידישער גלות און דיא אידישע צרות האבען א בעשטימטע געטליכע כונה. בלייבט איצטער צו בעווייזען מיט וואס דיא אידישע תורה איז בעסער פאר דער פילאזאפיע און פאר די אנדערע רעליגיאנען.

די פילאזאפען, ווען זיי פארשען וועגען דער גאטהייט, האבען דערביי קיין אנדער כונה ניט, ווי נאר צו בעפריעדיגען זייער וויסענסדורשט. זיי בעשעפטיגען זיך דערמיט אויף דעם זעלבען אופן, ווי זיי בעשעפטיגען זיך מיט אן אנדער וויסענשאפט, ווי מיט אסטראנאמיע, למשל. דאס איז אבער נאך ווייניג. די פארשונג וועגען גאט דארף האבען א העכערען ציעל, א העכערען תכלית. דער מענש דארף זיך קענען פערטיעפען און בעהעפטען אין איהם; איהם ליעב האבען און זיך קענען מוסר נפש זיין פון זיינט־וועגען. ער דארף זיך לערנען צו געהן אין זיינע וועגען.

דער מענש מיט זיין שכל אליין קען אבער ניט וויסען, וועלכע מעשים ער דארף טהאן, אום צו געפעהלען גאט. געוויסע גוטע מדות קען דער מענש דערגהען מיט דעם שכל אליין, אז זיי זיינען גוט, אבער אפילו וועגען דיא דאזיגע מדות קען ער אויך ניט וויסען דעם שיעור און די מאסס. ער איז נעגליכען צו אן אונוויסענדען מענשען, אין וועמעס הענ־

עס זיינען אריינגעפאלען דיא רפואות פון א בעריהמטען דאקטאר. מענשען קומען צו איהם נעהמען רפואות און ער גיט זיי. אבער ער וויים ניט וועלכע רפואה איז גוט פאר דעם חולה און וויפיעל דער חולה דארף דערפון קריעגען. עס לאזט זיך אוים, אז די גוטע רפואות מאכען גאר קראנק די מענשען אנשטאט זיי געזונד צו מאכען. עס איז בלויז דער גוטער און געניטער דאקטאר, וועלכער וויים וואס מען דארף געבען צו יעדען און וויפיעל ער דארף קריגען (כוזרי, מאמר ראשון ע"ט).

עס איז אמת, אז צווישען דיא מצוות אין דער תורה גע־פינען זיך אזעלכע, וואס מיר פערשטעהן ניט זייער צוועק, אבער עס איז אהן ספק פאראן א ציעל און א כונה אין זיי.

דער עיקר אין א רעליגיאן זיינען דיא גוטע טהאטען. גוטע ווינשען און גוטע כונות אליין זיינען וועניג. „אדום (די קריסטען) און ישמעאל (די מאהאמעדאנער) האבען זיך צוטהיילט מיט דער וועלט און פיהרען מלחמות איינע גע־גען דיא אנדערע. יעדער פון זיי איז ביי זיך גערעכט, זייער כונה איז פון גאט'ס וועגען. זיי געהען אין זייערע געבעט־הייזער, זיינען מתפלל, פאסטען, און זייער ציעל איז צו הרג'ענען איינער דעם אנדערען. און זיי גלויבען, אז מיט זייער הרג'ענען טהוען זיי א נחת רוח צו גאט, און יעדער פון זיי מיינט, אז ער קומט דערפאר אריין אין גן־עדן (כוזרי, מאמר ראשון, ב').

די אידישע רעליגיאן איז א רעליגיאן פון טהאטען און ניט בלויז פון גוטע כונות. זי פאדערט ניט פון דעם מענשען קיין אונמעגליכעס. זיא פערלאנגט פון איהם ניט, אז ער זאל זיך אבזונדערען פון דער וועלט. ביי אירען זיינען ניטא קיין מאנאסטירען. דיא אידישע תורה איז א תורה פון לע־בען. זיא לערנט דעם מענשען זיך צו פרעהען מיט'ן לעבען און פון איהם הנאה צו האבען. דאס לעבען איז גוט און דיא תורה פערשפרעכט לאנגע יאהרען צום פרומען. א פרומער

ביי אידען איז אזא, וואָס קען בעהערשען זיינע פערלאַנגען און קען זיי קאָנטראָלירען. ער ערפילט זיינע גייססטיגע און קערפערליכע פערלאַנגען אין א בעשטימטע מאָס און אין א בעשטימטען סדר (כוזרי, מאמר שלישי).

דיא קאַראַאימען, וועלכע האָבען פערוואָרפען דעם תלמוד און די „תורה שבעל פה" (די טראַדיציע) האָבען געמאַכט א גרויסען טעות. עס זיינען פאַראַנען פיעלע מצוות און שטעלען אין דער תורה, וואָס זיינען ניט קלאָהר און אונפערשטענדליך אָהן דער טראַדיציע. ר' יהודה הלוי ברייננט דאָרטען פיעלע מצוות, וואָס וואָלטען ניט געקענט ערקלעהרט ווערען אָהן דער תורה שבעל פה. די קאַראַאימען, וועלכע ווילען יענע אַלע מצוות ערקלעהרען מיט זייערע אייגענע סברות, זיינען זיך ניט אייניג צווישען זיך. סוף כל סוף האָבען זיי זיך געמוזט אויסאַרבייטען אַן אייגענע טראַדיציע. אויב אזוי, איז דאָך אונזער טראַדיציע פיעל זיכערער, ווייל זיא איז עלטער. אָט געפינט זיך צום ביישפיעל אין דער תורה א געזעץ „עין תחת עין", אַן אויג פאַר אַן אויג. דאָס איז א געזעץ, וואָס לייגט זיך ניט אויפ'ן שכל. האָבען מיר אויף דעם א טראַדיציע, אַז דאָס מיינט צו בעצאָהלען פאַר דער אויג (כוזרי, מאמר שלישי, מ"ז).

* * *

עס איז אונמעגליך איבערצוגעבען בקצור דעם אינהאַלט פון דעם „כוזרי", איינער פון די מערקווירדיגסטע ביכער פון דער מיטעל - אַלטערליכער אידישער ליטעראַטור. צוזאַמען מיט בריליאַנטענע טיעפע געדאַנקען, מיט וואונדערבאַרע פאָעטישע פערגלייכונגען, מיט ריא צאַרטעסטע רעליגיעזע געפיהלען, מיט די ערעלסטע געפיהלען פון ליעבע צום אידישען פאָלק, צום אידישען לאַנד, צו דער אידישער תורה און צו דער העברעאישער שפראַך, צוזאַמען מיט דעם געפינען זיך דאָרטען אויך א היבשע ביסעל שטותים פון אונ-

זער איצטיגען שטאַנדפּונקט. ווען איהר דערמאָהנט זיך אָבער אין וועלכע צייט ער איז געשריעבען געוואָרען, וואונדערט איהר זיך ניט אויף די שטותים; איהר וואונדערט זיך מעהר אויף די טיעפקייט און פרישקייט פון פיעלע פון זיינע געדאנקען, וועלכע זיינען נאָך עד היום ניט פערעלטערט געוואָרען.

בעשטרייטענדיג די בעדייטונג און דעם אויטאָריטעט פון דער פילאָזאָפיע, אָבלאָכענדיג פון דיא פילאָזאָפען און זייערע פרעטענזיעס אויף אונפעהלבארקייט, קען זיך ר' יהודה הלוי צום סוף אזוי וויא ניט איינהאַלטען, און אין פינפטען טהייל פון דעם „כוזרי" ניט ער איבער די פילאָזאָפיע פון זיין צייט.

די דאָזיגע פילאָזאָפיע איז שוין דעם לעזער בעקאַנט פון די פאָריגע ארטיקלען. די עקזיסטענץ, די איינהייט, די אונקערפּערליכקייט און די אונענדליכקייט פון גאָט ווערט אין דער דאָזיגער פילאָזאָפיע בעוויעזען דורך דער וועלטשעפּפונג, די וועלט, זייענדיג א צוזאמענגעשטעלטע, מוז זיין א בעשאַפענע. גאָט איז די ערשטע סבה, וואָס קען ניט האָבען קיין סבה צו זיך, און אַלס אַזעלכער מוז ער זיין איינער, אונענדליך, אייביג, אונקערפּערליך און אזוי ווייטער.

ר' יהודה הלוי האַלט זעהר ווייניג פון דער גאַנצער פילאָזאָפיע. ער גיט איבער די פילאָזאָפישע ארגומענטען בקצור און בעמערקט דערביי, אַז דאָס איז ניט מעהר ווי שכל'דיגע גימנאַסטיק („אין בזה תועלת זולת החדוד בדברים").

דער גאָט פון ר' יהודה הלוי, דער גאָט פון משה און די נביאים, איז אַן עטהישער וועזען און ניט בלויז די ערשטע סבה. ר' יהודה הלוי'ן אינטערעסירט דאַרום שטאַרק די פראַגע פון פאָראויסבעשטימונג (דעטערמיניזם) און פרייען ווילען. האָט דער מענש א פרייען ווילען אָדער ניט? אויב עס איז ניטאָ קיין פרייער ווילען, קען דאָך אויך ניט זיין קיין בעצאָהלונג און בעשטראָפונג. אויב עס איז אָבער יע דאָ א פרייער ווילען, טאָ ווי אזוי קען עס שטימען מיט דעם געדאַנק, אַז גאָט ווייס אַלץ פון פאָראויס? אויב גאָט ווייס פון פאָר-

אוים אלץ וואס דער מענש וועט טהאן, הייסט דאך עס, אז דער מענש האט קיין אנדער ברירה ניט.

פון טעגליכער ערפאהרונג וויסען מיר, אז דער מענש האט א פרייען ווילען. דער מענש איז ביי זיך בעוואוסט, אז ער קען האנדלען פריי. דער מענש בעזארגט זיך מיט געוועהר געגען זיין פיינד און מיט שפייז און געטראנק פאר זיין הונגער און דורשט. מען וועט זאגען, אז ער איז דערצו געצוואונגען צוליעב דעם געפאהר פון דעם שונא אדער צוליעב זיין הונגער. אבער דערמיט גופא גיעבען זיי דאך שוין צו, אז עס זיינען פאראנען אנדערע אורזאכען א חוץ די ערשטע אורזאכע, וואס בעשטימען די מענשליכע טהאטען. אלץ וואס פאסירט אויף דער וועלט זיינען פאלגען פון אורזאכען, און אז איהר וועט אנאליזירען די גאנצע קייט פון אורזאכען און פאלגען, וועט איהר סוף כל סוף קומען צו די ערשטע אורזאכע. דאס מיינט אבער בשום אופן ניט, אז אלע פאסירונגען שטאמען ארויס דירעקט פון דער ערשטער אורזאכע; עס זיינען דא פערמיטלענדע אורזאכען. אין דעם לאנגען קייט פון אור־זאכען און פאלגען איז דער מענשליכער ווילען גופא אויך אן אורזאכע, די לעצטע און די ענטשיידענדע אורזאכע אין בעצוג צו זיין האנדלונג.

דיא אלע פאסירונגען קענען איינגעטהיילט ווערען אין פיער קלאסען: 1) אין געטליכע, ווי צום ביישפיעל די וועלט־שעפפונג און דער סדר העולם; 2) נאטירליכע, ווי צום ביישפיעל אז פון דעם צוזאמענלעבען פון מאן און פרוי ווערט געבארען א קינד. די זריעה פון מאן און דאס בלוט פון דער פרוי זיינען די פערמיטלענדע אורזאכען, און האבען א בעשטימטען ציעל און כונה צו פערפאלקאמענען די נאטור. 3) צופעליגע, וועלכע ווערען אויך ארויסגערופען פון פערמיטלענדע אורזאכען, אבער ביי וועלכע עס איז ניטא קיין ציעל און קיין כונה. 4) פרייע טהאטען פון דעם מענשען, אין וועלכע דער מענשליכער ווילען איז די פערמיטלענדע אורזאכע. ר' יהודה הלוי איללוסטרירט זיין געדאנקען מיט

איינינע ביישפּיעלע, פון וועלכע דאָ ווערט געבראכט דאָס פאָלגענדע: דער נביא רעדט, ווייל ער איז דערצו געצוואונגען פון גאָט'ס קראפט, ער האָט ניט קיין ברירה — דאָס איז א געטליכע אורזאכע; מענשען ריידען צווישען זיך מיט זייערע פערשיעדענע שפּראכען, וואָס בעשטעהן פון געוויסע קלאַנגען און בעוועגונגען, דאָס איז די נאַטירליכע וועג פון צוזאמענריידען און דיא מענשען האָבען דערביי א ציעל און א תכלית. דער משוגענער רעדט און עס קלעפּט זיך ניט א וואָרט צו א וואָרט, אָהן א ציעל און אָהן א כונה, — דאָס איז א צופעליגער ריידען. דער פּאָעט זיצט און קלייבט זיינע ווערטער און אויסדריקע, וואַרפט אוועק איין וואָרט און קלייבט אוים אַן אַנדערען, וואָס פּאַסט זיך בעסער צו זיין ענין, דאָס איז א פרייער אויסוואהל פון ווערטער.

דער מענש האָט א פרייען ווילען, און דאָס איז ניט קיין סתירה מיט גאָט'ס וויסען. פּונקט ווי אונזער וויסען פון דער פערגאַנגענהייט איז ניט די סבה פון דאָס געשעהענע, אַזוי איז גאָט'ס וויסען פון דער צוקונפט ניט קיין סבה פון דאס וואס וועט געשעהן".

* * *

און ווען דער לאַנגער ויכוח צווישען דעם כוזרי און דעם חבר האָט זיך געענדיגט, האָט דער לעצטער איהם ערקלעהרט אַז איצטער איז געקומען די צייט, ווען ער פערלאָזט איהם, ווייל ער וויל געהן אין ארץ ישראל.

נאָך'ן דערענדיגען זיין ווערק דעם כוזרי, האָט זיך ר' יהודה הלוי ווירקליך גענומען צו זיין רייזע אין ארץ ישראל.

## XI.

ר' אברהם אבן־עזרא און זיין כאראקטער. — דער פיעל זייטינגסטער פון אלע זיינע צייט־גענאסען. — זיין בעדייטונג אלס ביבעל־קריטיקער און קאמענטאטאר. — זיין פאעזיע. — דיא אידישע לאגע אין מאהאמעדאנישען שפאניען. — דיא פערפאלגונגען פון דיא אלמאהאדען געגען דיא אידען. — דער אבן־עזרא פערלאזט שפאניען און פאנגט אן זיין וואנדער־לעבען. — דיא צוויי פעריאדען פון זיין לעבען. — זיינע וויסענשאפטליכע און מאטהעמאטישע ספרים. — זיין פילאזאפיע. — דער אבן־עזרא איז איינער פון דיא וואס מאכט בעקאנט אייראפא מיט דער אידיש־שפאנישער קולטור.

---

איינער פון די גרעסטע פערזענליכקייטען פון יענער צייט איז געווען ר' אברהם אבן־עזרא, וועלכער איז בעסער בעקאנט אלס „דער אבן עזרא". ער איז געבארען געווארען אין טאלעדא, שפאניען, אין יאהר 1092 (לויט גרעטץ אין 1088) און איז געשטארבען אין ק א ל א ה א ר א, אין יאהר 1167.

ער איז געווען בעפריינדעט מיט אלע גרויסע מענשען פון זיין צייט, וועלכע האבען פון איהם געהאט די העכסטע מיינונג. זיין עלטערער צייט־גענאסע דער פאעט משה אבן־עזרא רעדט פון איהם אלס פון א גרויסען פילאזאף. זיין איינגערער צייט־גענאסע אברהם אבן־דאוד אין זיין „סדר הקבלה" זאגט וועגען איהם: „ער איז געווען דער לעצטער פון די גרויסע מענער, וואס זיינען געווען דער שטאלץ פון דעם שפאנישען יודענטהום. ער האט געשטארקט די הענד

פון דעם אידישען פאָלק מיט זיינע ליעדער און מיט זיינע טרייסט־ווערטער". ער איז אויך געווען א נאָהענטער פריינד פון ר' יהודה הלוי.

דער „אבן־עזרא" איז געווען דער פיעל־זייטיגסטער פון זיינע אַלע צייט־גענאָסען. זיין ליטעראַרישע טהעטיגקייט האט זיך בעצויגען אויף אַלע געביטען פון דער מענשליכער וויסענשאַפט און קונסט, און ער האט זיך אין זיי אַלע מעהר אדער ווענינער אויסגעצייכענט. ער איז געווען פּאָעט, פילאָזאָף, וויסענשאַפטס־מאַן, אַסטראָנאָם און מאַטהעמאַטיקער, אַסטראָלאָג (ער האט געגלויבט אין שטערנזעהעריי), און פילאָלאָג. ער האט וועגען די אַלע געגענשטענדען געשריבען. אַם מעהרסטען אָבער האט ער זיך אויסגעצייכענט און זיך אויף אייביג פערדיענט געמאַכט אַלס קאָמענטאַטאָר און ביבעל־קריטיקער. ער ווערט פון פיעלע בעטראַכט אַלס דער ערשטער וויסענשאַפטליכער ביבעל־קריטיקער, און שפּינאָזא אין זיין „טהעאָלאָגיש־פּאָליטישען טראַקטאַט" ציטירט איהם אַלס אויטאָריטעט. אַזוי צום ביישפּיעל איז אבן־עזרא דער ערשטער, וואס האט זיך ערלויבט אנצודייטען, אַז דער בוך „ישעיה" ווי מיר האָבען איהם איצטער, איז צוזאַמענגעשטעלט פון צוויי בעזונדערע פערפאַסערס, וואס האָבען געלעבט אין גאַנץ פערשיעדענע צייטען. דער „ערשטער ישעיה" איז ביז דעם קאַפּיטעל פערציג; פון קאַפּיטעל פערציג ביז דער ענדע פון דעם בוך איז פון ישעיה דעם צווייטען. ער איז אויך דער ערשטער וואס האט געמאַכט די השערה, אַז דער ספר „איוב" איז אַן איבערזעצונג. וועגען בוך „אסתר" בעמערקט ער, אַז דאָרטען געפינט זיך ניט דערמאָנט גאָט, און ער וואונדערט זיך וואָרום ער איז אריין אין די הייליגע שריפטען.

אין זיין כאַראַקטער איז ער געווען איינער פון די זאָנדערבאָרסטע מענשען, א מענש פון שטימונגען און קאַפּריזען. ער האט ניט געהאַט קיין בעשטימטע, אויסגעשפּראָכענע, קלאָהרע וועלט־אנשויאונג. ער איז געווען א מענש פון ספיקות און האט זיך גאַנץ אָפט געוואָרפען פון איין עקסט־

דעם צום צווייטען. ער איז געוועזן אזוי ווי געמאכט פון וויעדערשפרוכען און סתירות, און אין איהם האבען זיך פער־אייניגט געגענזעצטע מיינונגען און געפיהלען. ער איז געוועזן אי אויסגעשפראכען און אי צוריקגעהאלטען; ער זאגט ארויס די פרייעסטע געדאנקען, אבער ער זאגט זיי ארויס אזוי פערשטעלט, מיט אזעלכע סודות און דונקעלע אנצוהערעניסען, אז נאר יחידי סגולה פערשטעהען וואס ער מיינט. דערביי איז ער בשום אופן ניט קיין היפאקריט; צביעות איז פרעמד דעם כאראקטער פון אבן־עזרא. ער איז א מענש פון מאמענט. אט איז ער א ראדיקאלער פריידענ־קער און אט איז ער א פערביסענער פרומאק; אט איז ער א שארפער, אונ׳ברחמנות׳דיגער קריטיקער און אט זידעלט ער אם שארפסטען אנדערע פאר זייער צו פרייע קריטיק; אט גלויבט ער אין גאט און אט האט ער מורא פאר דער ווירקונג פון די שטערען. אט לאכט ער פון דער וועלט און די רייכע מיט זייער נארישען יאגען זיך נאך כבוד, און אט פיהלט ער זיך שטארק בעליידיגט, וואס מען האט איהם ביי א מאהלצייט ניט געגעבען זיין חלק פיש צום ערשטען. קומט ער צופאהרען אין אורח אין פראנקרייך און דערוויסט זיך, אז דער גרעסטער פראנצויזישער איד פון יענער צייט, דער בעריהמטער „רבינו תם" שרייבט אויך ליעדער. ווערט ער בייז און פרעגט אין א ליעד: „ווי קומט דער פראנצויז אין דעם פאלאסט פון פאעזיע?" און ווען יענער, בעשיידענער מענש וואס ער איז געווען, ענטפערט איהם אין א ליעד, וואו ער דריקט אויס בעוואונדערונג און דרך ארץ צום פרעמדען, וואנדערענדען פאעט, נעהמט אבן עזרא אריבער צום אנדער־רען עקסטרעם און ערקלערט זיך שיעור ניט אלס שקלאף פון רבינו תם. אין קליינע און אין גרויסע זאכען, אין זיין פריי־וואס לעבען און אין זיין פארשען, איז אבן עזרא א מענש פון שטימונגען.

נאנץ ריכטיג זאגט וועגען איהם גרעטץ: „זיין קלאה־רער קופ, זיין שארפער, אנאליטישער שכל, זיין שניידענדע קריטיק, וועלכע האלט זיך פון קיין זאך ניט אב און וואס

פיהרט איהם כמעט צום פּאַנטהעאיזם, געהט האנד אין האנד מיט א טיעפען דרך ארץ פאר אויטאָריטעטען. דאס האט געפיהרט דערצו, וואס ער האט, ווי אן אמת׳ער פּאנאַטיקער, אטאקירט אונאבהענגיגע דענקער אין אפּיקורסות. זיין גרונטאָוונער שכל, וועלכער האט אונטערזוכט דעם אור־שפּרונג פון יעדער ערשיינונג, האט איהם ניט צוריקגעהאַל־טען פון צו בלאַנדזשען אין די דונקעלהייטען פון דעם מיסטי־ציזם. איבערפילט מיט בטחון אין גאָט, אין וועמעס הענד ער האט זיך אין גאנצען איבערגעגעבען, האט ער פון דעסט־וועגען געגלויבט אין דעם איינפלוס פון די שטערען, פון וועלכע קיין מענש קען ניט אנטרינען. אויף אַזאַ אופן איז אבן־עזרא געווען אן אונערשראָקענער קריטיקער און א שקלאַף צום בוכשטאב פון געזעץ, א ראַציאָנאַליסט און א מיסטיקער, א טיעף־רעליגיעזער מענש און אן אסטראָלאָג".

אבן־עזרא איז זיין גאנצען לעבען געווען א גרויסער קבצן. ער האט ניט געוואוסט היינט פון וואס ער וועט דעם מאָרגעדיגען טאָג לעבען, און ער האט שטענדיג געמוזט אנ־קומען נאָך הילף צו זיינע פריינד און פערעהרער. די פאָלקס־לעגענדע שטעלט איהם פאר שוין אין זיינע יונגע יאהרען אַלס בעטלער. זיא דערצעהלט: „אז אבגעריסענער און גע־קליידעט ווי א בעטלער איז ער אריינגעקומען אין דער הויז פון דעם רייכען ר׳ יהודה הלוי. דער לעצטער האט באַלד דערקענט אין דעם בעטלער א געלעהרטען מענשען און א גרויסען פּאָעטישען טאַלאַנט. ער האט איהם אריינגענומען צו זיך אין הויז און האט איהם געגעבען זיין איינציגע טאָכ־טער פאר א ווייב". די מעשה וועגען דעם, אז ער איז געווען ר׳ יהודה הלוי׳ס איידים איז ניט אמת. עס איז בעקאַנט אז ר׳ יהודה הלוי׳ס טאָכטער האט געהאט בלויז איין זוהן. וואס האט געהייסען יהודה, וועהרענד דער אבן עזרא דער־צעהלט, אז ער האט געהאט פינף קינדער און זיין זוהן, וועל־כער האט שפּעטער אנגענומען דעם מאהאמעדאַנישען גלויבען, האט גאר געהייסען יצחק. אבער, אז ער איז געווען א גרויסער אָרימאַן, אויף דעם זאָגט אבן־עזרא אַליין עדות.

אין זיינע ליעדער בעקלאגט ער זיך גאנץ אפט אויף זיין ארימקייט, וועלכע ער ערקלערט דורך זיין שלעכטען מזל און דורך דער ווירקונג פון די שטערען אין הימעל.

דער הימעל האט ביי מיין געבוירען
א ריכטונג אין אנדערע גענומען;
ווען איך וואלט מיט ליכט אויך געהאנדעלט
וואלט קיינמאל די נאכט ניט געקומען.
איך זוך אלץ מיין גליק און געפין ניט,
פערבלאנדזעט אין הימעל מיין שטערען;
ווען איך וואלט תכריכים פערקויפען
וואלט דעמאלט דער טויט גאר אויפהערען.
(איבערזעצט פון אברהם רייזין).

און ניט נאר האט ער קיין מזל ניט אין זיינע געשעפטען, נאר אפילו ווען ער דארף געהן צום גביר בעטען א טובה אדער א גמילות חסד, געפינט ער איהם ניט, ווי אויף צו להכעיס. אין דער היים:

קום איך צום גביר אין דער פריה
איז ער גאר שפאציערען געפאהרען;
קום איך אין אווענט צום גביר —
נאר וואס אנשלאפען געווארען.

אדער ער פאהרט
אדער ער ליעגט;
דעם ארעמען מענשען
קיינמאל ניט גליעקט...
(איבערזעצט פון אברהם רייזין)

ניט אלע מאל בריינגט איהם זיין ארימקייט אין א נעדריקטער שטימונג. ער איז א פרעהליכער קבצן, און מאכט

אפּט חוזק פון זיך אליין. ער בעשרייבט זיין מאַנטעל, וועל־כער דיענט איהם ביינאַכט אין זיין וואנדער־לעבען אלס גע־צעלט. דורך די לעכער קען ער בעטראַכטען די אַלע שטערען פון הימעל, וועלכע שיינען דורך זיי אריין.

כ׳האב א מאַנטעל איז ער אַלט —
האט פערלאָרען זיין געשטאַלט.
ווי א זיפּ איז ער געוואָרען
זיפּ דורך איהם כאָטש ווייץ און קאָרן.
ווען עס ווערט פון איהם געמאַכט
א געצעלט אין פינסטערער נאַכט
זעה איך דאַן דורך איהם אין גאַנצען
ווי די אַלע שטערען גלאַנצען.
זיינע לעכער — א פערמעג!
ווי די צעהנער פון א זעג.
און די לאַטעס—האב איך מורא —
זיינען מעהר שוין פאר דער סחורה.

* * *

ליעבער גאָט, איהם בייט מיר אום
אויף א מאַנטעל צו מיין רוהם!
(איבערזעצט פון אברהם רייזין).

און ווען ער געפינט זיך אין אן ערנסטערע שטימונג, שרעקט איהם אויך די ארעמקייט ניט. ארעם צו רייך, גליק אדער אונגליק, וואס איז דער חלוק? דאס לעבען געהט סיי ווי סיי אוועק:

ניט ווער דערשראָקען פון דעם טאָג,
דען אַלץ וואס פּאַסירט האט קיין דויער.
ניט פרעה זיך ווען ס׳טרעפט דיר א גליק,
אן אונגליק — ניט וויין און ניט טרויער.

פון טאָג פון דעם גוטען און שלעכטען
וועט סיי ווי סיי ווערען א נעכטען.
(איבערזעצט פון אברהם רייזין).

אין איינעם פון זיינע ליעדער מאכט ער א קורצען סך־הכול פון מענשליכען לעבען:

דער מענש דארף זיך שטענדיג בעקלעהרען
ער וועט זיך צו שטויב צוריק קעהרען.

* * *

צו פינף יאהר איז פול מיט ענטציקען
דאס אינגעל מיט זוניגע בליקען.
די מוטער וועט אַלץ איהם פערטראָגען,
די האַלדז פון דעם טאַטען—זיין וואָגען.

דאס אינגעל איז צעהן יאָהר געווארען —
ניט מוסר׳ט איהם, רעדט נישט מיט צאָרן.
לאָזט פריי זיינע יונגע געפיהלען,
זאָל ער מיט פאַמיליע זיך שפּיעלען.

צו צוואַנציג ווי שעהן איז דאס לעבען
ער וואָלט בלויז אומשפּרינגען און שוועבען.
ער לאַכט פון די לעהרער און טוגענד,
די ליעבע — געפאַנגען זיין יוגענד.

און זיינען איהם דרייסיג פערשוואונדען
דאַן איז מיט א ווייב ער פערבונדען.
ער קעמפּפט שוין—אַזוי ווי געפאַנגען —
פאר ווייב און פאר קינדער׳ס פערלאַנגען.

און זיינען איהם פערציג בעפאַלען
דאַן פיהלט ער ביי זיך שוין געפאַלען.
צופריעדען מיט פיעל און מיט ווייניג —
און טראָגט שוין זיין יאָך אונטערטעניג.

אונ זיינען איהם פופציג אריבער
דאַן ווערט ער שוין טרויעריגער, טריבער.
ער שפּאַט פון דעם מענשליכען יאָגען
און שרעקט זיך: די שעה וועט באַלד שלאָגען.

און ווערט ער מיט זעכציג געלאָדען
דאַן האט ער שוין מעהר ניט קיין באָדען...
ער קען שוין, א מאַטער, ניט שטרייטען
און מוז בלייבען שטעהן פון דער וויטען.

דערגרייכט ער שוין זיבציג מיט גבורה
ער האט ביי דער וועלט ניט קיין צורה.
קיין האַנד וועט איהם קיינער ניט שטרעקען —
א לאַסט נאר פאר זיך און זיין שטעקען...

און האט ער שוין אַכטציג דערצויגען
דאַן דיענען ניט מעהר שוין די אויגען.
די קינדער איהם ווילען ניט וויסען,
פערסמ׳ט איז זיין טרונק און זיין ביסען.

דערנאָך איז דער טויט איהם שוין ליעבער...
אַז וואויל איז דעם מאַן, וואס טראַכט איבער
און וויים, אַז דאס לעבען איז שטויביג
און בלויז יענע וועלט איז אויף אייביג.

* * *

דער מענש דאַרף זיך שטענדיג בעקלעהרען
ער וועט זיך צו שטויב אומקעהרען.

(איבערזעצט פון א. ר. און נ. נ.)

ארעמקייט איז אַבער ניט געווען דיא איינציגע צרה, פון וועלכע דער אבן־עזרא האט געהאַט צו ליידען. עס האבען זיך אנגעפאַנגען רדיפות און פערפאָלגונגען געגען די שפּאַ־נישע אידען, וועלכע האבען געלעבט אונטער דער הערשאַפט

פון די מאהאמעדאנער. א געוויסער אבדאלהא אבן־טומארט האט געגרינדעט א נייע סעקטע אין דעם מאהאמעדאניזם, וועלכע ער האט א נאמען געגעבען אלמאהאדען. זיין נאכפאלגער אבדולמומען, א בעגייסטערטער רעליגיעזער פאנאטיק. האט גענומען פיהרען מלחמות געגען דער דינאסטיע פון די אלמאראווידען, וועלכע זיינען אין זיינע אויגען ניט געווען גענוג פרום. איהם איז געלונגען צו בעזיעגען די אלמאראווידען ניט בלויז אין צפון־אפריקא, נאר אויך אין שפאניען. ער האט דאן זיך גענומען אפרעכענען מיט די אידען, וועלכע האבען נאטירליך געהאלטען מיט די ליבעראלערע אלמאראווידען. „איהר גלויבט ניט", האט ער זיך געווענדעט צו די אידען, „אין די שליחות פון נביא (מאהאמעד). איהרווארט אויף דעם משיח, וואס איז אייך פערשפראכען געווארען, אז ער זאל קומען בעשטעטיגען אייער תורה. נו, אייערע עלטערען האבען פערזיכערט, אז משיח מוז קומען אם שפעטסטען פופציג יאהר נאך מאהאמעד'ס טוידט. די צייט איז שוין לאנג אריבער. מיר קענען אייך מעהר ניט לאזען אין אייער אונגלויבען. איהר האט פאר זיך די ברירה: דעם „איסלאם" אדער דעם טוידט". א גרויסער טהייל פון די אידען האבען לפנים אנגענומען דעם „איסלאם"; א היבשער טהייל זיינען זיך צולאפען אין די בענאכבארטע לענדער און מאנכע וויעדער האבען זיך געלאזט טוידטען אויף „קדוש השם". די אידישע שוהלען און בתי מדרשים אין די אלטע בליהענדע אידישע קהלות פון קארדאווא, לוצענא, סעוויל און אנדערע שטעדט זיינען חרוב געווארן. אבן־עזרא איז ניט געבליעבען גלייכגילטיג צו דעם גרויסען אונגליק, און אין א קינה וואס פאנגט זיך אן: „וועה אויף דעם אונגליק, וואס איז אראפ אויף שפאניען", גיסט ער אויס זיין ביטער הארץ, און רעכענט אויס די אלע אידישע קהלות וואס זיינען חרוב געווארען.

א חוץ די צרות פון כלל האט דער אבן עזרא בערך יענער צייט געהאט אריבערצוטראגען אויך פיעל אייגענע צרות. זיין פרוי און פיער קינדער זיינען געשטארבען. עס

איז איהם געבליעבען איין זוהן, יצחק אבן עזרא, וועלכער איז אויך געווען, לויט די עדות פון יהודה אל־חריזי, א גרויסער פּאָעט. דער דאָזיגער זוהן האט אבער פעררעטהען דעם אידישען פאָלק און איז אריבער צום איסלאַם: „ער האט אראבגעוואָרפען פון זיך זיין טהייערען מאַנטעל און האט אנגעטהאָן אַנדערע קליידער", ווי אלחריזי דריקט זיך אויס וועגען דעם. דער אונגליקליכער פאטער האט אנגעשריעבען אַ הערצרייסענדע קלאָג־ליעד אויפ'ן זוהן, וועמען ער האט בעטראכט פאר געשטאָרבען: „איך בין דער מענש, וועמען עס האט געטראָפען דער אונגליק, וועמעס פרייד עס איז פערטריעבען געווארען. איך האב פערלארען מיין קינד; דער קינד, וועלכער איך האָב געהאַפט, וועט זיין מיין טרייסט און שטיצע אויף דיא עלטערע יאהרען... מיינע פריינד, לאָזט מיר אָפּ, טרייסט מיר ניט. דערמאָנט מיר מיין אונגליק ניט, דערמאָנט מיר ניט זיין נאמען. דאס איינציגע שטיקעל פייער, וואס איז מיר געבליבען האט זיך אויך אויסגעלאָשען. מיין הארץ איז מיר געבליעבען פוסט און וויסט, טוידט פונקט ווי יצחק איז טוידט".

די מוזע פון אבן עזרא האט אויפגעהערט צו זיין שטויפעריש. זיינע שפּעטערע ליעדער, פונקט ווי זיינע קינות און סליחות, זיינען שוין פול מיט צער און טרויער:

ווען מיינע טרערען וואָלטען לויט מיין אונגליק רינען,
וואָלט קיינער אויף דער ערד קיין טרוקען אָרט
געפינען;
נאר ניט פאר נח'ן אליין — פאר מיינע אויגען
האט אויך געוויזען גאָט דעם רעגענבויגען..
(איבערזעצט פון אברהם רייזין).

די רדיפות געגען די אידען, זיינע פּערזענליכע צרות און אפשר אויך די שאַנדע, וואס זיין זוהן האט איהם פערשאפט, האבען אבן עזרא'ן בעוואויגען ער זאָל פערלאָזען שפּאַניען. עלענד און אליין, האט ער, אין דעם עלטער פון קרוב פופציג יאהר, פערלאָזען זיין פאטערלאַנד, וועלכע ער

האט אזוי שטארק געליעבט און וועלכע ער האט קיינמאל ניט געקענט פארגעסען. זיין צוריסענער מאנטעל און זיין שטעקען, דאס איז געווען זיין גאנצער פערמעג.

* * *

אין וועלכען יאהר דער אבן עזרא האט פארלאזען שפאניען איז ניט אין גאנצען בעשטימט. מיר וויסען בלויז, אז אין יאהר 1140 האט ער זיך אויפגעהאלטען אין רוים, איטאליען. אבער איידער ער איז אהין אנגעקומען האט ער א לאנגע צייט ארומגעוואנדערט איבערן אריענט. ער איז געווען אין עגיפטען, אין ארץ ישראל און אויך אין באגדאד. לויט ווי א לעגענדע דערצעהלט איז ער זאגאר געווען אין אינדיען. מען קען דארום אננעהמען, אז ער האט פארלאזען שפאניען צווישען די יאהרען פון 1137 און 1138.

אין רוים האט ער זיך אויפגעהאלטען בערך פינף יאהר. ער האט דארטען געקראגען תלמידים און פערעהרער. אבער זיין אונרוהיגער גייסט און זיין וואנדער־לוסט האט איהם ניט געלאזען איינזיצען אויף אן ארט. ער האט פארלאזען רוים און גענומען וואנדערן איבער איטאליען. ער איז געווען אין לוקא, מאנטוא, וועראנא און אנדערע שטעדט. איבראל האט מען איהם עמפפאנגען מיט גרויס כבוד און איבעראל האט ער איבערגעלאזען תלמידים און פריינד. פון איטאליען איז ער אנגעקומען קיין פראנקרייך, וואו ער האט זיך בעקענט מיט די דארטיגע בעריהמטע תלמודיסטען פון יענער צייט, די אייניקלאך פון רש"י, — „די בעלי התוספות" רבינו תם און דער רשב"ם.

נאכדעם ווי ער האט בעזוכט מעהרערע אידישע קהלות אין פראנקרייך איז ער אריבער קיין ענגלאנד, און אין יאהר 1158 טרעפען מיר איהם אין לאנדאן. דער לאנדאנער קלימאט איז איהם אפנים ניט געפעהלען, ווייל אין 1160 געפינען מיר איהם שוין ווידער אין פראנקרייך. אויף זיינע עלטערע יאהרען האט ער זיך פערבענקט נאך זיין

פאטערלאנד, וועמעס זוניגע הימלען האָט ער קיינמאָל ניט פארגעסען. אויף'ן וועג אהיים איז ער קראנק געווארען און איז געשטאָרבען אין ק א ל א ה א ר א, אין צפון שפּאניען, ניט ווייט פון פראנצויזישען גרעניץ.

אבן־עזרא'ס לעבען קען אלזא איינגעטהיילט ווערען אין צוויי פעריאָדען. אין דער ערשטער פעריאָדע ביז בערך 1137 האָט ער זיך אויפגעהאַלטען אין שפּאניען. אין דער צווייטער פעריאָדע, פון 1137 ביז 1167, האָט ער ארומגעוואנדערוועט איבער דער וועלט. די מייסטע פון זיינע ליעדער, סאַי די וועלטליכע און סאַי די רעליגיעזע, זיינען אנגעשריעבען געווארען אין דער ערשטער פעריאָדע. וועגען יענער צייט זאָגט ער אויף זיך: „אין מיין יוגענד האָב איך ליעדער געשריעבען, וואָס זיינען געווען ווי פּערעל פאַר די העברייער" ער האָט געהאַט זעהר א הויכע מיינונג וועגען זיין פּאָעזיע. פון איינעם פון זיינע ליעדער קען מען ארויסזעהן, אז ער האָט פון זיין אייגענער פּאָעזיע געהאַלטען אפילו מעהר ווי פון ר' י ה ו ד ה ה ל ו י 'ס, וועמען ער האָט בעטראַכט פאַר אַלטמאָדיש. ער האָט ליעב זיך אנצורופען „דער פּאָעט". די צאָהל פון אבן עזרא'ס ליעדער, וואָס זיינען אונז בעקאַנט, זיינען אריבער צוויי הונדערט, א חוץ סליחות און קינות. א זאמלונג פון זיינע ליעדער, אין צוויי טהייל, איז ארויסגעגעבען געוואָרען אין יאָהר 1894 פון דער חברה „אחיאסף" אונטער דער רעדאקציאָן פון ד ו ד כ ה נ א. צווישען די איבריגע געפינען זיך דאָרטען אויך זיינע ליעדער וועגען דעם שאָך־שפּיעל, וועלכען דער אבן־עזרא האָט גוט געקענט. זיינע ליעדער צייכנען זיך אויס מיט דער קורצקייט און שאַרפקייט פון זייער שפּראַך און מיט זייער געדאַנקען־רייכקייט. דער אבן־עזרא בעזיצט א גרויסע מאָס פון הומאָר און וויטץ און אויך א בייסענדע סאַטירע.

זיין רייזע איבער דער וועלט האָט איהם געגעבען די געלעגענהייט זיך צו בעקענען מיט די ליטעראַטורען פון די בעדשיעדענע פעלקער, און אין איינעם פון זיינע עפּיגראַמען

וועלכע ווערט דא איבערזעצט אין פּראָזא, גיט ער א קורצע כאראקטעריסטיק פון זייערע ליעדער:

דיא אראבער זיי זינגען נאר וועגען ליעבע;
וועגען מלחמות און נקמות זינגען די רוימער.
געדאנקען-פול איז דער געזאנג פון די גריכען.
די אינדיער—דורכאויס משלים און רעטניסע.
און די אידען — נאר צו גאָט טהוען זיי זינגען.

זיינע וויסענשאפטליכע ..ון פילאזאפישע ווערק, ווי אויך זיינע בעריהמטע קאמענטארען אויף דער ביבעל, האט ער געשריעבען אין דער צווייטער פעריאָדע פון זיין לעבען. פלעגט קומען אין א געוויסע שטאדט, זיך דארטען אויפהאל־טען א געוויסע צייט, ערווערבען זיך תלמידים און פאר זיי אנשרייבען א ווערק. דאן קומען אין אן אנדער שטאדט און דארטען טהאן פונקט דאס זעלבע. „איבעראל האב איך גע־וואוינט, געשריעבען ביכער און ערקלעהרט געהיימניסע“ (בכל מקום גרתי, ספרים חברתי, וסודות בארתי). דערצעהלט ער וועגען זיך.

אין זיינע פירושים אויף דער ביבעל זוכט ער זיך צו האלטען אן דעם איינפאכען זינן פון דיא ווערטער. ער זידעלט די „אללעגאריסטען“, די בעלי הסוד, וואס געפינען אין דער תורה נאר אינערליכע כונות און פערנאכלעסיגען דארום די מצוות פון דער תורה. ער האלט זעהר וועניג פון די דאזיגע מפורשים, וואס זוכען אריינצושפארען אין די פסוקים זייערע פילאזישע מיינונגען און סברות. ער איז אויך ניט אין גאנ־צען צופריעדען מיט דעם וועג ווי די „דרשנים“ זוכען אויסצו־טייטשען די פסוקים דורך דרשות „פון וועלכע מאנכע זיינען גראב ווי זעק און אנדערע עדעל ווי זייד“. מען קען אבער ניט זאגען, אז ער אליין איז אין גאנצען ריין דערפון. ער אליין דערקלעהרט מאנכע שטעלען אין דער תורה, ווי צום ביישפיעל די מעשה פון דעם „עץ הדעת“, אלס משלים און אללעגאריען. דערצו האט ער אליין אריינגעשפארט זיין גאנצע פילאזאפיע אין זיינע ערקלעהרונגען פון דער ביבעל. דעם בעקאנטען פארשער נ ח מ ן ק ר א כ מ ע ל איז אויף אזא אופן געלונגען

צוזאמענצושטעלען די גאנצע סיסטעם פון אבן עזרא'ס פילאָזאָפיע פון זיינע פירושים אויף דער ביבעל (זעה, מורה נבוכי הזמן, שער חכמת המסכן).

גאנץ אָפט זוכט דער אבן עזרא צו דערקלעהרען די וואונדערליכע מעשיות פון דער תורה אויף א נאטירליכען וועג. וועגען דעם מגדל פון בבל, פון וואנען די מענשען זיינען פערשפרייט געווארען און זייער שפראך איז צומישט געווארען זאָגט ער: „די בויער פון טהורם זיינען גאָר ניט געווען אזעלכע נארען צו דענקען, אז זיי וועלען ארויפקומען אויף'ן הימעל. זיי האָבען געבויט דעם מויער, כדי זיי זאָלען ניט פערשפרייט ווערען, אבער דאָס איז געווען געגען גאָט'ס ווילען, געגען דער נאטור . . . נאָך מיין מיינונג זיינען זיי פערשפרייט געוואָרען (דורך זייער פערמעהרען זיך). און נאָכדעם, ווי זיי האָבען זיך פערשפרייט... און עס זיינען אויפגעשטאנען נייע קעניגע, און ווען דער ערשטער דור איז אויסגעשטאָרבען איז די ערסטע שפראך פערגעסען געוואָרען. זייער פערשפרייטען זיך איז גראָדע געווען גוט פאַר זיי, ווייל זיי האָבען בעזעצט די גאנצע וועלט".

גלויבענדיג אין אסטראָלאָגיע (שטערנזעהעריי), ערקלעהרט ער מאנכע ניסים דורך דער ווירקונג פון די שטערען. בלעם, מיינט ער, האָט געוואוסט פון דער אסטראָלאָגיע, פון דעם צוזאמענהאנג פון די שטערען, ווען צו שילטען און ווען צו בענשען. אז עס זאָל מקוים ווערען.

אין מאנכע שטעלען גיט ער אנצוהערעניסען, אז געוויסע פלעטצער אין דער תורה זיינען איבערזעצונגען: „דער נאָמען משה איז איבערזעצט פון עגיפטיש. זיין עגיפטישער נאָמען איז געווען מוניוס". איהם איז געווען קשה, ווי אזוי האָט פרעה'ס טאָכטער, וועלכע איז געווען אן עגיפטיאנערין, איהם געקענט געבען דעם העברייאישען נאָמען משה, און דערצו נאָך די ערקלעהרונג, ווייל זי האָט איהם ארויסגעצויגען (משיתיהו) פון וואסער. ווי קומט זי צו העברעאיש? דער תירוץ איז דאָרום, אז דאָס איז איבערזעצט געוואָרען פון עגיפטיש. ער דערשרעקט זיך אבער פאַר זיין אייגענע העזה

עטוואס אזעלכעס צו בעהויפטען, און ער ענדיגט: „אפשר האט זי זיך אויסגעלערנט זיין שפראך".

אט די דאזיגע מורא מערקט מען ביי איהם אפט אן. „און דא געפינט זיך א סוד, וועלכען איך קען ניט מגלה זיין, און דער קלוגער וועט פערשטעהן". בעגעגענט מען אן ביי איהם אויף שריט און טריט. דערביי גיט ער פערשטעלטע אנדייטונגען און סימנים, ווי אזוי „דער קלוגער" קען עס אויסגעפינען.

אבן־עזרא איז געווען א גרויסער מאטהעמאטיקער. ביים פאלק האבען זיך פערשפרייט אלערליי וואונדער־מעשיות וועגען דעם. אזוי ווערט דערצעהלט, אז ער איז אמאל געפאהרען אויף א שיף מיט זיינע פופצעהן תלמידים. די שיף האט געהאלטען ביים זינקען. עס איז געבליעבען ביים קאפיטאן, אז מען זאל א טהייל פון די פאססאזשירען אריינווארפען אין ים. דער אבן עזרא האט געמאכט א פארשלאג, אז מען זאל די רייזענדע אויסשטעלען אין רייהען און דעם ניינטען אריינווארפען אין וואסער. דער קאפיטאן האט מסכים געווען. דער אבן עזרא האט זיי אזוי אויסגעשטעלט, אז קיינער פון זיינע תלמידים איז ניט אויסגעקומען דער ניינטער.

סאי אין זיינע פירושים אויף דער ביבעל און סאי אין זיין פילאזאפיע האט דער אבן־עזרא ליעב אנצודייטען אויף די אייגענטהימליכקייטען פון די צאהלען און די געאמעטרישע פיגורען. אין דער מאטהעמאטיק איז דער „איינס" דער יסוד פון אלע צאהלען ביז דער אונענדליכקייט. ווען איהר זאגט „צוויי", מיינט עס צוויי מאל „איינס"; „דריי" — דריי מאל „איינס"; א „מילליאן" — א מילליאן מאל „איינס" און אזוי ביז דער אונענדליכקייט. ס'איז ניטא קיין צאהל, וואו דער „איינס" זאל ניט זיין, אפילו ווען איהר זאגט א העלפט" א פיערטעל און אזוי ווייטער, מיינט עס א האלבער „איינס", א פיערטעל „איינס" און אזוי ווייטער. קיין צאהל קען ניט אויסקומען אהן דעם איינס; דער איינס אליין דארף ניט קיין אנדער צאהל. דער איינס מאכט אלע צאהלען, און

אַלע צאָהלען געפינען זיך שוין אין איהם, ווייל אַלע צאָהלען זיינען נאָר איבער'חזר'ונגען פון דעם איינס. דער איינס איז אין אַלע צאָהלען, וועהרענד ער אַליין איז ניט קיין צאָהל, ווייל א צאָהל מיינט די ווידערהאָלונג פון איינס. דער „איינס“, דער סתם־איינס, דער ניט בעשטימענדער איינס, איז בלויז אַ פאַרשטעלונג אין שכל: ער האָט ניט קיין ממשות'דיגע עקזיסטענץ. איהר זאָגט איין מענש, איין הויז, איין עפּעל, איין פלוים, דער איינס קריעגט דאַן אַ ממשות, ווייל ער איז אַ בעשטימטער איינס. ווען איהר זאָגט אָבער „איינס“ אַליין, אָהן אַ שום בעשטימונג, איז עס בלויז אַ פאַר־שטעלונג אין שכל.

דאָס, וואָס דער „איינס“ איז אין צאָהלען איז דער „פונקט“ אין פיגורען. דער פונקט איז דער יסוד פון אַלע פיגורען. די ליניע איז די פאַרזעצונג פון דעם „פונקט“ אין דער לענג; די פאַרטזעצונג פון דער ליניע אין דער ברייט איז דער שטח. דער פונקט איז בלויז אַ פאַרשטע־לונג אין שכל, ווייל קוים שטעלט איהר, למשל, אַ פונקט אויף'ן פּאַפּיער איז ער שוין ניט מעהר קיין פונקט: ער ווערט אַליין אַ פיגור. דער „איינס“ און דער „פונקט“ זיינען דארום ביי דעם אבן עזרא דער סימבאָל פון גאָט. אַלע צאָה־לען קומען פון „איינס“; אַלע פיגורען קומען פון „פונקט“. ביידע, סאַי דער איינס און סאַי דער פונקט, זיינען בלויז פאַרשטעלונגען אין שכל, אָהן שום ממשות'דיגער עקזיסטענץ, אָבער אָהן זיי איז אונמעגליך די בילדונג פון אירגענד וועלכען צאָהל אָדער אירגענד וועלכער פיגור.

פון זיינע ספרים איבער מאַטהעמאַטיק געפינט זיך דער „ספר האחד“, אַ קורצע אָבהאַנדלונג וועגען די אייגענטהימ־ליכקייטען פון די צאָהלען 1—9. „יסוד מספר“ איבער אַריפ־מעטיק. „לוחות“ — אַסטראָנאָמישע טאַבעלען; „ספר העבור“, וועגען דעם קאַלענדאַר (מאַנכע זיינען מיט דער מיי־אונג אַז די „לוחות“ זיינען פון אברהם בר יחייא) דערצו האָט ער אויך געשריעבען איינינע אָבהאַנדלונגען איבער דער

העברעאישער גראמאטיק, די בעסט בעקאנטע פון וועלכע זיינען „מאזנים“ און „צחות“.

דער אבן עזרא האט אלע זיינע ספרים געשריעבען אין העברעאיש, כאטש ער האט זעהר גוט געקענט אראביש. דאס און דער אומשטאנד, וואס ער האט געפיהרט א וואנדערענד'ען לעבען און איז געקומען אין פערזענליכער בעריהרונג מיט די פארשטעהער פון די אידישע קהלות אין איטאליען, פראנקרייך און ענגלאנד, האט געבראכט דערצו, וואס ער איז געווען איינער פון די וויכטיגסטע פערשפרייטער פון דער אידיש־אראבישער קולטור צווישען די אידען פון די אנ־דערע אייראפעאישע לענדער. ער האט דורך דעם אויך ביי־געטראגען צו דער פארברייטונג פון דער דאזיגער קולטור צווי־שען די אייראפעאישע פעלקער בכלל.

* * *

קיין ספעציעלע סיסטעמאטישע ווערק איבער פילאזא־פיע האט אבן עזרא ניט אנגעשריעבען. עס געפינט זיך פון איהם א פילאזאפישע ליעד אונטער דעם נאמען „די בייטען פון חכמה און דער גארטען פון געדאנקען“ (ערוגות החכמה ופרדס המזמה). אין יאהר 1901 איז אין לאנדאן ארויס־געגעבען געווארען זיינער א קורצער ספר מיט דעם נאמען „ספר העצמים“ (דאס בוך פון סובסטאנצען). עס געפינט זיך אויך פון איהם א קורצע אפהאנדלונג איבער עטהיקס אונ־טער דעם נאמען „יסוד מורא“ (דער פונדאמענט פון מאראל). זיין גאנצע סיסטעם פון פילאזאפיע איז אבער אויסגעארבייט געווארען פון נחמן קראכמעל, וועלכער האט זי ארויס־גענומען פון אבן עזרא'ס פרושים אויף דער ביבעל (מורה נבוכי הזמן, חכמת המסכן). נאך קראכמעל זיינען געקומען אנדערע פארשער, וויא ראזין און ארשאנסקי.

זיין גאנצע פילאזאפיע איז כמעט ווי ווערטערליך איבער־גענומען פון אבן־גבירול. עס קען גאר קיין צווייפעל ניט זיין, אז דער אבן־עזרא איז געווען בעקאנט מיט גבירול'ס פילאזאפיע. אויף דעם פסוק „בראתיו, יצרתיו אף עשיתיו (ישעיה מ"ג), זאגט ער: „דער פאעט

ר' שלמה האָט ערקלעהרט, אַז אין דעם ליעגט דער גאַנצער סוד פון דער וועלט־שעפּפונג".

די גאַנצע שעפּפונג בעשטעהט פון צוויי זאַכען: פון מאַטעריע און פאָרמע. מאַטעריע בעצייכענט ער מיט דעם נאָמען „גרם" און פאָרמע מיט דעם נאָמען „מקרה", ווייל די מאַטעריע איז דאָס אויביגע אונפערענדערבאַרע און די פאָר־מען זיינען נור צופאַלען. די מאַטעריע קען אָננעהמען אַלערליי פאָרמען אָבער זי ווערט אין עצם ניט געענדערט. („התבוננתי בעצם העולם, וראה כי כלו שני דברים: „גרם" „ומקרה". והמקרה יפסד בבוא מקרא אחר שיהיה הפך הראשון, והגרם ישאר", ס פ ר ה ע צ מ י ם). די מאַטעריע איז ניט קיין קער־פּער, זי איז אַ רוחניות; אַ קערפּער איז מאַטעריע, וואָס האָט שוין אַ פאָרמע. מאַטעריע קען נאָר בעגריעפען ווערען, ווען זי האָט שוין אַ בעשטימטע פאָרמע.

אַלע שעפּפונגען, פון די העכסטע ביז די ניעדריגסטע, אַפילו פון די העכסטע וועלטען, בעשטעהען פון מאַטעריע און פאָרמע. מיר מיט אונזערע חושים קענען נאָר בעגרייפען די זאַכען דורך זייערע פאָרמען, אָבער ניט אין זייער עצם („כי החרגשות אינם מרגישים רק המקרים"). אַלע זאַכען בעשטע־הען פון די דאָזיגע צוויי, פון מאַטעריע און פאָרמע, אַ חוץ גאָט, וועלכער איז אַן אַבסאָלוטע איינהייט (והכל שניים חוץ מיוצר הכל").

די מאַטעריע איז אייביג און אונקערפּערליך. די שעפּ־פונג איז פאָרגעקומען, ווען די מאַטעריע האָט געקראָגען די פאָרמען. דער וואָרט „ברא" אין העברעאיש, ערקלעהרט אבן עזרא, מיינט ניט בעשאַפען עטוואָס פון גאָר נישט (יש מאין); ער מיינט בלויז געבען אַ בעשטימטע פאָרמע צו דאָס, וואָס האָט ניט קיין פאָרמע, צו דער מאַטעריע. ער ברענגט אַ ראיה דערפון, וואָס אויך ביים מענשען שטעהט: „ויברא אלהים את האדם" (גאָט האָט בעשאַפען דעם מענ־שען). אויף'ן מענשען קען מען דאָך ניט זאָגען, אַז ער איז בע־שאַפען געוואָרען פון גאָר נישט, ווייל ער איז דאָך געמאַכט געוואָרען פון דער ערד, וואָס איז אַ עטוואָס. די תורה מיינט

אַלזאָ ניט, אַז די וועלט איז בעשאַפען געוואָרען פון גאָר ניט; זי מיינט בלויז, אַז די וועלט איז בעשאַפען געוואָרען דורך דעם אַרויסרופען פון די פאָרמען אין דער מאַטעריע. פאַר אונז הייסט עס אַ נ י י ע שעפּפונג, ווייל מיר קענען בעגרייפען זאַכען נאָר דורך זייערע פאָרמען און ניט זייער עצם.

צי איז די דאָזיגע מאַטעריע אַן אייגענשאַפט פון גאָט'ס נאַטור אָדער אויך ניט מעהר ווי אַ שעפּפונג, איז ניט אין גאַנצען קלאָהר ביי דעם אבן־עזרא. די פאָרמען ווערען ארויס־גערופען אין דער מאַטעריע דורך „גאָט'ס ווילען“, וועלכען ער רופט אָן „חפץ פשוט“.

די שעפּפונג איז אַלזאָ דער אַרויסרופען פון די פאָרמען אין דער מאַטעריע דורך גאָט'ס איינפאַכען ווילען, וועלכען ער רופט אויך „חכמה“.

גאָט אַליין איז אונקערפּערליך און אָהן אירגענד וועלכען פאָרם. ער איז ווי דער „איינס“, דער מאַטהעמאַטישער איינס, אין צאָהלען און ווי דער „פונקט“, דער מאַטהעמאַטי־שער פונקט, אין פיגורען. דער „איינס“ און דער „פונקט זיינען די יסודות פון אַלע צאָהלען און פיגורען, כאָטש אַליין זיינען זיי ניט קיין צאָהל אָדער פיגור. דאָס, וואָס אין דער תורה געפינען זיך אויסדריקע, וואָס ריידען פון גאָט אַלס קערפּער, איז עס נאָר בדרך משל, פיגוראַטיוו. ווען אַ מענש וויל אויסדריקען זיינע אידעען און געדאַנקען, מוז ער געברוי־כען די מענשליכע בעגריפע, די מענשליכע טערמינען. די מענשליכע שפּראַך קען אבער ניט אויסדריקען עטוואָס, וואָס איז איבער־מענשליך אָדער אונטער־מענשליך. ער דערנידריגט דאַרום די העכערע און דערהויבט די ניעדריגערע צו זיך. ער זאָגט „פי הארץ“ (די מויל פון דער ערד) „יד הירדן“ (די האַנד פון ירדן), „ראש עפרות תבל“ (די קאָפּ פון וועלט שטויב). די ערד האָט ניט קיין מויל, דער ירדן האָט ניט קיין האַנד און די וועלט־שטויב האָט קיין קאָפּ ניט. אין דעם פאַל בעלעבט דער מענש זיי און ער ד ע ר ה ו י ב ט זיי צו זיך. פונקט אַזוי איז עס ווען ער זאָגט: „גאָט האָט גערוהט“, „גאָט האָט חרטה געהאַט“, „דער וואָס זיצט אין הימעל

לאכט", אין דעם פאל דערניעדעריגט דער מענש די העכערע צו זיך.

דער אוניווערזום ווערט ביי דעם אבן עזרא איינגעטהיילט אין דריי וועלטען. די אויבערסטע וועלט. די וועלט פון דער וועלט-נשמה און די מלאכים. די מענשליכע נשמה שטאמט אויך פון דארטען. די דאזיגע וועלט איז די ערשטע אויסשטראהלונג פון גאט.

די צווייטע אדער מיטעלע וועלט איז די וועלט פון די הימעלשע קערפערס, פון די „גלגלים" און די שטערען. זי איז א מין אויסשטראהלונג פון דער אויבערסטער וועלט.

די דריטע וועלט אדער דער „עולם השפל" איז אונזער וועלט, די ערדישע וועלט. אין איהר איז דער מענש דער חשובסטער פון אלץ און איהר מיטעל-פונקט. דאס איז דערפאר, ווייל ער האט א נשמה, וועלכע שטאמט פון דער אויבערשטער וועלט. אונזער וועלט איז ניעדריגער אין מדרגה פון דער מיטעלער וועלט און שטעהט דארום אונטער איהר איינפלוס. די שטערען, די גלגלים און זייער איינארדנונג האבען דארום אן איינפלוס אויף די געשעהעניסען און פאסירונגען אויף אונזער וועלט. זייער איינפלוס איז אבער ניט קיין פרייער און ניט קיין בעוואוסטזיינניגער, ווייל זיי גופא זיינען אונטער דעם איינפלוס פון דער העכערער וועלט.

דא פאלט אבן-עזרא אריין אין זיין אסטראלאגישען אבערגלויבען. ער גלויבט, אז די ווירקונג פון די שטערען איז פאטאל און אונפערמיידליך, און ער זוכט מיט אלערליי פלפולים און דריידלעך צו מאכען א פשרה צווישען דעם פאטאלען ווירקען פון די שטערען און די השגחה פון גאט, וואס קענען איינע מיט דער אנדערער ניט שטימען. ביי איהם קומט אויס, אז דער גוטער מענש קען דורך זיינען גוטע מעשים און דורך תפלות ענדערען זיין מזל, וואס איז בעשטימט פון די שטערען. דער שלעכטער מענש קען זיך אבער ניט ארויסדרעהען פון דעם שיקזאל, וואס איז פאר איהם בעשטימט געווארען דורך די שטערען.

מיט דער גאנצער שארפקייט און טיעפקייט פון זיין שכל, איז דער אבן עזרא דאך געווען בלויז א קינד פון זיין צייט.

* * *

אין זיין עטהיק איז ער אויך ניט אריגינעל. דער מענש איז אן „עולם קטן“. ער האט דריי נשמות; די נשמה פון צמחים, וואס האט צו טהאן מיט וואקסען; די נשמה פון בעלי חיים, וואס האט צו טאן מיט בעוועגונג און די ריין־מענשליכע נשמה, וואס האט צו טאן מיט'ן שכל, און וועלכע שטאמט פון דער אויבערשטער וועלט. די אויפגאבע פון דעם מענשען איז צו זעהן, אז זיין שכל'דיגע נשמה זאל בעהערשען זיינע פערלאנגען, וואס שטאמען פון די אנדערע נשמות. דעם דאזיגען געדאנק האבען מיר שוין אנגעטראפען ביי אנדערע אידישע דענקער פון יענער צייט. ער שטאמט אב פון פלאטא און זיינע תלמידים.

## XII.

אברהם אבן־דאוד ליידט א מארטירער־טויט. — זיין ספר איבער אסטראנאמיע. — זיין „סדר הקבלה" איבער אידישע היסטאריע. — אבן־דאוד דער ערשטער אריסטאטעליאנער אין דער אידישער ליטעראטור. — זיין ספר „אמונה רמה" איבער פילאזאפיע. — וויא ער בעווייזט דיא עקזיסטענץ פון גאט. — זיין מיינונג וועגען גוט און שלעכט און וועגען פרייען ווילען.

---

אברהם אבן־דאוד (בעקאַנט אונטער דעם נאָמען „דער ערסטער ראב"ד) איז איינער פון די לעצטע גדולים אין „דער גאָלדענער עפּאָכע פון דער אידיש־שפּאַני־שער קולטור".

פון זיין לעבען איז אונז גאַנץ ווייניג בעקאַנט. ער איז געבאָרען געוואָרען אין טאָלעדאָ, שפּאַניען, אין יאָהר 1110 און איז געשטאָרבען אַ טוידט פון אַ מאַרטירער אין יאָהר 1180. וועהרענד פיעלע פון זיינע צייט גענאָסען האָבען ניט געקענט ביישטעהן דעם נסיון און האָבען לפנים וועגען אָנגענומען דעם מאהאמעדאַניזם, האָט דער גדייז־גרויער אבן־דאוד זיך ענטזאָגט צו פעררעטהען זיין פאָלק און זיין גאָט. ער האָט ניט געוואָלט און ניט געקענט פאַרמאַסקירען זיין אידישקייט, און ער האָט זיך געלאָזט הינ־ריכטען אויף קדוש השם אין עלטער פון זיעבציג יאָהר.

פון בערוף אַ דאָקטאָר, וועלכער האָט געהאָט אַ הויכע מיינונג פון זיין פּראָפעסיע, איז ער דערצו געווען אַ גרויסער

תלמודיסט און א בעדייטענדער וויסענשאפטס־מאן בכלל. ער האט געשריעבען א ווערק איבער אסטראנאמיע, וועלכע ווערט דערמאנט פון שפעטערע שרייבער אבער וועלכע איז פארלא־רען געגאנגען. אם בעסטען איז ער בעקאנט אלס היסטארי־קער און פילאזאף.

איבער היסטאריע האט ער אנגעשריעבען זיין „סדר הקבלה", וואו ער האט אין א כראנאלאגישען סדר איבערגע־געבען די נעמען פון די פארשטעהער פון דער טראדיציא־נעלער תורה פון דור צו דור, אנפאנגענדיג מיט דער ביבעל און ענדיגענדיג מיט זיין צייט. איהם צו פערדאנקען ווייסען מיר עטוואס וועגען די דונקעלע פעריאדע פון דער אידישער געשיכטע, די פעריאדע פון די „רבנן סבוראי" און די ערשטע „גאונים".

דעם ציעל וואס ער האט זיך געשטעלט אין דעם „סדר הקבלה" איז געווען צו בעקעמפפען די קאראאימען. די הויפט טענה פון די קאראאימען ביז היינטיגען טאג בעשטעהט אין דעם, אז די גאנצע „תורה שבעל פה" איז אן אויסגעטראכ־טע זאך פון די שפעטערע תלמודיסטען, אז די אידען האבען קיינמאל ניט געקראגען קיינע מינדליכע איבערליעפערונגען, און אז זיי, די דאזיגע איבערליפערונגען, זיינען בלויז א צו־טשעפענים צו דער תורה. אבן דאוד נעהמט זיך דארום אונטער צו בעווייזען, אז די אידישע טראדיציע איז זעהר אן אלטע, אז זי שטאמט דירעקט פון משה'ן, און אז זי איז איבערגעגעבען געווארען פון דור צו דור, פון רבי'ן צום תלמיד, ביז זיין צייט, ביז ר' יוסף אבן מיגאש.

* * *

אין זיין פילאזאפיע איז אבן דאוד דער ערשטער אריסטאטעליאנער אין דער אידישער ליטעראטור; ער איז דער ערשטער וואס האט געפרובירט פעראייניגען און האר־מאנירען אריסטאטעל'ס פילאזאפיע מיט דעם יודענ־טהום. איז דעם פרט קען ער מיט רעכט בעטראכט ווערען אלס דער רבי פון רמב"ם, כאטש עס איז ניט זיכער, אז דער

רמב"ם האָט געזעהן אבן־דאוד'ס פילאָזאָפישעס ווערק. מאַנכע פון די פריהערדיגע אידישע פילאָזאָפען האָבען אמת אויך געוואוסט פון די לעהרען פון אריסטאָטעלס'ען, ווי זיי זיינען אויסגעטייטשט געוואָרען דורך די אַראַבישע שרייבער. אָבער זיי זיינען ניט געווען אין גאַנצען קלאָהר ביי זיך וועגען דעם גרויסען אונטערשיעד וואָס עס געפינט זיך צווישען די לעהרען פון דעם רבין פּלאַטאָ און זיין תלמיד, וועלכער איז געוואָרען אַ רבי פאַר זיך — אריסטאָטעלס. דערפאַר האָט גאַנץ אָפט פּאַסירט, אַז זיי האָבען צונויפגעמישט געדאַנקען פון ביידען און געמאַכט דערפון איין גאַנצעס, גאָר ניט פיהלענדיג די סתירה צווישען זיי.

די אידישע פילאָזאָפען ביז זיין צייט זיינען הויפּטזעכליך געשטאַנען אונטער דעם איינפלוס פון פּלאַטאָ און זיינע תלמידים, און טהיילווייזע אויך אונטער דעם איינפלוס פון פּיטהאַגאָראַס און זיינע תלמידים. (דער איינפלוס פון לעצטען איז שטאַרק קענטיג אין דער „קבלה"). דער פּלאַטאָניזם און דער ניי־פּלאַטאָניזם איז בכלל שוין ניט געווען קיין נייעס אין דער אידישער ליטעראַטור. שוין ניט ריידענדיג דערפון, וואָס איינער פון די וויכטיגסטע ניי־פּלאַטאָניקער איז געווען „פילאָ דער איד", געפינען זיך צושפּרייט אין תלמוד און אין די מדרשים פיעלע פּלאַטאָנישע געדאַנקען. די פּלאַטאָנישע לעהרען, וועלכע ענטהאַלטען אין זיך אַזוי פיעל שעהנקייט און פּאָעזיע, האָבען בעסער געקענט אַפּעלירען צום מענשליכען הארצען און צו דער מענשליכער פּאַנטאַזיע, ווי די גאַנץ פּראָזאאישע, טרוקענע לעהרען פון אריסטאָטעלס'ען, וועלכע זיינען געווען ניט מעהר ווי אַ זאַך פון שכל. די ערשטע האָבען זיך דאַרום בעסער געפּאַסט פאַר אַ רעליגיאָנס־פילאָזאָפיע. די פּלאַטאָנישע לעהרען האָבען דאַרום ניט ארויסגערופען אַזאַ ביטערע געגנערשאַפט און קאַמפּף געגען זיך, ווי די אריסטאָטעלשע, ווי, לאָמיר זאָגען, דעם רמב"ם'ס „מורה נבוכים"... דאָ איז אויך כדאַי צו בעמערקען די אינטערעסאַנטע ערשיינונג, וואָס דוקא די דאָזיגע אידישע פילאָזאָפען, וועלכע זיינען אויך געווען פּאָעטען, זיינען געווען

מעהר אדער וועניג פלאטאניקער, וועהרענד די אריסטאטעליאנער, ווי אבן דאוד, דער רמב"ם און אנדערע האבען זעהר וועניג געהאלטען פון פאעזיע, און האבען זיך דערמיט ניט בעשעפטיגט.

פלאטא'ס לעהרען וועגען דער „אידעען־וועלט", וואס בעשטעהט אין דעם, אז די וועלט, וואס מיר בעגרייפען מיט אונזערע חושים איז בלויז א דונקעלע אפשפיעגלונג פון דער אמת'ער, ווירקליכער וועלט, וועלכע איז די וועלט פון „די אידעען", און וועלכע עקזיסטירט אין „עולם העליון"; זיין לעהרע וועגען דער מענשליכער נשמה, וואס עקזיסטירט נאך איידער דער מענש איז געבארען געווארען און איז א טהייל פון דעם „עולם העליון"; זיין לעהרע, אז אונזער אמת'ער וויסען, אונזער ריינע ערקענטניס, איז א מין ערינערונג דערפון, וואס אונזערע נשמות האבען געוואוסט אין זייער פריהערדיגער, פאר־ערדישער עקזיסטענץ, — דאס אלץ האט זיך בעסער צוגעפאסט צו דער רעליגיאן.

עס איז אמת, אויך אריסטאטעלס לייקענט ניט אפ די עקזיסטענץ פון אידעען; אויך ער מיינט, אז דער אמת'ער וויסען בעשטעהט פון אלגעמיינע אידעען און ניט בלויז פון איינצעלנע זאכען, אבער ביי איהם זיינען די אידעען בלויז אלגעמיינהייטען, כללים וואס קומען ארויס פון פרטים, אויב מען קען זיך אזוי אויסדריקען. ביי אריסטאטעלס'ען זיינען די אידעען ניט קיין וועזענס, זיי האבען ניט קיין ווירקליכע עקזיסטענץ, זיי זיינען ניט עטוואס רעאלעס. ווירקליך־עקזיסטירענדע זיינען סוף כל סוף נאר דאס, וואס מיר בעגרייפען מיט אונזערע חושים. די אידעען זיינען ניט קיין זעלבסט־עקזיסטירענדע וועזענס, נאר קינדער פון אונזער שכל: פון א סך פרטים מאכט דער שכל איין כלל, אבער דיעזער כלל האט ניט קיין בעזונדערע עקזיסטענץ. אין אנדערע ווערטער: די אידעען פון זאכען ליגען ניט אויסערהאלב די זאכען, האבען ניט קיינע בעזונדערע עקזיסטענצען, נור זיי ליגען אין די זאכען גופא. מיר קומען, למשל, צום בעגריף „מענש", סתם־מענש, ניט וועיל

ערגעץ־וואו עקזיסטירט די אידעע „מענש“ אויסערהאלב אונז, נור ווייל מיר האָבען ערפאהרונגען דורך אונזערע חושים וועגען איינצעלנע מענשען, וועגען ר א ו ב ן, ש מ ע ו ן, ח י י ם און ב ר ו ך, קומען מיר צום אלגעמיינעם בעגריף, צו דעם בעגריף פון דעם מ י ן, צו דער אידעע פון „מענש“, פון סתם־מענש.

דער חילוק צווישען די דאָזיגעביידע אויסטיימשונגען פון דער „אידעע“ האָט א גרויסע פּראקטישע בעדייטונג. אויב די „אידעע“ ליעגט אין די זאכען, דאן קען מען צו איהר קומען דורך דער ערפאהרונג, דורך אונזערע חושים, דורך׳ן זוכען און פאָרשען, דורך זאמלען אלץ מעהר און מעהר ערפאהרונ־גען. דאָס איז די וועג, וואָס פיהרט צו דער וויסענשאפט. אויב אבער די אידעען ליגען אויסערהאלב די זאכען, אויב זיי האָבען א ווירקליכע עקזיסטענץ ערגעץ אין דעם „עולם העליון“ און אונזער נשמה אדער שכל איז א טהייל פון יענעם עולם העליון, דאן קענען מיר צו זיי קומען נור דורך דעם פערטיעפען זיך אין זיך גופא, דורך התבודדות, דורכ׳ן בעהעפטען זיך מיט די אויבערשטע וועלטען. פאָרשען און זוכען זיינען דאן איב־ריג. דאָס איז די וועג פון פּאָעזיע, רעליגיאָנס־פילאָזאָפיע און מיסטיציזם.

א ר י ס ט א ט ע ל ס׳ לעהרען וועגען גאָט, וועגען דער אייביגקייט פון דעם אוניווערזום, זיינע לעהרען וועגען דער מענשליכער נשמה און אונ־שטערבליכקייט זיינען דערוויעדער דיא אידישע לעה־רען פון דער תורה. אלע אנשטריינגונגען פון די אידישע אריסטאָטעליאנער דאָס אויסצוגלייכען און צו הארמאָנירען, דיא געוואלדיגע חריפות וואָס זיי האָבען דערביי ארויסגע־וויעזען, האָט זיי ווייניג געהאָלפען. זיי האָבען אין געוויסע פּונקטען אָדער געמוזט פערוואָרפען אריסטאָטעלסען ענט־וועדער דיא תורה. און אזוי וויא זיי האָבען ביידע זאכען ניט געוואָלט און ניט געקאָנט זיינען ביידע, סאי דיא תורה, סאי אריסטאָטעלס ארויסגעקומען צוקריפּעלטע.

* * *

פון די אידישע פילאזאפען דערמאנט אבן־דאוד בלויז סעדיה גאון און שלמה אבן־גבירול. צום ערשטען בעציהט ער זיך מיט גרויס דרך ארץ, כאטש ער איז ניט מסכים מיט אלע זיינע מיינונגען. אבן־גבירול'ן דאגעגען בעקעמפפט ער כסדר, און אפט אין שארפע אויסדריקע. ער בעשולדיגט איהם, וואס ער האט אבגעגעבען א גאנצען ספר צו בעהאנדלען בלויז איין איינציגען פילאזאפישען ענין, וואס האט דערביי קיין ספעציעלע שייכות ניט מיט דער אידישער תורה. ער בעשול־דיגט איהם אויך, אז ער מאכט לאגישע סילאגיזמען און ער קימערט זיך ניט צו דיא „הנחות" זיינען אמת'ע. ער לאכט אויך פון זיינע פיעלע בעווייזע : ער זאגט וועגען דעם : „ער, אבן־גבירול, מיינט אז פיעלע ניט אמת'ע בע־ווייזע קענען פארנעהמען דעם פלאטץ פון איין אמת'ען בע־וויין" ער גיט אויך אנצוהערענים, אז אבן־גבירול'ס פילא־זאפיע איז געגען יודענטהום, זיא איז צו פאנטהעאיסטיש *).

אבן־דאוד איז ניט מסכים מיט אבן־גבירול'ס ערקלעהרונג וועגען דער מאטעריע. ער בע־שולדיגט אבן־גבירול'ען אין דעם, וואס לויט איהם קוממט אויס, אז דיא מאטעריע האט א ווירקליכע עקזיס־טענץ נאך איידער זיא קריעגט א פארם. אבן־דאוד מיינט, אז מאטעריע איידער זיא קריעגט א פארם האט בלויז א מעגליכע עקזיסטענץ. אלץ וואס האט א ווירקלי־כע עקזיסטענץ מוז בעשטעהן פון מאטעריע און פארם צוזא־מען. דיא ערד האט א ווירקליכע עקזיסטעץ, ווייל זיא האט

---

*) וגם כן עמדנו על ספר ר' שלמה בן גבירול ז"ל. כיון להועיל בו כונה אחת מהפלוסופיא, ולא ייחד בו האומה לבד, אבל הוא בענין ישתתפו בו כל מיני האנשים. ועם זה הביא רב דברים בענין אחד, ער שספרו אשר רמזנו עליו אשר קראו „מקור חיים" באולי אם יצטרף עניננו במצרף, יוכלו דברינו בפחות מעשירית הספר ההוא. ועוד שהוא התעסק לעשות הקשים, ולא נתחייב שתהיינה הקדמותיהם אמתיות, אך הספיק לפי דעתו, הקדמות מדומות בצורת הקש אמתו. אכן וחמריהם חמרים מסופקים, ולפי ששיער עצמו מאוז, הביא הרבה מופתים, בסבור שהמופתים הרבים הבלתי אמתים עומדים מקום מופת האחד האמתי.... ולא הייתי מגנה דבריו, לולא שדבר ־רה גדולה על האומה. ידעה מי שעמד על ספרו (אמונה רמה).

א פאָרם, דיא פארם פון ערד ; אזוי איז וואסער, אזוי איז לופט און אזוי איז פייער (דיא פיער עלעמענטען פון דער דאַמאָלסטדיגער כעמיע). מאַטעריע אליין, איידער זי האָט געקראָגען א פארם איז בלויז א מעג־ליכקייט און האָט נאָר א מעגליכע עקזיסטענץ. מאַטעריע איז אזוי צו זאָגען א שטיק מעגליכקייט. „מיר זעהען וויא פון דער ערד ווערט וואסער (?) פון וואסער ווערט לופט, פון לופט ווערט פייער, וואָס דאָס מיינט, אז איין עלעמענט געהט אריבער אין דעם אנדערען. מיר זעהן אלזאָ, אז דיא מאַטע־ריע איז אין דער מעגליכקייט אי ערד, אי וואסער, אי לופט און אי פייער. אליין האָט דיא מאַטעריע קיין פארם ניט, נאָר זיא קען אָננעהמען דיא אלע פארמען. דערפון דרינגען מיר ארויס, אז עס איז דאָ איין אלגעמיינע מאַטעריע, וואָס מיר רופען דיא אור־מאַטעריע („חומר הקדום“). און מיר גלויבען, אז גאָט האָט איהר בעשאפען צום ערשטען, אזוי וויא יעדער קינסטלער גרייט זיך אָן מיט דעם נויטהיגען מאַ־טעריאל“ (אמונה רמה).

אבן־דאוד'ס ערקלעהרונג פון דער מאַטעריע איז די אַריסטאָטעלשע. אָבער וועהרענד אַריסטאָטעלס בעהויפּ־טעט, אז דיא מאַטעריע איז פון אייביג, זאָגט אבן־דאוד : „מיר גלויבען אז גאָט האָט איהר בעשאַפען“, דאָס איז א ניט־געלונגענע פשרה מיט דער תורה. עס פרעגט זיך, צו וואָס האָט גאָט געדארפט בעשאפען די אור מאַטעריע ? ווארום האָט ער גלייך ניט בעשאפען דיא וועלט ? און אויב עס איז שווער אָנצונעהמען, אז דיא וועלט איז בעשאַפען גע־וואָרען פון גאָר נישט, טאָ וויא אזוי האָט ער בעשאַפען דיא „אור־מאַטעריע“ פון גאָר נישט ? דער אריינברייגען פון דער אור־מאַטעריע מאכט דיא פּראבלעמע ניט לייכטער. אבן־דאוד מערקט אפנים דיא שוועריגקייט, און ער זאָגט דארום אין אן אנדער פּלאַטץ אז דיא אור־מאַטעריע איז בלויז א לאָגישער בעגריף, אָבער ניט קיין רעאליטעט („הוא עצם מושכל לא נמצא“).

נאָכדעם וויא ער האָט בעהאַנדעלט דיא פראגע פון מאַטעריע ,נעהמט ער זיך צו דער פראגע וועגען בעוועגונג (אמונה רמה, פרק שלישי). בעוועגונג איז דער איבערגאנג פון מעגליכקייט אין ווירקליכקייט. קיין זאַך קען זיך אליין ניט בעוועגען, זיא מוז ווערען בעוועגט פון אַן אנדער זאַך. אלע ענדערונגען וואָס קומען פאר אין דער מאַטעריע, סאי אין צייט, סאי אין רוים (חלל), סאי אין קוואנטיטעט (כמות), סאי אין קוואליטעט („איכות") קומען פון דער בעוועגונג. דער מענש און דיא חיות בעוועגען זיך אויך ניט אליין ; זיי ווערען בעוועגט פון זייערע נשמות. קורץ, דער גאנצער פראצעס פון ווערען, פון זיין און פון אונטערגאנג, וואָס קומט פאָר אין דעם אוניווערזום, איז א רעזולטאַט פון דער בעוועגונג.

אין פיערטען קאפיטעל פון „אמונה רמה" נעהמט זיך א ב ן־ד א ו ד אונטער צו בעווייזען, אז „אונענדליכקייט כאי אין א קערפער, סאי אין א שטח, סאי אין א ליניע, סאי אין א צאָהל איז אַן אונמעגליכקייט אין דער ווירקליכקייט. ס'איז אויך אונמעגליך, אז קערפערס וואָס מוזען זיין ענדליך זאָלען בעזיטצען אַן אונענדליכע קראפט.

אָט וויא ער בעווייזט עס :

לאָמיר זיך פארשטעלען אז דיא ליניע א———————ב איז אונענדליך אין דער ריכטונג פון „ב". לאָמיר מאכען א צווייטע גלייכע ליניע: ג———————ד וועלכע איז
ה
אונענדליך אין דער ריכטונג פון „ד". לאָמיר פון דער ליניע ג ד" אָבשניידען א שטיקעל — „ג ה".

דיא ליניע „ה ד" איז אָדער גלייך צו „א ב" אָדער וועניגער פאר איהר.

אויב דיא איבערגעבליעבענע ליניע „ה ד" איז גלייך צו דער ליניע „א ב", און „ג ד" איז דאָך אויך גלייך צו „א ב", דאן וועט עס דאָך הייסען אז א טהייל („ה ד") איז גלייך צו דער גאנצע („ג ד"), וואָס דאָס איז אונמעגליך.

אויב „ה ד" איז ווענינגער וויא „א ב" און זיא איז פון דעסטוועגען אויך אונענדליך, וועט עס דאָך הייסען, אז עס איז דאָ א קלענערע און א גרעסערע אונענדליכקייט, וואָס דאָס איז ווידער אונמעגליך.

מיר מוזען אלזאָ זאָגען, אז די ליניע „ה ד" איז ענדליך. לאָמיר איצטער מאַכען א חבור פון דיאביידע ענדליכע לי־ניען „ג ה" און „ה ד." מיר וועלען דאמאָלסט קריגען דיא לי־ניע „ג ד", וועלכע מוז זיין ענדליך, ווייל זיא בעשטעהט פון ענדליכע טהיילען. די ליניע „ג ד" איז דאָך אָבער גלייך צו דער ליניע „א ב", פאלגליך מוז „א ב" אויך זיין ענדליך. עס איז אלזאָ ניטאָ קיין אונענדליכע ליניע.

און קוים קען ניט זיין קיין אונענדליכע ליניע, קען אויך ניט זיין קיין אונענדליכער שטח, ווארום א שטח איז דיא פער־שפּרייטונג פון א ליניע אין דער ברייט. און קען ניט זיין קיין אונענדליכער שטח, קען אויך ניט זיין קיין אונענדליכער קערפּער, ווייל א קערפּער איז דיא פערשפּרייטונג פון א שטח אין דער גרעב.

א צאָהל קען אויך ניט זיין אונענדליך. אונענדליך הייסט דורכאויס מיטען (אָהן אן אָנפאנג און אָהן אן ענדע), אָבער א צאָהל מוז דאָך האָבען אן אָנפאנג און אן ענדע.

אויף דעם זעלבען אופן ווערט בעוויזען, אז א קערפּער וואָס מוז דאך זיין ענדליך קען ניט האָבען קיין אונענדליכע קראפט:

לאָמיר זיך פארשטעלען, אז דער קערפּער א———ב

ג ד ה

בעזיצט אן אונענדליכע קראפט, און לאָמיר איהם צוטהיילען אויף דיא חלקים „ג ד ה". אויב יעדער חלק בעזונדער האָט אן אונענדליכע קראפט, וועט עס דאָך הייסען, אז א חלק האָט פּונקט אזוי פיעל קראפט וויא דאָס גאנצע, וואָס דאָס איז אן אוממעגליכקייט. אויב יעדער חלק האָט אָבער אן ענדליכע קראפט, דאן מוז אויך „א ב" האָבען אן ענדליכע קראפט,

וואָרום פון ענדליכקייטען קען ניט ווערען קיין אונענדליכ־
קייט.

אויפ'ן גרונד פון דיעזע פּרינציפּען בעווייזט א ב ן־
ד א ו ד דיא עקזיסטענץ פון גאָט. יעדער בעוועגטער קער־
פּער מוז האָבען אַ בעוועגער. דער ערשטער ווערט בעוועגט
פון צווייטען, דער צווייטער פון דריטען, דער דריטער פון
פיערטען ביז דער אונענדליכקייט. אָבער אַן אונענדליכער
צאָהל פון בעוועגענדע און בעוועגטע קערפּערס איז דאָך אונ־
מעגליך. מיר מוזען אַלזאָ אין אונזער שכל ענדליך קומען צום
ערשטען בעוועגער, וועלכער געפינט זיך אליין אין רוהיגקייט,
וואָרום אויב ער ווערט בעוועגט פון אַן אנדערען איז ער דאָך
ניט דער ערשטער. דער דאָזיגער ערשטער אונבעוועגטער בע־
וועגער, וואָס איז דער מקור פון אַלע בעוועגונגען, איז גאָט.

דער ערשטער בעוועגער מוז זיין אונקערפּערליך, ווייל ווי
מיר האָבען אויבען געזעהן מוז יעדער קערפּער זיין ענדליך
און אַ קערפּער וואָס איז ענדליך קען ניט בעזיטצען קיין אונ־
ענדליכע קראַפט.

ביי אריסטאָטעלס'ען, וועלכער גלויבט אין דער אייביג־
קייט פון דער וועלט און אין דער אייביגקייט פון דער בעווע־
גונג איז דער דאָזיגער בעוויז אַ שטארקער. דיא אונענדליכע
קראַפט פון בעוועגונג קען ניט ארויסקומען פון אַ קערפּער,
וואָס מוז לויט זיין נאַטור זיין ענדליך. א ב ן ־ ד א ו ד
גלויבט אָבער, אַז דיא וועלט איז בעשאַפען געוואָרען, וואָס
דאָס מיינט, אַז דיא בעוועגונג איז ניט אייביג, זיא האָט אַן
אנפאַנג און איז דאָרום ניט אונענדליך. דער גאנצער ארגו־
מענט פערליערט זיין ווערטה. אבן־דאוד פיהלט אפנים דיא
שוואַכקייט פון זיין ארגומענטאַציע און ער ברענגט דאָרטען
אנדערע בעווייזע וועגען דער עקזיסטענץ פון גאָט, געבאָרגט
פון די אראבישע פילאָזאָפען. וועלכע זיינען אָבער שוין ניט
קיין אריסטאָטעלישע.

דער הויפּט חסרון פון דיא אַלע בעווייזע בעשטעהט
אָבער סוף כל סוף אין דעם, וואָס זיי בעווייזען בלויז, אַז עס

איז דאָ א ערסטע סבה, אָבער בשום אופן ניט, אז עס איז דאָ א בעוואוסטזיניגער שעפּפער. ר׳ יהודה הלוי׳ס טענה, אז דער גאָט פון דיא פילאָזאָפען איז בלויז דיא ער־שטע סבה אָבער ניט קיין גאָט, איז א גאנץ בערעכטיגטע.

אבן־דאוד האָט אויך שוועריגקייטען, ווען ער קומט צו דער פראגע פון דער מענשליכער נשמה. וואָס איז אזעלכע דיא נשמה? ער בעקעמפּפט דיא מיינונג פון היפּאקראטוס און גאלען, וועלכע בעהויפּטען אז דיא נשמה איז בלויז אן ערשיינונג פון דעם קערפּער, דער פועל־יוצא פון דיא פערשיעדענע לעבענס־טעהטיגקייטען. דאָס וואָלט מיינען, אז מיט דעם טוידט פון דעם גוף פער־שווינדט אויך דיא נשמה; דאָס וואָלט מיינען, אז ניט נאָר איז ניטאָ קיין אונשטערבליכקייט, נאָר אז דיא נשמה האָט בכלל ניט קיין זעלבסטשטענדיגע עקזיסטענץ, אז זיא איז בלויז א „צופאל“ (מקרה) פון גוף.

אויך דאָ מאַכט אבן־דאוד א פשרה. דיא נשמה איז ניט קיין צופאל (מקרה) פון גוף, נאָר זיא איז א זעלבסט־שטענדיגער וועזען (עצם). זיא האָט אָבער ניט עקזיסטירט איידער זיא איז אריין אין גוף, וויא דאָס האָבען געלערנט פּלאטא און זיינע תלמידים. דיא נשמה איז א בעשאפע־נע און זיא ווערט בעשאפען צוזאמען מיט׳ן גוף. אלע נשמות האָבען אן אלגעמיינעם מקור, און יעדער גוף קריגט דיא נשמה וואָס עס פּאסט זיך פאר איהם. אין פערלויף פון לע־בען האלט דיא נשמה אין איין ענטוויקלען זיך, און וואָס מעהר דער מענש זוכט, פאָרשט און גריבעלט זיך אין הויכע ענינים, אלץ א העכערע מדרגה דערגרייכט דיא נשמה זיינע. דיא נשמה מוז האָבען דעם גוף, וויייל נאָר דורך איהם, דורך די חושים און ערפאהרונגען, קען זיא דערגרייכען דיא דאָזיגע הויכע מדרגה, וואָס גיט איהר דיא מעגליכקייט צו פעראייני־גען זיך מיט דעם „שכל הפועל“ און געווינען אונשטערבליכ־קייט. דיא נשמה ווערט אלזאָ בעשאפען צוזאמען מיט׳ן גוף אָבער זיא איז אונשטערבליך.

ער פערבערייטעט זיך דארטען צו בעווייזען, אז דיא נשמה קען ניט האבען קיין אינדיווידועלע עקזיסטענץ איידער זיא קומט אריין אין גוף. זיא קען ניט האבען קיינע אייגענשאפטען מיט וועלכע זיא זאל זיך אונטערשיידען פון אן אנדער נשמה, ווייל א נשמה איז לויט איהר נאטור נאך אן איינפאכער וועזען. ער פערגעסט אבער, אז דיעזער ארגומענט איז אויך גילטיג אויף דער נשמה נאכ'ן טוידט. אויב זיא האט ניט געקענט האבען קיינע אינדיווידועלע אייגענשאפטען פריהער, טא וויא אזוי קען זיא זיי קריגען שפעטער? און אויב זיא קען זיי ניט קריגען, קען דאך די נשמה ניט האבען קיין אינדיווידועלע אונשטערבליכקייט, וויא דאס יודענטהום און אלע רעליגיאנען פערשפרעכען. דיא פראגע בלייבט; האט דער מענש אן אינדיווידועלע אונשטערבליכקייט? דיא דאזיגע פראגע בלייבט אונפערענטפערט סאי ביי אבן־דאוד און סאי ביים רמב"ם. דאס איז איינע פון די הויפט אורזאכען, וואס האבען ארויסגערופען דעם קריעג געגען רמב"ם און געגען דעם אריסטאטעליאניזם בכלל.

דאן בעהאנדעלט ער דיא פראגע פון גאט'ס אטריבוטען און קומט צום געדאנק, וועלכער איז אונז שוין בעקאנט, אז וועגען גאט קענען מיר בלויז ריידען וואס ער איז ניט; מיר קענען אבער ניט וויסען זיין פאזיטיווע זייט, וואס ער איז יע. אלע אויסדריקע פון דער ביבעל, וואס ריידען פון גאט אלס א קערפערליכען וועזען אדער א וועזען מיט אייגענשאפטען, מוזען פערשטאנען ווערען אלס משל.

* * *

אבן־דאוד איז פונקט דער היפוך פון ר' יהודה הלוי, כאטש זיי זיינען געבוירען געווארען אין דער זעלבער שטאדט און כמעט אין דער זעלבער צייט. אבן־דאוד גלויבט, אז עס איז דיא פליכט פון יעדען מענשען זיך צו בעשעפטיגען מיט דער פילאזאפיע. ער מיינט, אז דיא תורה

גופא הייסט זיך אָבגעבען דערמיט. דער ציעל פון פילאָזאָפיע איז גוטע מדות.

● זיין ספר „אמונה רמה“ האָט אבן־דאוד געשריעבען אין יאָהר 1168 אויף אראביש. עס געפינען זיך צוויי איבערזעצונגען אין העברעאיש. דער בוך איז געשריעבען אין א קלאָהרע, איינפאכע שפראך, אָהן מליצות און אָהן משלים, וויא א לעהר־בוך וועגען פילאָזאָפיע דארף געשריעבען ווערען. זיינע בעווייזע זיינען קלאָהר און צום פונקט, אין אזוי וועניג ווערמער וויא מעגליך. אין דיא ערשטע קאפּיטלען בעשעפטיגט ער זיך מיט דער אריסטאָטעלשער פיזיק און מעטאפיזיק. נאָך יעדען קאפּיטעל געפינט זיך אזוי וויא אן אנמערקונג, וואו ער ברייגנט ראיות אויף זיינע לעהרען פון תנ״ך און תלמוד. אין דיא שפּעטערע קאפּיטלען בעהאנדעלט ער דיא פראגען פון גוט און שלעכט, פון פאראויסבעשטימונג און פרייען ווילען, די פראגע פון נבואה, דיא אונפערענדערבארקייט פון דער תורה און אנדערע רעליגיעזע פראגען.

קיינע נייע געדאנקען זאָגט ער וועגען דעם ניט ארויס. וועגען דער פראגע פון גוט און שלעכט האלט ער זיך אן דיא מיינונג פון ס ע ד י ה ג א ו ן, אז אלץ וואָס עס עקזיסטירט איז גוט. שלעכט איז בלויז דיא אבוועזענהייט פון גוט. ווען מיר בעטראכטען זאכען פון אונזער שטאנדפונקט, פון דעם שטאנדפונקט וואָס איז ניצליך פאַר אונז, געפינט זיך שלעכטס. בעטראכט מען אָבער דיא זאכען פון דעם שטאנדפונקט פון דער גאנצער שעפּפונג איז ניטאָ קיין שלעכטס. יעדער זאך האָט זיך זיין פּלאטץ. אלץ אין איינעם איז א לאנגע קייט פון רינגעלעך, וועלכע פאנגט זיך אָן אונטען אין רייִנער מעגליכקייט אָהן שום ווירקליכקייט, אין דער מאטעריע, און ענדיגט זיך אויבען אין דער ריינסטער ווירקליכקייט. וואָס איז גאָט. דאָס איז דער פלאן פון דער שעפּפונג. ווען אלץ וואָלט געווען ריינע ווירקליכקייט, וואָלט דאָך ניט געווען קיין וועלט מיט די אלע פערשיעדענע מדרגות: עס וואָלט געווען בלויז גאָט.

דער מענש האָט א פרייען ווילען. דאָס וואָס גאָט וויים נים פון פאָראויס וויא אזוי דער מענש וועט אויסקלייבען צו האנדלען אין א געוויסען פאל, קען בשום אופן נים דיענען אלס א בעווייז נעגען גאָט'ס אל־וויסען, ווייל גאָט האָט לכתחילה און מיט א כונה בעשאפען דעם מענשען, אז ער זאָל האָבען א פרייע בחירה.

דער „אמונה רמה" האָט געמאכט א וועג פאר דעם רמב"ם'ס „מורה נבוכים". מען קען כמעט זאגען, אז דער לעצ־טער איז א פערבעסערטער און א פערגרעסערטער „אמונה רמה".

## XIII.

דעם רמב"ם'ס יוגענד. — זיין וואנדער־לעבען. — האט דעם רמב"ם'ס פאמיליע אנגענומען דעם מאהאמעדאניזם? — רבי מימון און זיין פאמיליע אנטלויפט פון צפון אפריקא אין ארץ ישראל. — דער רמב"ם בעזעצט זיך אין עגיפטען. — דעם רמב"ם'ס „מאמר קדוש השם". — דיא אידען־פערפאלגונגען אין תימן. — דער פאלשער משיח דוד אל־ראי. — דעם רמב"ם'ס „אגרת תימן".

---

רבי משה בן מימון, בעססער בעקאנט אלס „דער רמב"ם", איז געבאָרען געוואָרען אין קארדאווא, שפאניען, אין דעם יאָהר 1135 און איז געשטאָרבען אין קאירא, עגיפטען, אין יאָהר 1204.

דיא לעגענדע דערצעהלט, אז ביז דעם צוואנציגסטען יאָהר פון זיין לעבען איז דער רמב"ם געוועזען א גרויסער פראסטאק. דאָס האָט זיין פאָטער, וועלכער איז אליין געוועזען א גרויסער תלמודיסט און געלעהרטער, זעהר שטארק גע־קריינקט און ער האָט דעם זוהן פון זיך פערטריעבען. דאן האָט זיך דער רמב"ם גענומען צום לערנען און צום שטודי־רען און איז אין פערלויף פון עטליכע יאָהר אויסגעוואקסען איינער פון דיא פעהיגסטע און גרעסטע מענער פון זיין צייט. עס פערשטעהט זיך, אז דיא דאָזיגע לעגענדע ענטהאלט אין זיך ניט קיין איינציגען קערענדעל פון אמת. דיא פאלקס־פאנטאזיע האָט ליעב צו מאָהלען איהרע העלדען אין העלערע פארבען, און דיא גרויסקייט פון רמב"ם ווערט נאָך גרעסער־

דערמיט, וואָס ער ווערט פארגעשטעלט אלס עם־הארץ אין זיינע יונגע יאָהרען. אזוי האָט אויך דיא פאָלקס־פאנטאזיע געמאָהלען דעם גרויסען תנא ר׳ ע ק י ב א אלס עם־הארץ און ווילדער פיינד פון געלעהרטע, און דאָס זעלבע האָט פאסירט מיט׳ן „בעל־שם־טוב“ און אנדערע אידישע גדולים.

זיין ערשטער רבי אין אידישע למודים און אין די וויםענשאפטען איז וואהרשיינליך געוועזען זיין פאָטער אליין, וועלכער, ווייזט אויס, איז געוועזען א דין אין ק א ר ד א ו ו א. ווען דער רמב״ם איז געוועזען א אינגעל פון דרייצעהן יאָהר איז ק א ר ד א ו ו א געפאלען אין דיא הענד פון דיא פאנאטישע אלמאָהאדען. צווישען דיא אידען, וואָס זיינען געצוואונגען געוואָרען צו פערלאָזען דיא שטאָדט אָדער אַנצונעהמען דעם מאהאמעדאנישען גלויבען לפנים וועגען, האָט זיך אויך געפונען דעם רמבם׳ם פאָטער, רבי מימון און זיין פאמיליע.

מאנכע היסטאָריקער זיינען מיט דער מיינונג, אז ר ב י מ י מ ו ן האָט פאר א קורצער צייט אויסגעקליעבען דאָס לעצטע, אנערקענענדיג דעם מאהעמעדאניזם בפרהסיא און אבהיטענדיג דיא אידישע רעליגיאָן אין דער שטיל. פיעלע אנדערע אנגעזעהענע אידען האָבען געטהאָן דאָס זעלבע. ניט וועלענדיג אָדער ניט קענענדיג פערלאָזען זייער היים, זייער האָב און גוטס, האָבען זיי בעסער אויסגעקליעבען דעם צוויי־פנים׳דיגען לעבען פון די אנוסים איידער דעם טוידט אָדער דעם גלות. דאָס שפאנישע יודענטהום האָט ניט געקענט בייםטעהן דעם נסיון. דיא אידען פון ד י י ט ש ל א נ ד, פ ר א נ ק ר י י ך און ע נ ג ל א נ ד אין יענער צייט האָבען זיך געלאָזען היגריכטען אין דיא הונדערטער און אין די טויזענדער אויף קדוש השם, גאָר ניט פרעגענדיג קיין שאלות און ניט זוכענדיג קיין היתרים וויא זיך דערפון ארויסצודרעהען. דיא דייטשע און פראנצויזישע אידען אין זייער נאאיווען גלויבען, אין זייער טיעפער איבערצייגונג, אין זייער איבערגעבענהייט צום אידישען פאָלק זיינען געוועזען א בעסערער מאַטעריאל פאר „קדושים“ און מארטירער, וויא דיא

שפאנישע אידען מיט זייער בילדונג און קולטור... ביי דיא שפאנישע אידען האבען זיך זאגאר געפונען געוויסע רבנים, וואס האבען אזא שריט גערעכטפערטיגט. זייער טענה איז געווען, אז „כל זמן מען צווינגט ניט דיא אידען עובר צו זיין אויף דיא מצוות פון דער תורה, כל זמן מען צווינגט זיי ניט צו דיענען פרעמדע געטער, כל זמן מען פאדערט פון זיי בלויז, אז זיי זאלען נאר מיט דיא ל י פ ע ן אנערקענען דיא נביאות פון מ א ה א מ ע ד, זיינען דיא אידען ניט מחויב זיך מוסר נפש צו זיין". לויט זיי קומט אויס, אז פאר דיא קלענסטע עברה דארף זיך א איד יע לאזען מוסר נפש זיין, ווערענד ער איז עס ניט מחויב צו טהאן, ווען עס פאדערט זיך „בלויז" דיא אנערקענונג פון מאהאמעד'ס נביאות. אינ־טערעסאנט איז, וואס זאגאר דער רמב"ם דריקט אויס דיא זעלבע מיינונג.... אין זיין „מאמר קדוש ה'", וועלכען ער האט געשריעבען מיט צוועלף יאהר שפעטער אין עלטער פון פינף און צוואנציג יאהר געפינט זיך פאלגענדע שטעלע : „און די עצה, וואס איך גיב זיך, מיינע פריינד און אלע די וואס פרע־גען ביי מיר אן עצה, איז : צו פערלאזען יענע פלעצער און געהן דארטען, וואו מען קען אבהיטען דיא תורה אהן מורא. און זאל קיינער זיך ניט אבהאלטען צוליעב זיין האב און גוטס, ווייל דיא רעליגיאן איז דיא וויכטיגסטע זאך אין דער וועלט. און יעדער, וואס קען ניט פערלאזען זיין פלאטץ צו־ליעב זיינע רייכטהימער אדער צוליעב דיא מורא פאר דער רייזע איבער דיא ימים, דארף זיך בעטראכטען אזוי וויא ער וואלט פארשוועכען גאט'ס נאמען כמעט מיט'ן אייגענעם ווי־לען.... דאס איז אלץ געזאגט, ו ו ע ן ע ר ו ו ע ר ט נ י ט ג ע צ ו ו א ו נ ג ע ן צ ו ט ה א ן א ן ע ב ר ה, א ב ע ר ו ו ע ן מ ע ן צ ו ו י נ ג ט א י ה ם ע ו ב ר צ ו ז י י ן א פ י ל ו א ו י ף א י י ן מ צ ו ה, ד א ז ט א ר ע ר ד א ר ט ע ן נ י ט ב ל י י ב ע ן". פון זיינע ווערטער : „און דיא עצה וואס איך גיב זיך" און פון מאנכע אנדערע אויסדריקע אין דעם זעלבען „מאמר־קדוש־

השם“, קען מען ארויסדרינגען, אז ער האָט טאקע ז י ך ג ו פ א געגעבען דיא דאָזיגע עצה...

אַלס א פערטהיידיגונג פאר דיא שפּאנישע אידען פון יענער צייט קען פיעלייכט דיענען דער פאקט, וואָס דער מאַהאמעדאניזם האָט ניט ארויסגערופען געגען זיך ביי דיא אידען אזא ווידערווילען וויא דער קריסטענטהום. דיא סתירה צווישען דעם יודענטהום און דעם מאהאמעדאניזם איז ווייט ניט אזוי שאַרף און אזוי בולט וויא צווישען דעם יודענטהום און קריסטענטהום. דיא פאָלשטענדיגע און אבסאלוטע איינהייט פון גאָט איז דיא וויכטיגסטע און דיא הויפּט־דאגמא אין דער אידישער רעליגיאָן. פאר דעם „שמע ישראל ה׳ אלוהנו ה׳ אחד“ זיינען די אידען געגאנגען דורך פייער און דורך וואסער; עס איז געווען ניט בלויז א רעליגיעזע דאגמא, נאָר עס איז אויך געוואָרען א נ א צ י אָ נ א ל ע ר קאמפּפס־רוף. דיא מאהאמעדאנישע אמונה פרעדיגט די זעלבע אמונה, איהר מאנאטהעאיזם איז ניט וועניגער ריין וויא דער אידישער. מ א ה א מ ע ד איז בלויז א נביא, ניט קיין זוהן, ניט קיין וויצע־גאָט, ניט קיין צווייטער גאָט. „אללאה איז אללאה און מאהאָמעד איז זיין נביא“, דאָס איז דער הויפּט יסוד פון דער מאהאָמעדאנישער תורה. דער רמב״ם זאָגט טאַקע דארום אז „דיא מאהאמעדאנער גלויבען אין אן איינציגען גאָט וויא געהעריג איז“ (אלו הישמעאלים אינם עובדי ע״ז כלל, וכבר נכרתה מפיהם ומלבם, והם מיחדים את ה׳ יחוד כראוי). דאָס יודענטהום האָט בלויז אויסצוזעטצען געגען דער צווייטער העלפט פון פסוק, אז „מאהאמעד איז זיין נביא“; ער קען אָבער גאָר ניט אויסזעטצען געגען דער ערשטער העלפט, אז „גאָט איז גאָט“. גאנץ אַנדערש איז עס אָבער דער פאַל מיט דעם קריסטענטהום. דיא דייטשע און דיא פראנצויזיש אידען האָבען געמוזט, אום צו אנערקענען דעם קריסטענטהום, פערלייקענען דעם הויפּט־יסוד פון זייער אמונה, פערלייקענען דיא איינהייט פון גאָט, און זיי האָבען זיך בעסער געלאָזט הינריכטען. דיא אלע פילאָזאָפישע דריידלעך,

וואָס בעוויייזען, אז דריי איז איינס און איינס איז דריי, קען אפשר זיין גוט פאר פילאָזאָפישע מיסטיקער, אָבער ניט פאר דעם געזונדען, פשוט׳ען פערשטאנד פון גרויסען עולם. אי־בעריגענס, דער גרויסער פשוט׳ער קריסטליכער עולם האָט דאמאָלסט, און טהיילווייז אויך נאָך איצטער, געגלויבט אין דריי וואָס איז דריי און ניט אין דריי וואָס איז איינס....

דערצו דאַרף מען ניט פארגעסען, אז דיא מאהאמעדאַ־נער זיינען נאָך דאמאָלסט ניט געווען אזוי „קלוג“ וויא דיא קריסטען איינצופיהרען אן אינקוויזיציע און א געהיים־פאָליציי, וואָס זאָל אכטונג געבען אויף די נייע „בעקעהרטע“ און פערביטערען דעם לעבען פון די אונגליקליכע „אנוסים“ מיט שפּיאָנעריי און מסירות. זיי האָבען זיך ווייניג געקימערט וועגען דעם פּריוואַט לעבען פון די אנוסים. די געהיימע אידישע קהילות האָבען ניט בלויז געעקנט אבהיטען די אידישע רעליגיאָן אין אלע איהרע איינצעלהייטען, נאָר זיי האָבען אפילו געהאט געהיימע ישיבות, וואו עס איז גאַנץ אָפען פלייסיג געשטודירט געוואָרען די תורה און דער תלמוד.

סאָי ווי סאָי, דער דאָזיגער פערמאסקירטער לעבען האָט דערעסען רבי מימון. ער האָט פערלאָזען קארדאווא און האָט געזוכט זיך צו בעזעצען ערגער־אנדערשוואו, וואו ער זאָל קענען פריי און אָפען אבהיטען די אידישע תורה. ווי עס ווייזט אויס איז דאמאלס געווען א שווערע אויפגאַבען צו געפינען אזא פּלאַץ, און מימון מיט זיין פאמיליע האָבען געמוזט פיהרען א וואַנדער־לעבען, אויפהאַלטענדיג זיך א קירצערע אָדער לענגערע צייט אין פערשיעדענע שטעדט אין שפאַניען. אזוי שנעל ווי מען האָט איהם אין זיין נייען וואָהן־פּלאַץ געכומען חושד זיין אין אידישקייט און ער האָט אָנ־געפאַנגען זיך צו פיהלען אונזיכער, פלעגט ער פערלאָזען די שטאָדט און זיך בעזעצען אנדערש־וואו. אזוי האָט ער ארומ־געוואַנדערט פון צעהן ביז צוועלף יאָהר.

אין יאָהר 1160 האָט ער אין גאַנצען פערלאָזען שפאַניען און געקומען אין פעז, צפון אפריקא, האָפענדיג אז דאָרטען,

וואו ער איז ניט בעקאַנט, וועט ער קענען רוהיג לעבען אלס א פערשטעלטער מוסעלמאַן. זיין האָפנונג איז אָבער געווען א פאַלשע. די לאגע פון די אידען אין פעץ איז געווען ערגער ווי אין קאָרדאָווע. פעץ איז אויך געווען אונטער דער הערשאַפט פון די אַלמאָהאדען, וועלכע זיינען אָבער געווען שטרענגער געגען די אנוסים ווי די אלמאָהאדען אין שפּאַניען. א היבשער טהייל פון דעם אידישען פּראָסטען עולם האָט זיך ביסלעכווייז איינגעוועהנט צו זיין נייעם אַרט לעבען. זיי זיינען פערמאַטערט געוואָרען פון די צרות און רדיפות און האָבען באמת אָנגעפאנגען צו גלויבען אין די נביאות פון מאהאָמעד. זיי האָבען אָנגעפאנגען צו גלויבען, אז „גאָט האָט פערלאָזען זיין פאָלק און האָט זיך אויסגעקליבען אן אנדער אומה". צו שטאַרקען און צו טרויסטען די דאָזיגע שטרויכלענדע און שוואַכע, האָט דעם רמב"ם'ס פאָטער אָנגעשריעבען א „טרויסט־בריעף", אין וועלכען ער מונטערט זיי אויף, אז זיי זאָלען ניט פערליערען די האָפנונג און זיך האַלטען אָן דער אידישער תורה: „מיר זיינען אין גלות, ווי איינער וואָס טרינקט זיך אין ים... די שטריק פון דער תורה און די מצוות איז צוגעבונדען צום הימעל... ווער עס האַלט זיך אָן דער שטריק קען האָפען ניצול צו ווערען. ווער עס האַלט זיך אָן דער שטריק פעסט מיט אַלע זיינע כוחות האָט מעהר האָפנונג ווי יענער וואָס האַלט זיך ניט אַזוי פעסט. דער וואָס האַלט זיך אָן איהר אפילו מיט די שפּיצען פינגער האָט אַלץ מעהר האָפנונג ווי דער, וואָס האָט איהר אין גאַנצען ארויסגעלאָזען פון זיינע הענד".

עס האָבען זיך אָבער געפונען מוסרים, וואָס האָבען געלאָזט וויסען די אַלמאָהאדען, אז די אידען האַלטען זיך אין דער שטיל אָן זייער אייגענער תורה און אז אין דעם זיינען שולדיג ר' יהודה הכהן אבן־ששון, דער ראש־ישיבה פון פעץ, ביי וועמען דער רמב"ם האָט געלערנט תלמוד, און די פאַמיליע מימון. יהודה אבן־ששון איז הינגעריכטעט געוואָרען, און עס האָט געהאַלטען דערביי, אז די גאַנצע פאַמיליע מימון זאָל האָבען דעם זעלבען פּסק. א מאהאָמעדאַ־

נישער פּאָעט און פילאָזאָף אבן־מו־וואשא, וועלכער איז געווען בעפריינדעט מיט'ן רמב'ם, האָט אויף איהם עדות געזאָגט, אז ער איז א כשר'ער מוסולמען און האָט איהם אויף אזא אופן געראַטעוועט פון טויט.

לאנג זיך אויפהאלטען אין פעז איז געוואָרען אונמעגליך. אין יאהר 1165 האָבען זיי פערלאָזען פעז צו פאָהרען נאָך ארץ ישראל. זיי זיינען אָנגעקומען אין עכו, וואו זיי האָבען זיך אויפגעהאלטען א קורצע צייט. זיי האָבען אויך בעזוכט ירושלים און אנדערע הייליגע שטעדט. ירושלים איז דאמאלס געווען אין קריסטליכע הענד, און די לאגע פון די ווייניגע אידען, וואָס האָבען זיך דאָרטען געפונען, איז געווען ווייט פון צו זיין גוט. דעם רמב"ם'ס פאטער, רבי מימון, איז געבליבען אין ארץ ישראל, וועהרענד ער, זיין ברודער דוד און זיין פאמיליע האָבען בעשלאָסען זיך צו בעזעצען אין עגיפּטען. א קורצע צייט האָבען זיי זיך אויפגעהאלטען איז אלעקסאנדריע. פון דאָרטען זיינען זיי אריבער אין קאירא.

אָנקומענדיג אין מצרים איז דער רמב"ם געווען א יונגער מאַן פון קרוב איין און דרייסיג יאהר. די אלע צרות וואָס ער האָט געהאַט אויסצושטעהן די גאַנצע צייט דעם לעבען פון א וואנדערער, וואָס ער איז געצוואונגען געווען צו פיהרען, האָבען איהם ווייניג געשטערט אין זיין לערנען און שטודירען. ער איז שוין אין יענער צייט געווען איינער פון די גרעסטע תלמודיסטען, פון די בעסטע וויסענשאפטס־מענער און פון די טיעפסטע פילאָזאָפען פון זיין צייט. פון די ספרים, וואָס ער האָט אָנגעשריעבען נאָך גאָר אין זיינע יונגע יאהרען, קען מען שוין ארויסזעהן דעם שפּעטערען אונשטערבליכען רמב"ם. עס איז ווירקליך א וואונדער ווי אזוי אזא יונגער מענש, לעבענדיג אונטער אזעלכע שלעכטע אומשטענדען, האָט זיך געקענט ערווערבען אזא אלזייטיגען און אזא גרונטאָוונעם וויסען.

די ערשטע צייט פון זיין אויפהאלט אין עגיפּטען, האָט

דער רמב"ם אויך ניט געפונען דיא געזוכטע רוה. דיא צרות זיינע זיינען געקומען איינע נאָך די אנדערע. פריהער איז געשטאָרבען דער פאָטער און שפּעטער איז זיין ברודער, דוד מימון, וועלכער איז געווען אַ סוחר פון ציערונג און די איינציגע שטיצע פון דער פאַמיליע, דערטרונקען געוואָרען אויף אַ שיפס־ברוך אין אינדישען אָקעאַן. ניט נאָר האָט דער רמב"ם אין איהם פערלאָרען אַ גוטען, געטרייען ברודער, וועלכער האָט איהם געגעבען די מעגליכקייט רוהיג צו לערנען און צו שטודירען, נאָר אויך זייער גאַנצער פערמעגען איז פערלאָרען געגאַנגען. אין איינעם פון זיינע בריעף צו אַ פריינד שרייבט דער רמב"ם וועגען דעם: „און דער לעצטער אונגליק וואָס איז אויף מיר געקומען איז דער גרעסטער וואָס האָט מיר געטראָפען זינט איך לעב. מיין ברודער, דער צדיק, איז דערטרונקען געוואָרען אין אינדישען אָקעאַן, און ער האָט ביי זיך געהאַט פיעל געלד, מיינע, זיינע און פרעמדע. און ער האָט געלאָזען אַ קליינע טאָכטער און זיין אלמנה ביי מיר. דער אונגליק האָט מיר אזוי שטאַרק געטראָפען, אז איך בין קראַנק געוואָרען אויף אַ גאַנצען יאהר. און נאָך איצטער ווען עס זיינען שוין אריבער פיעל יאָהרען, קען איך זיך ניט טרייסטען. און ווי קען איך זיך טרייסטען? איך האָב דאָך איהם אויפגעהאָדעוועט, ער איז געווען דער ברודער, דער תלמיד און דער פערדיענער. און איך פלעג זיצען רוהיג און לערנען..."

נאָכ'ן ברודער'ס טויט האָט דער רמב"ם געמוזט זוכען מיטלען זיך צו בעזאָרגען מיט חיונה. אזוי ווי ער האָט בשום אופן ניט געוואָלט נעהמען קיין געצאָהלט פאר רבנות, האָט ער בעשלאָסען אָנצופאַנגען צו פּראַקטיצירען מעדיציין, די וויסענשאַפט וועלכע ער האָט שוין פריהער געהאַט שטודירט, און ער האָט זיך געפונען געצוואונגען צו געבען לעקציעס איבער פילאָזאָפיע צו א צאָהל תלמידים. פון אָנפאַנג איז זיין פּראַקסיס געווען אַ קליינע, אבער באלד האָט ער זיך ערוואָרבען אַ זעהר גרויסען נאָמען אלס דאָקטאָר, ווי איינער פון די גרעסטע אין זיין צייט. אין פערלויף פון איינינע

יאהר איז ער געווארען דער לייב-ארצט פון ס א ל א ד י ן'ס וועזיר א ל פ א ד י ל; דורך דעם איז ער שפעטער אויך געווא־רען דער דאקטאר פון קעניגליכען הויף. לויט ווי אן אראבישער היסטאריקער דערצעהלט האט דער רמב"ם געקראגען אן איינלאדונג פון דעם ענגלישען קעניג ריטשארד דעם ערשטען צו ווערען זיין הויף־דאקטאר, אבער ער האט זיך ענטזאגט.

זיין נאמען און רעפוטאציע איז אלץ געוואקסען. ער ער איז געווארען בעריהמט ניט בלויז אלס דאקטאר, געלעהר־טער און פילאזאף, נאר אויך אלס א גרויסער אויטאריטעט אין תלמוד און אין „הלכה". שוין אין יאהר 1175 פלעגען די רבנים פון גאהענט און פון וויט זיך ווענדען צו איהם מיט אלערליי רעליגיעזע פראגען. און ניט בלויז איבער רעליגיעזע פראגען, נאר וואו עס פלעגט זיך ערגעץ מאכען א צרה אדער אן אונגליק, פלעגט מען זיך קעהרען צו רמב"ם.

נאך האבען ניט אין גאנצען אויפגעהערט די גזרות נעגען די אידען אין שפאניען און אין צפון־אפריקא, ווי עס האבען זיך אנגעפאנגען שרעקליכע גזרות נעגען די אידען פון ת י מ ן (יעמען). דער מאהאמעדאנישער הערשער פון תימן האט זיך א פנים פערקוקט אויף די אלמאהאדען און ער האט אויך גענומען דורכפיהרען די זעלבע גזרה פון שמד אויף די אידען, וואס געפינען זיך אין זיין מלוכה.

צעהנדליגע טויזענדער אידען פון תימן האבען זיך געפונען אין א שוידערליכע לאגע, ניט וויסענדיג וואס צו מהאן און ווי צו האנדלען. עס האט זיך נאך געפונען צווישען די דארטיגע אידען א משומד, וועלכער, אום צו געפעלען די מאהאמעדאנישע מאכטהאבער, האט געהאלטען אין איין פרעדיגען און בעווייזען מיט ראיות פון פסוקים אין דער תורה, אז מאהאמעד איז ווירקליך געוועזן א נביא געשיקט פון גאט. פיעלע אידען, איבערהויפט פון פראסטערען עולם, האבען אנגעפאנגען צו גלויבען אין די דאזיגע דרשות און האבען אנגענומען דעם מאהאמעדאנישען גלויבען. די יעניגע, וואס האבען זיך ניט געלאזען אזוי לייכט פערפיהרען פון

דעם משומד'ס דרשות, האָבען אָנגעפאנגען צו ווערען אונ־גערולדיג און אונרוהיג. זיי האָבען אין די דאָזיגע אלע צרות און אונגליקען געזעהן די „חבלי־משיח", די ליידען פון משיח־צייט. זיי זיינען געווען זיכער, אז אָט באלד מוז זיך משיח בעווייזען.

ווי אין די אלע שווערסטע צייטען פון דער אידישער געשיכטע האָט זיך דער געדאנק וועגען א באלדיגע ערלעזונג און וועגען דעם אָנקומען פון אַ ערלעזער זיך אויך דאָן גענומען פערשפּרייטען ביים אידישען עולם. דאָס אידישע פאָלק אין תימן איז געווען זיכער, אז לאנג קען אזוי ניט אָנהאלטען, אז גאָט מוז און וועט זיך סוף כל סוף דער־בארעמען אויף זיין פאָלק, און וועט שיקען דעם ערלעזער, וועלכער וועט בעפרייען די אידען פון זייערע פּייניגער. די שטימונג איז געווען אַ געדריקטע, אָבער די לופט איז געווען אזוי ווי אָנגעפילט מיט האָפנונג, מיט יענער האָפנונג וואָס קומט ווען די לאגע איז אם ערגסטען. אלע האָבען געהאָפט און געוואַרט.

דער באָדען איז געווען אזוי ווי צוגעגרייט פאר דעם ארויסטריט פון א משיח,—און עס האָט ניט לאנג גענומען און דער משיח האָט זיך בעוויזען. דער נאָמען פון דעם דאָזיגען משיח איז ניט בעקאנט, אבער ווי עס ווייזט אויס איז, עס געווען דוד אל־ראי, פון וועמעס לעבען און טהעטיגקייט לאָרד ביקאָנספיעלד האָט אָנגעשריבען א ראָמאַן. לויט ווי עס ווערט דערצעהלט אין „שבט ישורון" זאָל דוד אל־ראי זיך האָבען געטראָפען מיט דעם רמב"ם.

דוד אל־ראי איז געווען אַ יונגער, שעהנער, פעהיגער מאַן, אַ בעדייטענדער תלמודיסט און געלעהרטער דערצו. ווי אזוי ער איז געקומען צו זיינע משיח־געדאנקען, זיך צו בעטראכטען אלס דעם משיח, איז ניט קלאָר. ער איז געווען אַ גרויסער אידישער פּאַטריאָט, מיט אַ וואַרעמע אידישע הארץ, און די צרות און די ליידען פון זיין פאָלק האָבען איהם ניט געלאָזען רוהען. די פּאָליטישע לאגע פון דעם „באגדאדער

כאליפאט" איז דאמלס ניט געווען קיין גלענצענדע. מאנכע קליינע שטאמען און פערלקערשאפטען האבען זיך אבגעריסען פון דעם סולטאן און ערקלערט זייער אונאבהענגיגקייט. דוד אל־ראי האט געגלויבט, אז איצטער איז די בעסטע צייט צו רעוואלטירען געגען סולטאן און פיהרען די אידען אין ארץ־ישראל. אל־ראי איז ניט געווען פון די פאנטאסטישע משיחים, וואס האבען געזוכט גאט'ס קעניגרייך. ער איז ניט געווען קיין מיסטיקער און בעל־חלומות. ער האט געוואלט א ערדישע קעניגרייך, ער האט געוואלט א אידישע מלוכה אין ארץ ישראל. אין דער הינזיכט קען ער גיכער פערגליכען ווערען צו ב ר ־ כ ו כ ב א, ווי צו די אנדערע אידישע משיחים, וואס זיינען געווען פאר איהם און נאך איהם. א ל ־ ר א י האט געזוכט צו ארגאניזירען א אידישע ארמעע און האט געהאט בדעה צו בעפאלען דעם סולטאן.

דא איז ניט דער פלאץ מאריך צו זיין וועגען דעם. דער עיקר איז, אז אזא משיח־בעוועגונג איז דאמאלס פארגעקומען. די אידען פון יענע געגענדען האבען ניט געוואוסט וואס צו טראכטען וועגען דעם. א טהייל איז צוגעשטאנען צו אל־ראי, און אן אנדער טייל האט געווארט אויף נסים. זיי האבען זיך דאן געווענדעט צום רמב"ם, אז ער זאל זיי געבען זיין מיינונג.

דער רמב"ם האט זיי געענטפערט אין א לאנגען בריעף, וואס איז בעקאנט אונטער דעם נאמען „אגרת תימן". אין דעם דאזיגען בריעף טרייסט דער רמב"ם די תימנ'ער אידען און ראטה זיי, אז זיי זאלען ניט פערליערען דעם מוטה. דאס אידישע פאלק איז דאס אויסערוועהלטע פאלק פון גאט, און גאט קען ניט האבען קיין חרטה; ער האט ניט פערווארפען און פער'מיאוס'ט זיין פאלק. זאלען זיי זיך ניט איינהערען צו די רייד פון דעם משומד מיט זיינע ראיות פון דער תורה, אז מאהאמעד איז א נביא פון גאט. די דאזיגע אלע ראיות זיינען גאר ניט ווערטה. ער אליין וויים, אז „די דאזיגע ראיות זיינען ווי שפינוועבס, ער וויל זיך נאר אויספיינען פאר די „מאהאמעדאנער און זיך ארויסצייגען פאר

א גלויביגען". װעגען דעם משיח זאָגט ער: „עס איז גאָר קיין ספק ניט, אז ער איז משוגע. דעם קראנקען קען מען אָבער ניט בעשולדיגען אין דעם װאָס ער איז קראנק, די װאָס גלויבען אין איהם זיינען אויך ניט שולדיג. עס זיינען די צרות װאָס האָבען זיי געטריבען דערצו... מיין עצה איז, אז מען זאָל איהם ארעסטירען און האלטען ביז װאנען אלע, אויך די אומות העולם, װעלען זיך איבערצייגען, אז ער איז ניט מעהר װי א משוגענער, און איהר װעט אויף אזא אופן רעטען אי איהם אי זיך, װאָרים מיר האָבען שוין גענוג געליטען פון די פאלשע משיחים".

דעם רמב"ם׳ס בריעף האָט געהאט א געװאלדיגע װירקונג אויף די אידען פון תימן. עס האָט זיי אריינגעגעבען נייעם גלויבען און נייעם מוטה אריבערצוטראָגען זייערע צרות. זיי האָבען אָנגעפאנגען צו בעטראכטען דעם רמב"ם אלס א מין הייליגען, און לאנג נאָך זיין טויט פלעגען זיי נאָך אלץ דערמאָנען זיין נאָמען אין זייערע תפילות.



## XIV.

**דעם רמב"ם'ס קוק אויף מעדיצין. — זיינע מעדיציניסשע ספרים. — לעגענדען וועגען איהם אלס דאקטאר.**

---

צו די אויסערגעווערגליכע גייסטיגע פעהיגקייטען מיט וועלכע דער רמב"ם איז געווען בעשאנקען, האט ער אויך בעזעסען א געוואלדיגע ארבייטס־פייהיגקייט. אין דעם פרט איז ער ניט געווען קיין אויסנאהמע פון דיא אללע ווירקליך גרויסע גאונים ביי אלע פעלקער אין אלע צייטען. דעם רמב"ם'ס ארבייטס־פעהיגקייט איז כמעט געווען איבער מענשליכע כוחות. דער רמב"ם איז שטענדיג געווען בעשעפטיגט, שטענדיג געארבייט, שטענדיג געלעהרענט און געשטודירט. ער האט אנגעשריבען פיעלע וויכטיגע ווערק איבער אללערליי און פערשיעדענע געגענשטענדע. ער האט געשריעבען איבער אסטראנאמיע, איבער מעדיצין, איבער'ן תלמוד און איבער פילאזאפיע. צווישען דיא דאזיגע געפינען זיך אזעלכע ספרים, וויא צום ביישפיעל זיין „משנה תורה" און „מורה נבוכים", וואס יעדער איינער פון זיי איז גענוג פאר א גאנצען לעבענס־ארבייט. דערצו איז דער רמב"ם ניט געווען קיין טרוקענער בוך־מענש; ער האט זיך אויך אב־געגעבען מיט כלל־זאכען. ער איז געווען רב אין קאירא, פאר וועלכע ארבייט ער האט ניט גענומען קיין געצאהלט, און דער אנערקענטער פיהרער און הויפט פון דעם גאנצען עגיפטישען יודענטהום. אבער ניט בלויז דיא עגיפטישע אידען אליין האבען זיך געקעהרט צו איהם מיט זייערע

שאלות און בקשות אין צייט פון נויטה, נאר אויך דיא אידען פון אנדערע לענדער האבען זיך געווענדט צו איהם. און דער רמב"ם האט פאר אלץ און פאר יעדען געפונען צייט.

זיין מעדיצינישע פּראַקטיק איז געוואָרען אונגעהויער גרויס. דער רמב"ם האט זיך בעצויגען זעהר ערנסט צו דער מעדיצינישער פּראַפּעסיע. ער האט ניט געהאַלטען פון פער־שרייבען רעצעפּטען סתם אין דער וועלט אריין אבי אָבצו־פּטר'ען דעם פּאַציענט און ארויסקריגען פון איהם דעם גע־צאהלט. דאס געלד איז ביי איהם געווען פון צווייטער וויכ־טיגקייט. ער איז אויך ניט געווען קיין גרויסער מאַמין אין דער ווירקונג פון דיא רפואות. רפואות פלעגט ער פערשריי־בען נאר דאן, ווען די געוואוינליכע היגיענישע און דיעטישע מיטלען זיינען געווען ווענינ צו העלפען דעם חולה. צו זיין ליעבלינגס־תלמיד, ר' יוסף עקנין, שרייבט ער: „דוא ווייסט, וויא שווער דיא דאָזיגע פּראָפעסיע איז פאר איינעם, וואָס איז געוויסענהאַפט און קאָרעקט. וואָס ניט נאר אזא עצה, וועלכע ער קען בעגרינדען מיט ארגומענטען אדער דורך אנערקענטע אויטאָריטעטען".

אין א בריעף צו ר' שמואל אבן־תבון, דער איבערזעטצער פון „מורה נבוכים", שרייבט ער: „איך בין אזוי פערנומען, אז איך האב פשוט קיין צייט ניט צו עססען. פון מיין הויז צום סולטאַנ'ס איז בערך צוויי תחום־שבת'ען. אַללע אין דער פריה, גלייך וויא איך שטעה אויף, מוז איך בעזוכען דעם קעניגליכען הויף. טרעפט זיך, אז איינע פון זיינע פרויען אָדער בעדיענער איז קראנק, קען איך שוין דעם גאנצען טאָג ניט פערלאָזען דעם פּאַלאַסט. און אפילו דאן, ווען זיי זיינען שוין אַללע געזונד, קען איך ניט קומען צוריק אהיים פאר־מיטאָג. קומענדיג אהיים און זייענדיג אויסגע־מאטערט און הונגעריג, געפין איך דיא עמפּפאנג־צימערען געפּאַקט מיט אַלערליי חולאים. צווישען זיי געפינען זיך מאַ־האָמעדאַנער, קריסטען, איהען, בעאַמטע און איינפאכע ביר־גער, רייכע און ארעמע, וועלכע ווארטען אויף מיר. איך קריך

אראָפּ פון פערד, וואָס זיך ארום, ביים עטוואָס צו און געה ארויס צו זיי. דער אויסהערען יעדען איינעם און דער פער־שרייבען דיא רעצעפּטען נעהמט ביי מיר אוועק זעהר פיעל צייט ; גאנץ אָפט בין איך דערמיט פערנומען ביז צוויי אוהר אין דער נאַכט. עס טרעפט ניט זעלטען, אז איך ווער פון דעם אזוי אויסגעמאַטערט, אז איך האָב מעהר קיין כוח ניט צו זיטצען אָדער שטעהן. איך לייג זיך דאן אויף מיין בעט און הער אויס די חולאים, געבענדיג זיי מיינע עצות. דער איינציגער טאָג אין וועלכען איך בין פריי איז שבת".

ביין עולם האָבען זיך פערשפּרייט אלערליי וואונדער־מעשיות וועגען דעם רמב״ם'ס גרויסקייט אלס דאָקטאָר, איין לעגענדע דערצעהלט, אז צום רמב״ם איז אריינגעקומען א מאַן, וועלכער האָט זיך פערשטעלט פאַר א קראַנקען. ער האָט געוואָלט אויספּרובירען דעם רמב'ם און צו זעהן, צי ער איז ווירקליך אזא גרויסער דאָקטאָר, וויא מען דערצעהלט זיך וועגען איהם. דער רמב״ם האָט באלד דערקענט, אז דער מאַן איז פריש און געזונד און אז ער איז בלויז געקומען פון איהם חוזק צו מאַכען. דאָס האָט דעם רמב״ם שטאַרק פער־דראָסען. ער האָט זיך געמאַכט ניט וויסענדיג, האָט דעם מאַן גאנץ ערנסט אונטערזוכט און האָט איהם דאן ערקלעהרט, אז ער ליידט פון זעהר א שווערער קראַנקהייט, וועלכע איז אונ־היילבאַר. ער האָט דערביי געזאַגט, אז ער וועט מוזען שטאַר־בען אין פערלויף פון א קורצער צייט. פון אָנפאַנג האָט עס דער פערשטעלטער חולה אָנגענומען פאַר א שפּאַס. ביסלעכ־ווייז האָט דעם רמב״ם'ס פּראָגנאָזע גענומען אויף איהם ווירקען. ער האָט אָנגעפאַנגען צו גלויבען, אז ער האָט באמת אן אונהיילבארע קראנקהייט ; דער רמב״ם וועט דאָך ניט אויסטראַכטען אזא זאַך, האָט ער זיך געטראַכט. מסתמא האָט ער טאַקע ווירקליך עטוואָס געפונען. דאָס האָט אויף איהם אָנגעפאַנגען אזוי צו ווירקען, אז ער איז געוואָרען שטאַרק מרה־שחורה'דיג און איז באלד אויף אן אמת'ן קראנק געוואָ־רען. אין א קורצער צייט שפּעטער איז ער געשטאָרבען.

פאַר וואָס דער רמב״ם איז געוועזן אזוי גרויזאַם און האָט

צוליעב א קליינע פערזענליכע בעליידיגונג פראקטיש פער־אורטהיילט א מענשען צום טוידט דארף מען זיך ניט וואונ־דערען צוליעב דעם אלטען כלל, אז אויף א מעשה פרעגט מען קיין קשיות ניט.

סאי־ווי־סאי, ניט נעהמענדיג אין אנבעטראכט די דא־זינע אלע לעגענדען, איז איין זאך זיכער, אז דער רמב״ם איז געווען איינער פון דיא בעדייטענדסטע דאקטוירים אין מי־טעל־אלטער, לויט דעם צושטאנד פון דער מעדיצינישער ווי־סענשאפט אין יענע צייטען. ער האט נאטירליך ניט געהאט קיין אהנונג פון דיא נייע און נייעסטע מעדיצינישע טהע־אריען און ערפינדונגען ; ער, ווי אלע דאקטוירים פון יענער צייט, האט נאך אפילו ניט געוואוסט פון דעם צירקולירען פון דעם בלוט. ער איז אבער אין איין פונקט געשטאנען הע־כער פאר דיא מייסטע דאקטוירים פון זיין צייט, הן אידישע און הן קריסטליכע און מאהאמעדאנישע, — ער האט ניט געגלויבט אין די אלע פוסטע זאבאבוואניעס, אין די אלערליי סגולות, קמיעות, לחשים און השבעות, אין דיא אלערליי וויל־דע געמישעכצען פון פערשיעדענע קרייטיכער און אנדערע משונה׳דיגע מאטעריאלען, וועלכע זיינען דאמאלסט געווען א וויכטיגער טהייל פון דער מעדיצינישער פראקטיק. דער וואס איז בעקאנט מיט דער געשיכטע פון מעדיצין ווייס אז נאך ביז פערהעלטניסמעסיג ניט לאנג צוריק, לאמיר זאגען מיט א הונדערט יאהר צוריק, פלעגט איין רעצעפט צוזאמענגע־שטעלט ווערען פון דרייסיג און פיערציג, מאנכעס מאל פון מעהר, פערשיעדענע „רפואות", צווישען וועלכע עס האבען זיך אפט געפונען דיא סאמע שמוציגסטע מאטעריאלען.

דער רמב״ם איז געווען א תלמיד מובהק פון די „פא־טערס פון מעדיצין" — ה י פ א ק ר א ט ו ס און ג א ל־ל ע ן. א טהייל פון זייערע ווערק האט ער בעארבייט, פער־קירצט און אין מאנכע הינזיכטען פערבעסערט. זייענדיג זייע־רער א תלמיד האלט ער זיך שטריינג אן דער נאטירליכער מעטהאדע, און לאכט זיך אויס פון דיא אלערליי מעדיצינישע אבערגלויבענס. ביי יעדער געלעגענהייט זוכט ער צו בע־

קעמפּפען די אלערליי סגולות און אבשפּרעכונגען, אפילו ווען זיי געפינען זיך אין תלמוד. זאָגאר אין זיינע ספרים, וואו ער בעשעפטיגט זיך מיט ריין תלמודישע ענינים, מיט דער הלכה, ווי אין זיין ספר „משנה תורה" אָדער אין זיין פּירוש אויף דער משנה, גיט ער גאנץ אָפט מעדיצינישע כללים און עצות.

די אויפגאבע פון דער מעדיצין איז, נאָך זיין מיינונג, צו לערנען דעם מענשען דיא אורזאכען פון דיא קראנקהייטען, וויא אזוי ער זאָל זיך אויפפיהרען היגיעניש און דיעטיש, ווי און וואָס ער זאָל עסען, כדי ער זאָל זיין געזונד און פעהיג צו טהאָן זיין ארבייט, און דערביי אויך פערלייגערען זיין לע־בען. ער מיינט, אז אום צו האָבען א געזונדע נשמה, א קלאָה־רען שכל, איז אויך נויטהיג א געזונדער גוף. „צווישען טויזענד מענשען געפינט זיך בלויז איינער, וואָס שטאַרבט א נאטירליכען טוידט; די איבעריגע שטאַרבען פאר זייער צייט צוליעב זייער אונוויסענהייט און ניט־געהעריגער אויפ־פיהרונג".

דער עיקר איז זיך צו פערהיטען פון קראנקהייטען, ווייל צו פערהיטען א קראנקהייט איז לייכטער וויא איהר צו היי־לען. עס איז דארום דיא אויפגאבע פון יעדען מענשען אויס־צומיידען שעדליכע זאכען. א מענש זאָל עסען און טרינקען נאָר דאמאָלסט, ווען ער פיהלט הונגער אָדער דורשט, אָבער אויך דאן דארף ער זיך ניט איבערפילען מיט שפּייזען און גע־טראנקען; ער דארף בלייבען א פּיערטעל ניט דערעסען. דער גרויסער כלל איז, אז א מענש דארף זיך אין אלץ פיהרען געמעסיגט.

ניט אלע פון זיינע היגיענישע און דיעטישע כללים קע־נען אויסהאלטען א וויסענשאַפטליכע קריטיק לויט דעם איצ־טיגען צושטאנד פון דער מעדיצינישער וויסענשאַפט, אָבער מען דארף ניט פארגעסען דיא צייט, ווען זיי זיינען געשריע־בען געוואָרען. אָט זיינען אייניגע ביישפּיעלע: זומער, זאָגט ער, דארף מען עסען קאלטע שפּייזען און ווייניג גריני־

סען; אום ווינטער דארף מען עסען ווארעמע שפּייזען און מעהר גרינסען. וויינען איז שעדליך אין דער יוגענד; אויף דער עלטער קענען זיי בעסער פערטראָגען ווערען. ביים עסען זאָל מען ניט טרינקען קיין וואסער, אָבער מען מעג טרינקען עטוואָס ווייז געמישט מיט וואסער. זויערע פרוכט דארף מען ניט עסען; אונצייטיגע פרוכט זיינען פאר די געדערים וויא א שארפער מעסער. א מענש דארף שלאָפען אכט שטונדען אין טאָג, אָבער עס איז ניט געזונד צו שלאָפען ביי־טאָג. איין מאָל אין זיעבען טעג דארף א מענש געהן אין מרחץ.

דער רמב"ם האלט ווי דער תלמוד, אז א מענש טאָר ניט וואוינען אין א שטאָדט, וואו עס געפינט זיך קיין דאָק־טאָר ניט. דער דאָקטאָר דארף אָבער זיין א געלעהרטער מענש, ווייסען זיין פּראָפעסיע, און זיין פארטיג צו געהן, ווען מען נויטהיגט זיך אין זיין הילף. „דער וואָס ענטזאגט זיך צו גע־בען זיין הילף, ווען מען נויטהיגט זיך אין איהר, אָדער דער וואָס פּראקטיצירט מעדיצין ניט שטודירענדיג גענוג דיא קראנקהייט פון זיין חולה, איז געגליכען צו א מערדער".

„אין קליינע קראנקהייטען, זאָגט ער, היילט די נאטור אליין דעם קערפּער אָהן רפואות, אויב דער פּאציענט היט זיך אָב וויא געהעריג איז. אין ערנסטערע קראנקהייטען דארף מען רופען א דאָקטאָר, ווענעם אויפגאבע עס דארף זיין צו־העלפען דיא נאטור אין איהר ארבייט. „דיא מייסטע דאָק־טוירים האָבען א טעות אין זייער היילען. וועלענדיג העלפען דיא נאָטור, שוואכען זיי אָפּ דעם קערפּער מיט זייערע רפואות".

דער רמב"ם האָט געשריעבען א היבשע ביסעל קלענערע און גרעסערע ספרים איבער מעדיצין, וועלכע זיינען כמעט אַלע איבערגעזעצט געוואָרען אין העברעאיש, כאָטש דיא מעהרסטע פון זיי זיינען געבליעבען אין מאנוסקריפּטען און ניט געדרוקט געוואָרען. פון די וויכטיגסטע זיינען פּאָלגענדע:

1) „פּרקי משה", מעדיצינישע אפאריזמען געזאמעלט פון גאלען'ס ווערק מיט אייגענע בעמערקונגען. גע־

ידרוקט אין ווילנא אין 1888. א לאטייניִשע איבערזעצונג איז געדרוקט געוואָרען אין 1489.

2) דיא מעדיציניִשע אפאריזמען פון היפאקראטוס מיט ערקלעהרונגען פון רמב"ם. „דאָס איז א בעזונדער ווערק און האָט ניט קיין שייכות מיט די „פרקי משה" (שטיינ־שניידער).

3) א פערקירצונג פון גאלען'ס זעכצעהן בי־כער, און פון נאָך פינף ווערק פון אנדערע שרייבער.

4) וועגען גיפטען און געגען־גיפטען, איבערזעצט אין העברעאיש פון משה אבן־תבון. איבערזעצונגען אין דייטשען און אין פראנצויזישען זיינען געדרוקט געוואָרען אין דעם לעצטען העלפט פון לעצטען יאָהרהונדערט.

5) „הנהגת הבריאות, וועגען היגיענע, איבערזעצט פון משה אבן־תבון, געדרוקט אין „כרם חמד".

6) אן אבהאנדלונג וועגען געשלעכטליכען פערקעהר (מאמר המשגל). געפינט זיך אין מאנוסקריפט.

7) אן אבהאנדלונגט וועגען אסטמא, איבערזעצט אין העברעאיש. געפינט זיך אין מאנוסקריפט.

8) אן אָבהאנדלונג איבער מארידען („מאמר ברפואת הטחורים"). געפינט זיך איז מאנוסקריפט.

9) אן אָבהאנדלונג וויא צו היילען די, וואָס ווערען גע־ביסען פון שלאנגען.

10) אן אָבהאנדלונג וועגען די אורזאכען פון קראנק־הייטען.

11) אן אבהאנדלונג וועגען די רפואות און זייער וויר־קונג, א מין „מאטעריע מעדיקא".

עס געפינען זיך פון איהם אָבהאנדלונגען וועגען נאָז און האלז־קראנקהייטען ווי אויך וועגען רהומאטיזם.

וועגען זיינע גרויסע ידיעות פון גיפטען און געגען־גיפ־טען האט זיך אויסגעארבייט דיא פאלגענדע לעגענדע: ווען דער רמב"ם איז געוואָרען דער הויפט דאָקטאָר אין דעם סול־טאן סאלאדינ'ס הויז, זיינען דיא אנדערע דאָק־טוירים, אסטראלאגען און מאגיקער געוואָרען בייז. זיי האָט

נאַטירליך פערדראָסען, וואָס דער רמב"ם האָט זיי בערויבט פון זייער גאַנצען כבוד און גדולה, און זיי האָבען גענומען זו־כען מיטלען ווי אַזוי פּטור צו ווערען פון דעם געלעהרטען אי־דען. זיי זיינען געפאלען אויף אַ פּלאַן. זיי זיינען געקומען צום סולטאַן מיט אַ פאַרשלאַג, אַז אום ער זאָל זיך איבערצייגען, ווער עס איז ווירקליך דער גרעסטער דאָקטאָר, זאָל ער הייסען יעדען פון זיי איינגעהמען אַ גיפט. דעם וואָס וועט געלינגען זיך גופא אויסצוהיילען, יענער וועט בלייבען דער גרעסטער דאָקטאָר. דער סולטאַן איז איינגעגאַנגען אויפ'ן פּלאַן און דעם רמב"ם'ס שונאים האָבען שוין אַלץ אַזוי איינגעאָר־דענט, אַז ער זאָל דער ערשטער דארפען נעהמען די גיפט. אין דער בעשטימטער צייט איז דער רמב"ם געקומען און האָט גאַנץ רוהיג אויסגעטרונקען די גיפט, ווייל ער האָט זיך פריי־הער בעוואָרענט און איינגענומען דעם געגען גיפט. דער רמב"ם איז נאַטירליך געבליעבען לעבען און די איבעריגע זיי־נען אַלע אויסגעשטאָרבען...

וויא גרויס דעם רמב"ם'ס אויפטהועכצען זאָלען ניט גע־ווען זיין אַלס דאָקטאָר, קענען זיי אָבער בשום אופן ניט פערגליכען ווערען מיט זיינע געוואַלדיגע פערדיענסטען אַלס תלמודיסט און פילאָזאָף. זיין גרויסקייט אַלס דאָקטאָר איז בלויז געווען פאַר זיין צייט און האָט אַ גאַנץ קליינע היסטאָ־רישע בעדייטונג. אַלס תלמודיסט און פילאָזאָף איז ער אָבער געווען אַן עפּאָכע־מאַכער, וועמעס ווירקונג און איינפלוס עס האָט זיך געצויגען אויף פיעלע יאָהר־הונדערטע.

## XV.

דעם רמב"ם'ס תלמודישע ספרים. — וואס ער האט בעצוועקט מיט זיין פירוש אויף דער משנה. — זיין „משנה" תורה, איהרע מעלות און חסרונות. — ווארום דיא „משנה" תורה האט ארויסגערופען אונצופריע־דענהייט אין געוויסע קרייזען

דער ר מ ב"ם איז אהן צווייפעל איינער פון דיא גרעסטע תלמודיסטען, וואס דאס שפאנישע יודענטהום האט ארויסגעגעבען פון זיך.

דורך זיין פאטער איז דער רמב"ם בעקאנט געווארען מיט דיא וועגען און מעטהאדען פון ר' יוסף אבן־מיגאש און דעם „אלפס" וועמען דער רמב"ם רופט „מיינע רביים". זיי, די דאזיגע צוויי גרויסע תלמודיסטען, האבען וועניג געהאל־טען פון פלפולים און חריפות. זיי האבען פריהער פאר אלץ געזוכט אין דעם תלמוד דיא הלכה, דעם דין, וואס איז נוי־טהיג געווען פאר דעם פראקטישען לעבען, ניט קימערענדיג זיך וועגען דיא אלע האאר־שפאלטענדע פלפולים. די דאזיגע מעטהאדע האט נאטירליך שטארק אפעלירט צום רמב"ם, צו זיין וויסענשאפטליך דיסציפלינירטען און לאגישען שכל, און ער האט איהר אנגעווענדעט אין זיינע תלמודישע שריפטען.

דער רמב"ם האט געשריעבען זעהר פיעל וועגען תלמודישע ענינים. ווען ער איז נאך געווען א גאנץ יונגער מאן האט ער שוין אנגעשריעבען קאמענטארען (פירושים) אויף די דריי סדרים „מועד", „נשים", „נזיקין" און אויף דיא

מסכת „חולין". דער רמב"ם דערמאָנט זיי אין זיין פּירוש אויף דער משנה, אָבער זיי זיינען פערלאָרען געגאנגען און מיר ווייסען וועגען זיי גאָר ניט. דיא וויכטיגסטע פון זיינע תלמודישע שריפטען, וואָס זיינען פון איהם געבליבען, זיינען זיין פּירוש אויף דער משנה און זיין „משנה תורה" אָדער „יד החזקה".

זיין פּירוש אויף דער משנה האָט ער דערענדיגט אין דעם עלטער פון דריי און דרייסיג יאָהר. געשריבען האָט ער איהם אויף אראביש, די שפּראַך וועלכע דאָס פאָלק האָט געברויכט. ער איז לכתחילה געשריעבען געוואָרען מיט דער כונה, אז אפילו דער פּראסטער עולם זאָל איהם קענען לייענען און פערשטעהען און זאָל פון דאָרטען קענען ארויס־קריגען דיא פּראקטישע הלכה, ניט דארפענדיג זיך אָפּגעבען מיט דעם שטודיום פון דער גמרא. שפּעטער האָט ער אויף דעם חרטה געהאָט, ווייל אראביש איז נאָך אלעם בלויז געווען דיא שפּראַך פון א ט ה י י ל פון דעם אידישען פּאָלק. העברעאיש איז געווען דיא איינציגע שפּראַך, וואָס האָט פער־בונדען דיא פערשיעדענע טהיילען פון דעם אידישען פּאָלק, אין זייערע פערשיעדענע גלות־לענדער. דער רמב"ם איז דאַ־רום געווען שטארק צופריעדען, ווען עס האָבען זיך געפונען מענשען, וואָס האָבען איהם איבערזעצט אין העברעאיש.

מיט זיין פּירוש אויף דער משנה האָט ער זיך, לויט וויא ער ערקלעהרט אליין אין זיין הקדמה, געשטעלט דיא פאָל־גענדע אויפגאבען: 1) אז מען זאָל קענען פערשטעהן דיא משנה אָהן דיא ערקלעהרונגען און פּלפּולים פון דער גמרא; 2) אז מען זאָל קענען פון דער משנה אליין וויסען דיא הלכה; 3) אז דער פּירוש זאָל דיענען ווי אן איינלייטונג פאר דעם אַנפאנגער, וועלכער וועט דורך דעם בעסער פערשטעהן דיא גמרא; 4) „אז דער יעניגער, וואָס האָט שוין געשטודירט און ווייס דעם תלמוד, זאָל האָבען דעם תמצית דערפון פאר זיינע אויגען און בעסער געדיינקען".

אין זיין הקדמה שרייבט ער צווישען דיא איבעריגע: „פרעגט דעם גרעסטען גאון, אז ער זאָל זאָגען דעם דין פון

דער משנה וועט ער ניט קענען סיידען ער וויים אויסוויינינ דיא גאנצע גמרא וועגען דעם. און אזוי ווי א מענש קען ניט וויסען דעם גאנצען תלמוד אויסווענינ, איז ער געצוואונגען צו נעהמען נאכזוכען, וואס דיא גמרא האט וועגען דעם צו זאגען. בפרט, אז עס טרעפט, אז איין איינציגע הלכה פון דער משנה ווערט ערקלעהרט אין פיער אדער פינף בלעטער. דאר־ מען זיינען דיא ענינים געמישט איינע מיט דיא אנדערע פול מיט דיסקוססיאנען, מיט קושיות און תירוצים אזוי אז נאר אזעלכע, וואס זיינען ספעציאליסטען אין תלמוד קענען פון דארטען ארויסקריגען דיא הלכה".

שוין אין זיין פירוש אויף דער משנה, וועלכער איז איי־ נער פון זיינע יוגענד־ווערק, זעהט מען ארויס אין גאנצען דעם צוקונפטיגען רמב"ם, דעם שטאלצען און זעלבסטבע־ וואוסטען גאון, וועלכער איז ביי זיך אזא תקיף און אזוי זי־ כער און פעסט אין זיינע איבערצייגונגען און מיינונגען. שוין דאמאלסט ערלויבט ער זיך צו זאגען: „און מאנכע פון די גרעסטע גאונים האבען דעם ענין ניט פערשטאנען"; שוין דאמאלסט ערלויבט ער זיך צו ריידען וועגען זאכען, וועלכע אנדערע עלטערע פאר איהם האבען בעסער געזוכט אויסצו־ מיידען; שוין דארטען געפינט מען געדאנקען, וועלכער ער האט שפעטער ברייטער און טיעפער, גרינדליכער און סיסטע־ מאטישער, ארויסגעזאגט אין „משנה תורה" און אין „מורה נבוכים". און ניט בלויז ערלויבט ער זיך צו געבען אן אנדער פירוש אויף דער משנה וויא די גאונים פאר איהם, נאר זא־ גאר געגען דער ערקלעהרונג פון דער גמרא גופא. דער בע־ קאנטער געלעהרטער ו ו י י ס אין זיין „תולדות הרמב"ם" ברייננט איינינע אזעלכע ביישפיעלע.

פיעל וויכטינער און פון פיעל גרעסערער בעדייטונג ווי זיין פירוש אויף דער משנה איז זיין גרויסע ווערק, די גרעס־ מע וואס ער האט אנגעשריעבען, די „משנה תורה". די דאזינע ווערק האט דער רמב"ם געשריעבען, ווען ער איז שוין געוועזען אריבער דיא מיטעלע יאהרען, פאלשטענדיג רייף און ענטווי־

קעלט, בעריהמט אלס גרויסער תלמודיסט, געלעהרטער און פילאָזאָף.

צעהן יאָהר האָט ער געארבייט אויף דער דאָזיגער ווערק. צעהן יאָהר איז א היבשע צייט, אָבער דער וואָס איז בעקאַנט מיט דער ווערק וואונדערט זיך גיכער, וויא אזוי ער האָט איהר געקענט אָנשרייבען אין אזא קורצער צייט, בפרט ווען ער איז דערצו געווען שטאַרק בעשעפטיגט אלס דאָקטאָר און כלל-טהוער.

אין דער דאָזיגער ווערק קען מען ארויסזעהן די געוואלדיגע סיסטעמאַטיזירענדע קראַפט פון רמב"ם'ס שכל. דיא דאָזיגע ווערק זיינע איז אָהן ספק איינע פון דיא וואונדערבארסטע געביידען פון דער גאַנצער תלמודישער ליטעראַטור. זיא איז וואונדערבאר לויט איהר געבוי, לויט איהר סדר און פּלאַן, לויט איהר אינהאַלט און שפּראַך. זיא איז וואונדערבאר אין איהר פּאָלשטענדיגקייט, אין איהר אויסגעהאַלטענקייט, אין איהר איינהייטליכקייט און גאַנצקייט. מען זעהט אין איהר דיא ארבייט פון א מייסטער-ארכיטעקט, וועלכער האָט אלץ פון פריהער אויסגערעכענט, אלץ פון פאָראויס אויסגעפּלאַנעוועט, וועלכער האָט געהאַט פאַר זיינע גייסטיגע אויגען דעם גאַנצען בילד פון דער געביידע נאָך איידער ער האָט איהר אָנגעפאַנגען בויען. אפילו זיינע ביטערסטע געגנער, וויא דער „דריטער ראב"ד", האָבען צוגעגעבען, אז ער האָט אויפגעטהאָן א גרויסע ארבייט.

אלס מאַטעריאַל צו זיין „משנה תורה" האָט זיך דער רמב"ם בענוצט מיט דער גאַנצער גרויסער תלמודישער ליטעראַטור: דיא ביידע תלמודים (דער „בבלי" און „ירושלמי"), דעם „ספרא", „ספרי", „מכלתא", ווי אויך מיט די שריפטען פון דיא גאונים און מיט דיא ווערק פון „אלפס" און ר' יוסף אבן-מיגאש. דעם דאָזיגען מאַטעריאַל האָט ער דורכגעזוכט, דורכגעזיפּט און סאָרטירט, און נאָר דאָס, וואָס איז איהם געפעהלען געוואָרען, וואָס האָט געשטימט מיט זיינע אייגענע געזיכטען און מיינונגען האָט ער אריינגענומען אין זיין ווערק.

געוויסע מעדיצינישע כללים, צום ביישפיעל, געוויסע סגולות געגען עין־הרע, אלערליי אבערגלויבענס וועגען שדים, רוחות און דערגלייכען וואס געפינען זיך אין תלמוד און וואס האבען ניט געשטימט מיט זיינע וויסענשאפטליכע און פילאזאפישע אנזיכטען האט ער ארויסגעווארפען. ער האט זיך ניט גע־שעהמט צו זאגען, אז זיי זיינען שטותים. זיין גרויסער כלל איז געווען: „דיא אויגען קוקען פאראויס און ניט ריק־ווערטס". דעם רמב"ם'ס „משנה תורה" איז א סינטהעז פון זיינע תלמודישע און פילאזאפישע ידיעות. ער האט זיך ניט בענוגענט מיט דיא הלכות וואס ער האט צוזאמענגעקליבען פון דער תלמודישער ליטעראטור: ער האט זיך ערלויבט דארטען ארייננצושטעלען זיינע פילאזאפישע מיינונגען אלס בעשטימטע הלכות.

ביי דעם צוזאמענשטעלען פון זיין „משנה תורה" האלט זיך ניט דער רמב"ם אן דעם סדר פון דער משנה און דעם תלמוד, ווי דאס האט געטהאן דער „אלפס". ער האט זיך זיין אייגענעם סדר און זיין אייגענעם פלאן. דיא „משנה תורה" איז ביי איהם איינגעטהיילט אין פיערצעהן ספרים. יעדער ספר איז איינגעטהיילט אין קאפיטלען און יעדער קאפיטעל איז ווידער איינגעטהיילט אין פאראגראפען אדער „סעיפים".

די שפראך איז דיא נייע־העברייאישע, די שפראך פון דער משנה, ניט די געמישטע שפראך פון דער גמרא. זיין „סגנון" איז קורץ, שארף און צום פונקט, אהן איבעריגע ווערטער, דיא שפראך פון א סטריקטען געזעטץ־בוך, וואו אירגענד װעלכע מיספערשטענדניסע און צווייטייטיגקייטען מוזען אויסגע־מיידט ווערען.

דיא ערשטע אבטהיילונג אדער ספר הייסט „ספר־המדע" (דאס בוך פון וויסען). דארטען גיט ער איבער כמעט זיין גאנצע פילאזאפישע שטה, אבער ניט אין דער פארמע פון פילאזאפישע דיסקוסיאנען, נאר אין דער פארמע פון דינים. דער גלויבען אין אן איינציגען, אונקערפערליכען גאט איז ביי איהם פונקט אזא דין, ווי אן אנדער דין, א חוץ אפשר וואס ער איז מעהר וויכטיג. דער ערשטער פאראגראף פון דעם

בוך פון וויסען פאנגט זיך אָן: „דער יסוד פון אלע יסודות און דער זייל פון דיא חכמות איז צו וויסען, אז עס געפינט זיך אן ערשטע סבה („מצוי ראשון"), וואס איז דיא אורזאכע פון אלץ וואס עס עקזיסטירט. דאס איז א חיוב (א „מצות עשה"), און דאס איז דער גרויסער עיקר אויף וואס אלעם היינגט". עס איז ווייניג צו גלויבען אין דעם; א געלעהרטער מענש דארף עס זוכען צו וויסען; דער אָבגעבען זיך מיט דיא דאָזיגע פראגען איז פאר איהם, פאר'ן חכם, לויט דעם רמב"ם, א חיוב. דאָרטען ווערט אויך געדעט וועגען דער איינהייט און אונקערפּערליכקייט פון גאָט און די אנדערע עיקרים פון דער אמונה אלץ אין דער פארמע פון הלכות. דער רמב"ם איז ניט דער ערשטער ביי אידען, וואס האָט גערעדט וועגען „עקרים" אין דער אמונה, אָבער ער איז דער ערשטער, וואס האָט זיי געשטעלט אלס פעסטע הלכות, וואס האָט פון זיי געמאכט רעליגיאָנס־דאָגמאָן. ער פּסקענט, אז דער וואס גלויבט אין א קערפּערליכען גאָט איז גלייך ווי דער וואס זאָגט, אז עס איז גאָר קיין גאָט ניטאָ, ער איז א „כופר". דיא דאָזיגע טענדענץ פון רמב"ם צו קאָדיפיצירען צו מאכען דינים פון זיינע פּי־לאָזאָפישע אנזיכטען, האָט ארויסגערופען א שטארקע בעווע־גונג געגען איהם. דער פעהיגסטער און געלערנטעסטער פון זיי, „דער דריטער ראב"ד", מערקט אָן אויף דעם רמב"ם'ס דין וועגען דער אונקערפּערליכקייט פון גאָט: „גרעסערע און בעסערע פאר איהם האָבען אין דעם געגלויבט". ניט ווייל דער דאָזיגער ראב"ד האָט געגלויבט אין א קערפּער־ליכען גאָט; ער אליין איז געוועזען א מקובל און זיין גאָטס־בע־גריעף איז געוועזען ניט ווייניגער עדעל וויא דעם רמב"ם'ס גופא, אָבער ער האָט פּראָטעסטירט געגען דעם, וואס דער רמב"ם מאכט דערפון אן הלכה. אין דעם זעלבען „ספר המדע" ווערען אויך בעהאנדעלט דיא יסודות פון דער תורה: דיא בעציהונגען פון מענש צום מענשען, פון רחמנות און ליעבע איינער צום אנדערען, וועגען שטודירען דיא תורה און וועגען געטצען־דיענסט.

דער צווייטער בוך הייסט „ספר האהבה", דאָס בוך וועגען ליעבע. דאָרטען ווערט גערעדט וועגען די בעציהונגען פון מענשען צו גאָט, וואָס דער מענש זאָל טהאָן, כדי ער זאָל זיך קענען בעהעפטען און ליעב האָבען דעם שעפּפער. א טהייל פון דעם ערשטען ספר און דער צווייטער ספר בעהאנדלען ריין עטהישע פראגען.

דער דריטער בוך הייסט „ספר זמנים" (דאָס בוך וועגען דיא צייטען). דאָרטען ווערען בעהאנדעלט די דינים, וואָס האָבען צו טהאָן מיט דיא פערשיעדענע צייטען פון יאָהר, ווי דיא דינים פון שבת און יום־טוב. דער פיערטער בוך הייסט „נשים" (פרויען). דאָרטען ווערען בעהאנדעלט די אלע דינים פון קידושין גט'ן, כתובות און דער גלייכען.

אזוי געהט עס כסדר: יעדער בוך בעהאנדעלט א בעזונדער געגענשטאנד. אלע אין איינעם בעהאנדלען זיי אלערליי פראגען פון געזעטץ. אין גאנצען שטעלט מיט זיך פאר די „משנה תורה" א פאלשטענדיגען געזעטץ־בוך, וואו אלע מעגליכע פראגען פון געזעטץ, סאי רעליגיעזע, סאי קרימינעלע, סאי ציווילע ווערען אויספיהרליך און גרינדליך בעהאנדעלט. דער רמב"ם האָט קיין זאך ניט ארויסגעלאָזען. ער האָט דאָרטען אפילו אריינגעשטעלט יענע געזעטצע, וואָס האָבען דאמאָלסט שוין געהאט בלויז א טהעאָרעטישע בעדייטונג און האָבען ניט געהאט קיין שום פּראקטישען ווערטה, וויא צום ביישפּיעל דיא דינים פון דיא קרבנות, טומאה און דער גלייכען. גאנץ אָפט ברייננגט ער אריין אין דער „משנה תורה" אויך דיא מנהגים, וואָס זיינען אָנגענומען געוואָרען פון פערשיעדענע קהלות בנוגע געוויסע פראגען פון דער הלכה, כאָטש זיי געפינען זיך ניט אין דער משנה אָדער אין תלמוד.

דיא ערשיינונג פון דער „משנה תורה" האָט באלד אָנגעמאכט א געוואלדיגען רעש און איז שנעל פערשפּרייט געוואָרען אין דיא אידישע קהלות פון נאָהענטען און פון ווייטען. פון איין זייט האָט זיך דער רמב"ם דורך דער „משנה תורה" ערווארבען א גרויסע צאָהל אָנהייננגער, תלמידים און פערקאָכטע חסידים, וואָס האָבען איהם אָנגעפאנגען צו בע־

טראַכטען שיעור ניט אַלס אַ צווייטען משה רבינו. „פון משה'ן (משה בן עמרם) ביז משה'ן (משה בן מימון) איז ניט אויפגעשטאַנען אַזאַ משה", איז געוואָרען ביי זיי אַ ווערטעל. קיין טיטול און קיין שבח איז אין דיא אויגען פון דיא דאָזיגע חסידים ניט געווען צו גרויס פאַר דעם רמב"ם. „דער קרוין פון גלות", „געטליכער מענש", „מלאך פון גאָט", דאָס זיינען נאָר אייניגע פון דיא דאָזיגע טיטולים און שבחים. פון דער אנדערער זייט אָבער האָט זיך דער רמב"ם טאַקע דורך דער זעלבער משנה תורה ערוואָרבען אַ היבשע ביסעל ביטערע געגנער און שונאים, וואָס האָבען זיך ניט צוריקגעהאַלטען אפילו פון גראָבע זלזולים.

פיעלע פון דיא היסטאָריקער, וועלכע זיינען אַליין אויך שטאַרקע אַנהייגנגער פון רמב"ם, זוכען צו ערקלעהרען דיא דאָזיגע שנאה געגען רמב"ם אויף דעם גרונד פון פערזענליכע מאָטיווען. זיינע געגנער, מיינען די דאָזיגע היסטאָריקער, האָבען זיך אָן איהם מתקנא געווען, האָבען איהם ניט פערגונען זיין גרויס ערפאָלג, דעם כבוד און די אנערקענונג, וואָס ער האָט געקראָגען פון איבעראַל. עס איז מעגליך, אַז אַ געוויכער פערזענליכער עלעמענט האָט געשפּיעלט אַ קלענערע אָדער גרעסערע ראָלע אין דער בעוועגונג געגען דעם רמב"ם: אין יעדער מחלוקה מוז אריינקומען אַ געוויסער פערזענליכער עלעמענט, אפילו ווען זיא פאַנגט זיך אָן פון די ריינסטע פרינציפּיעלע אונטערשיידונגען. אָבער צו בעהויפּטען, אַז נאָר קנאה האָט ארויסגערופען דיא דאָזיגע מחלוקה, וועלכע האָט זיך נאָך מעהר פערנאַנדערגעפלאַקערט נאָך דעם ערשיינען פון „מורה נבוכים" און וועלכע האָט זיך געצויגען מעהר וויא אַ יאָהר־הונדערט, צו מאַכען אַזאַ בעהויפּטונג מיינט פשוט ניט צו פערשטעהן וועגען וואָס עס האָט זיך דאָ געהאַנדעלט. דיא „משכילים" און אויפגעקלעהרטע פון אַלע צייטען זיינען שטענדיג געווען פאַרטהייאיש צום רמב"ם, וועמען זיי האָבען מיט רעכט אָדער אונרעכט בעטראַכט אַלס אַ זייעריגען, אַלס דעם טרעגער פון דעם „ליכט־פאַקעל", וועה־

רענד זיינע געגנער האָבען זיי בעטראכט אלס רעאקציאָנערען און פינסטערלינגע....

בעטראכט מען אָבער דיא אנגעלעגענהייט פון א ריין־היסטאָרישען, אונפּארטייאישען, שטאנדפונקט, ניט ווע־רענדיג בעאיינפלוסט פון דער גרויסקייט פון דעם רמב"ם פערזאָן און פון די אייגענע סימפּאטהיען, מוז מען קומען צום שלום, אז זיינע געגנער און בעקעמפּפער זיינען ניט אלע מאָל געווען אונגערעכט און, וואָס נאָך מעהר, ניט שטענדיג דיא רעאקציאָנערען....

דער רמב"ם ווערט געשילדערט פון זיינע פערעהרער אלס בעשיידענער מענש. עס איז מעגליך, אז אין זיין פּריוואט לע־בען, אין זיינע פּערזענליכע בעציהונגען צו מענשען, איז ער ווירקליך געווען בעשיידען, אָבער פון זיינע שריפטען זעהט מען עס ניט ארויס. אין זיינע שריפטען איז ער הימעל־ווייט פון בעשיידענקייט. אין זיינע שריפטען איז ער אזוי זעלבסט־בעוואוסט און אזוי זעלבסטזיכער, אז דאָס גופא קען שוין ארויסרופען א ווידערווילען.

שוין דער נאָמען אליין, וואָס דער רמב"ם האָט געגעבען זיין ווערק איז געווען א חוצפה'דיגער : „יד החזקה" (דיא מעכטיגע האנד) און „משנה תורה" (דיא ווידערהאָלונג פון דער תורה). און שוין דער נאָמען אליין, דער נאָמען „משנה תורה", האָט ארויסגערופען ביי גאָר פיעלע פון די תלמודיסטען פון יענער צייט א פערביטערונג און א ווידערווילען געגען דעם רמב"ם. דער נאָמען איז ווירקליך געווען עטוואָס אונער־הערטעס. דער נאָמען „משנה תורה" ווערט געלייגט אויף דעם ספר „דברים" פון חומש, און דאָ געפינט זיך איינער — און זאָל ער אפילו זיין מי יודע וויא גרויס — וואָס גיט זיין ספר דעם דאָזיגען נאָמען. דאָס איז געווען צופיעל גדולה גענומען פאר זיך. דעם רמב"ם'ס ערקלעהרונג פאר וואָס ער רופט זיין ספר משנה תורה האָט נאָך געגאָסען מעהר אויל אויף דעם פייער : „און דעריבער רוף איך דעם דאָזיגען חבור משנה תורה, ווייל א מענש לערנט דיא „תורה שבכתב" (דעם חומש)

א פריהער און דאַן לערנט ער דעם דאָזיגען ספר, און ער ווייס פון איהם דיא גאנצע תורה שבבעל פּה. ער ד א ר ף נ י ט ל י י ע נ ע ן ק י י ן א נ ד ע ר ס פ ר צ ו ו י ש ע ן זיי *)". „ער דאַרף ניט לייענען קיין אנדער ספר צווישען זיי", — וואָס מיינט עס ? מיינט עס דען ניט, אז ער וויל מיט זיין ספר ארויסשטופען דעם תלמוד גאָר אין גאנצען ? האָבען זיינע געגנער ניט אָהן גרונד גע'טענה'ט.

דעם רמב"ם'ס כונה איז געווען א גוטע. ער האָט גע־וואוסט וויא שווער עס איז פון תלמוד גופא ארויסצוקריגען דיא הלכה און אז בלויז יחידי סגולה קענען עס טהאָן. ער האָט דארום אָנגעשריעבען א קלאָהרען געזעטץ־בוך, פון וואָ־נען יעדער איינער, אפילו דער ניט־ספּעציאליסט, זאָל קענען געפינען דעם דין. „ווען עס וואָלט מעגליך געווען דעם גאנ־צען תלמוד אריינצוטהאָן אין איין קאַפּיטעל, וואָלט איך איהם ניט אריינגעטהאָן אין צוויי", זאָגט דער רמב"ם אין א אַ שטעלע (מאמר תחית המתים). מען מעג צווייפלען, צו האָט דער רמב"ם ווירקליך געוואָלט, אז זיין ספר זאָל פּער־נעהמען דעם פּלאטץ פון דעם תלמוד, אָבער זיינע געגנער האָ־בען מורא געהאט, אז דאָס קען פיהרען דערצו. דאָס וואָל־טען זיי נאַטירליך, בעטראכט פאר א גרויסען אונגליק, און זיי האָבען דארום אזוי ביטער געקעמפּפט געגען דעם.

ס'איז אמת, אויך דער „אלפס" האָט געזוכט ארויסצו־ברייגנען דיא קלאָהרע הלכה פון דעם תלמוד און האָט ארויס־געוואָרפען דיא איבעריגע פּלפּולים, אָבער ער האָט עס גע־טהאָן אויף אזא אופן, אז יעדער איינער האָט געוואוסט די קוועלען פון וואנען ער האָט גענומען זיינע הלכות. ער האָט ניט געענדערט, ניט דעם סדר און ניט דעם סגנון פון דער גמרא ; עס איז בלויז געווען א קצור פון גמרא. דער רמב"ם האָט געענדערט אי דעם סדר, אי דעם סגנון און ער האָט דער־צו ניט אָנגעגעבען זיינע קוועלען פון וואנען ער האָט גענומען

*) לפיכך קראתי שם חבור זה משנה תורה, לפי שאדם קורא בתורה שבכתב תחלה ואחר כך קורא בזה, ויודע ממנו תורה שבבעל פה כולה, ואינו צריך לקרות ספר אחר ביניהם. (הקדמה למשנה תורה).

זיינע הלכות, א חוץ וואס ער האט ניט געבראכט קיינע בעוויי־ זע און ראיות אויף זיינע בעהויפטונגען. מיט א פעסטקייט און א שטאלץ, וואס האט צו זיך קיין גלייכען ניט, האט ער גע'פסקענט די דינים, אזוי וויא ער אליין וואלט דאס געווען דער געזעצטגעבער. דעם רמב"ם'ס כונה איז אויך דא געווען א גוטע. ער האט ניט געוואלט צומולען דעם לעזער מיט די ראיות און בעגרינדונגען און מיט דעם אנצייגען פון דיא קוועלען; ער האט ניט געוואלט, אז זיין ווערק זאל ווערען צו גרויס און דורך דעם גופא פערליערען דעם ציעל וועלכען ער האט זיך געשטעלט, אבער זיינע געגנער זיינען אויך געווען גערעכט. דיא תלמודיסטען זיינען אין דער היני־ זיכט געווען גרויסע דעמאקראטען; זיי האבען ניט געוואלט אנערקענען קיינע אנדערע אויטאריטעטען א חוץ די תורה און דעם תלמוד. דיא תורה און דער תלמוד זיינען אפענע ביכער, וואו יעדער איינער קען לערנען און שטודירען און יעדער איי־ נער איז א גלייכער יחסן. איינעם'ס מיינונג איז ניט וויכטי־ גער פאר דעם אנדערענס, כל זמן זיא ווערט ניט בעגרינדעט אויף דער תורה און דעם תלמוד. יעדער איינער פון דיא תלמודיסטען, וועלכע זיינען ארויסגעטראטען געגען דער „משנה תורה", האט זיך געפיהלט פונקט אזוי בערעכטיגט ווי דער רמב"ם ארויסצוקריגען דיא הלכה פון תלמוד גופא און ניט דארפען איהם גלויבען אויפ'ן ווארט. זיי האבען געהאט ווייניג וואס אויסצוזעטצען געגען זיינע הלכות אן און פיר זיך, אבער זיי האבען געפאדערט בעווייזע. „זאגט דער ר א ב"ד: ער האט געוואלט פערבעסערען, אבער ער האט ניט פערבעסערט דערמיט, וואס ער האט פערלאזען די וועג פון דיא מחברים פאר איהם, וועלכע האבען געבראכט ראיות אויף זייערע רייד" *). זיי האבען געפאדערט בעווייזע ניט ווייל זיי האבען דעם רמב"ם ניט געטרויט, נאר ווייל מען דארף קיינעם ניט טרויען, בנוגע דער הלכה, מעג ער אפילו

---

*) „אמר הראב"ד: סבר לתקן ולא תקן, כי עזב דרך המחברים לפניו שהביאו ראיה לדבריהם".

זיין דער גרעסטער גאון, סיידען ווען ער בעגרינדעט זיין מיי־נונג, סיידען ווען זיא איז געשטיצט אויף דעם תלמוד.

אָם מעהרסטען זיינען אָבער זיינע געגנער געווען אונ־צופריעדען מיט דעם „ספר המדע". דיא הויפּט טענה געגען דעם רמב"ם איז געווען, וואָס ער האָט זיך ערלויבט צו מאַ־כען דינים פון זיינע פילאָזאָפישע מיינונגען. ניט געגען דער פילאָזאָפיע אַן און פיר זיך איז דאַמאָלסט געווען דיא טענה — דאָס איז אויך געווען, אָבער שפּעטער ווען דער „מורה נבוכים" איז ערשיענען, — נאָר געגען דעם, וואָס ער האָט דערפון געמאַכט הלכות און רעליגיאָנס־דאָגמאַן. דאָס יודענ־טהום איז א סיסטעם פון עטהיקס אויסגעדריקט אין א פּראַק־טישער געזעטץ־געבונג. וויא יעדע עטהישע סיסטעם האָט אויך דאָס יודענטהום געוויסע יסודות אויף וועלכע עס ווערט בעגרינדעט, אָבער עס האָט ניט געהאַט קיינע רעליגיאָנס־דאָגמען. דאָס יודענטהום האָט געהאַט „עיקרים", וועלכע זיי־נען אָבער ניט געווען קיין „גלויבענס־אַרטיקלען" אין דעם זינן, וויא דאָס איז, למשל, אין קריסטענטהום. זיי זיינען גע־ווען עלאַסטיש געוואָרען און בויגזאַם געגעוג און האָבען זיך געענ־דערט אין פערשיעדענע צייטען (זעה „תולדות העיקרים בישראל", פון דר. ניימארק). דער רמב"ם איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט איינגעפיהרט גלויבענס־אַרטיקלען, א מין רעליגיעזען קאַטעכיזם. עס איז קלאָהר, אז דיא דאָזיגע כמעט נייע איינפיהרונג האָט ניכער געשטערט וויא געהאָלפען דיא פרייע ענטוויקלונג פון דעם געדאַנק; עס האָט גיכער גע־האָט א רעאַקציאָנערע איידער א פּראָגרעסיווע בעדייטונג. דער פּאַקט איז, אז מאַנכע פון דיא אידישע פילאָזאָפען נאָכ'ן רמב"ם, צווישען זיי גאַנץ פרומע, האָבען פערוואָרפען דעם רמב"ם'ס עיקרים. ר' י ו ס ף א ל ב ו האָט פון די דריי־צעהן עיקרים געמאַכט דריי.

דער רמב"ם האָט אין זיין „משנה תורה" געוואָלט געבען א קורצע און קלאָהרע געזעצגעבונג. דאָס איז איהם אויך גע־לונגען אויפ'ן בעסטען אופן, אָבער אין דעם גופא איז שוין

געווען א חסרון. דער תלמוד מיט אלע זיינע חסרונות, מיט דיא אלע איבעריגע פלפולים, האָט, מאַקע צוליעב דיא דאָזיגע פלפולים און דיסקוסיאָנען, געלאָזען נענוג פּלאַטץ פאר דעם איינצעלנעם, פאר דעם שטודירענדען, צו האָבען זיין אייגענע מיינונג, ארויסצוצייגען זיין אינדיווידואַליטעט. דער תלמוד איז וויא א גרויסער ים, וואו עס קאָכט מיט לעבען. נעהמט איהר איהם אָבער קאָדיפיצירען, מאַכען פּאַראַגראַפען, ווערט עס א טרוקענער געזעטץ־בוך, וועלכען איהר דאַרפט ארייג־האַקען אין אייער זכרון, נים נעברויכענדיג דעם אייגענעם שכל. אזא געזעטץ־בוך מוז סוף כל סוף ווערען פערשטיינערט און פערראָסט. דער פאַקט איז, אז דעם רמב״ם'ס ביישפּיעל איז געווען אַנשטעקענד, און נאָך איהם זיינען געקומען אַנדע־רע, וואָס האָבען אויף זייער דרך קאָדיפיצירט דעם תלמוד: פריהער דער „בעל־הטורים״ און דאן דער „שולחן ערוך״. יע־דער איינער פון זיי האָט עטוואָס מוסיף געווען פון זיך, ארייגשטעלענדיג אלערליי מנהגים, גוטע און שלעכטע וואָס האָבען אפשר געהאַט א זינן און בעדייטונג פאר זייער צייט און זייער אָרט, אָבער נים מעהר. די דאָזיגע מנהגים זיינען אויך קאָדיפיצירט געוואָרען און אריינגענומען געוואָרען אלס הייליגע דינים, וואָס זיינען גילטיג פאר אלע צייטען און אלע לענדער. די אלע חומרות און גזרות, תקנות און מנהגים, וואָס האָבען א לאַנגע צייט נעהאַלטען וויא געפּענטעט דעם אידי־שען פאָלק שטאַמען אָפּ נים דירעקט פון דעם תלמוד, נאָר פון זיינע קאָדיפיצירער, פון דיא „פוסקים״. דער רמב״ם מיט זיין משנה תורה טראָגט נים קיין קליינע שולד אין דעם.

דעם צוועק, וואָס דער רמב״ם האָט זיך געשטעלט מיט זיין „משנה תורה״ האָט ער סאי־וויא־סאי נים דערגרייכט. א פאָלק וואָס האָט נים געהאַט קיין אייגענעם פּאָליטישען לע־בען, וואָס האָט נים נעהאַט קיין אייגען לאַנד און קיין אייגע־נעם מלוכה־לעבען. וואָס האָט געהאַט בלויז זיין תורה און זיין ליטעראַטור, האָט געמוזט זיין גאַנצע ענערגיע, זיינע אלע געוואַלדיגע פעהיגקייטען, אַנווענדען אויף זיי. עס האָט זיך

געמוזט ענטוויקלען האָר־צושפּאַלטענדע פּלפּולים, משונה־דיגע לופט־געביידען, וואָס האָבען קיין פּראַקטישע ממשות ניט, ווייל דיא גאַנצע געזעצגעבונג האָט סוף כל סוף געהאַט בלויז א טעאָרעטישען ווערטה. זיין ספר גופא איז געוואָרען א נייער קוואל פון פּלפּולים. זיינע אָנהיינגער און תלמידים, וועלכע זיינען מיט דער צייט אלץ געוואָרען מעהר און מעהר, האָבען זיך גענומען גריבלען אין זיינע ווערטער כמעט ניט ווע־ניגער וויא אין דעם תלמוד גופא. איבער דער „משנה תורה" איז אָנגעשריעבען געוואָרען א גאַנצע ליטעראַטור. און נאָך ביז היינטיגען טאָג וועט דער קלענסטער רב פון א פּערוואָר־פענער שטעדטעל ניט פערגעסען אריינצופלעכטען אין זיינע פּלפּולים און חלוקים דעם רמב"ם. דאָס איז כמעט ווי מאָדע־זאַך.

דיא אלע ווירקליך גרויסע מעלות פון דער משנה תורה: איהר וואונדערבארער סדר און פּלאַן, דיא קורצקייט און שאַרפקייט פון דיא דינים, דיא שעהנקייט און פּינקטליכקייט פון דער שפּראַך, דאָס אלץ האָט ניט געהאָלפען. א פאָלק וואָס האָט ניט קיין באָדען אונטער זיינע פיס, קען זיך ניט בענוט־צען מיט א פּראַקטישער געזעצגעבונג. זיא מוז ווערען א מקור פאר נייע פּלפּולים און נייע חריפות. וואָס גרעסער עס איז דיא אויטאָריטעט פון דעם מחבר, אלץ מעהר וועט מען זיך פּלפּול'ען איבער זיינע ווערטער, כאָטש זיי זיינען אזוי פּשוט און איינפאך.

## XVI.

דער „מורה נבוכים“. וואס דער רמב״ם האט מיט איהם בעצוועקט און פאר וועמען ער האט איהם געשריבען. דער רמב״ם אלס אלעגאריקער. וואס איז „סתרי תורה“ און ווארום זיי זיינען געשריעבען פערשטעלט. דעם רמב״ם׳ס לעהרען וועגען דיא געטליכע אטריבוטען. דער תכלית פון דער וועלט. וואס מיינט גאט׳ס השגחה? גאט׳ס וויסען און דער מענשליכער פרייער ווילען. וואס איז נבואה און ווער קען זיין א נביא. אונשטערבליכ־קייט און ווער איז דערצו זוכה. דעם רמב״ם׳ס קריטיק פון דער פילא־זאפיע פון די „מדברים“. איז די וועלט אייביג אדער באשאפען?

---

דעם רמב״ם׳ס הויפט ווערק איבער פילאזאפיע איז זיין מורה נבוכים (דער וועג־ווייזער פאר בלאנדזשענדע), וועלכען ער האט פערענדיגט בערך אין דעם יאהר 1190, אלזא אין דעם עלטער פון קרוב זעקס און פופציג יאהר.

דער „מורה נבוכים“ איז ניט דער איינציגער ספר, וואו דער רמב״ם בעשעפטיגט זיך מיט פילאזאפישע פראגען: ער האט וועגען דעם אויך געשריעבען אין זיינע תלמוד׳ישע ספרים, ווי אין זיין פירוש אויף דער משנה און אין זיין „משנה תורה“. דארטען איז אבער די פילאזאפיע ניט געוועזען דער עיקר; דארטען בעהאנדעלט ער איהר בלויז פערבייגעהענ־דיג, אגב אורחא. אין זיינע תלמוד׳ישע ספרים האט ער אריינ־געבראכט בלויז די ר ע ז ו ל ט א ט ע ן פון זיין פילאזא־פישען פארשען, אהן די אלע נויטיגע בעווייזע און בעגרינ־דונגען, ווי אזוי ער איז צו די דאזיגע רעזולטאטען געקומען. יענע ספרים זיינען געשריעבען געווארען פאר דעם גרויסען

עולם און פאר די ניט פילאָזאָפירענדע לומדים און פרומאַ־קעס, וועלכע לעבען גליקליך און צופריעדען אין זייער אמונה און פרעגען קיין קשיות ניט און האָבען ניט קיין ספיקות. ביי זיי האָט דער רמב״ם בלויז געוואָלט אויסעדעלען זייערע גלויבענס - בעגריפפע, דערוויטערען זיי פון דעם געדאַנק, אז גאָט איז א קערפּער (הגשמה) און דער גלייכען. פאר זיי האָט ער געשריעבען בקצור און זאָגאר דאָגמאַטיש.

דער „מורה נבוכים" איז אָבער לכתחילה געשריעבען גע־וואָרען מיט אַן אַנדער צוועק און פאר א בעשרענקטען קלאַס פון מענשען. דער צוועק איז : צו פעראייניגען די אמת'ן פון דער פילאָזאָפיע, די אמת'ען, וואָס דער מענש דערגרינדעט מיט זיין שכל מיט די אמת'ען פון דער תורה, די אמת'ען וואָס זיינען געקומען דורך דער „ענטפּלעקונג". דער מענשליכער שכל, גרינדענדיג זיך אויף די חושים און ערפאהרונגען, איז דער העכסטער ריכטער בנוגע דעם אמת. דאָס וואָס איז געגען דעם שכל און געגען די חושים, קען ניט זיין אמת. ניט אלע אמת'ן קען דער מענשליכער שכל בעגרייפען ; עס זיינען פאראַן זאכען, וואָס שטעהען איבער איהם, איבער דער מענשליכער השגה, און ער קען זיי קיין מאָל ניט וויסען. אָבער דאָס, וואָס איז געגען דעם שכל, קען ניט זיין אמת. די אמת'ן וואָס זיינען געקומען צו אונז דורך דער „ענטפּלעקונג", מוזען דארום זיין איינשטימיג מיט דעם שכל.

דער אמת איז דאָס העכסטע, צו וואָס א מענש דאַרף שטרעבען, און דער שכל איז דער העכסטער ריכטער פון דעם אמת. נון, געפינט זיך אָבער א קלאַס מענשען, וועלכע געפי־נען, אז די אמת'ן פון זייער שכל שטימען ניט איין אָדער קו־מען אין קאָנפליקט מיט די אמת'ן פון דער תורה, און זיי בליי־בען צומישטע און צוטומעלטע. פאר זיי איז געשריעבען דער „מורה נבוכים". „די דאָזיגע אָבהאַנדלונג", ערקלעהרט דער רמב״ם, „איז געשריעבען געוואָרען פאר דעם יעניגען, וואָס איז שוין בעקאַנט מיט דער פילאָזאָפיע, ווייס די אמת'ע

חכמות, און גלויבט אויך אין דער תורה. ער געפינט דאָר־טען — אין דער תורה — אזעלכע אויסדריקע, וואָס זיינען איהם אונפערשטענדליך און ער בלייבט א צוטומעלטער" (מורה נבוכים, פתיחה).

דער „מורה נבוכים" איז ניט קיין לעהר־בוך איבער פי־לאָזאָפיע פאַר אָנפאַנגער; ער איז ניט געשריעבען פאַר דעם גרויסען עולם; ער איז אויך ניט געשריעבען פאַר די וואָס גלויבען שוין גאַר ניט. ער איז געשריעבען פאַר די יעניגע, וואָס זיינען שוין פילאָזאָפען און וועלכע געפינען זיך אין א פערלעגענהייט, ווייל זיי קענען ניט פעראייניגען און הארמאָנירען זייערע פילאָזאָפישע מיינונגען מיט די לעהרען פון דער תורה.

ווי פעראייניגט מען אָבער די תורה מיט דער פילאָ־זאָפיע, אין דעם פאַל מיט דער אריסטאָטעל'שער פילאָזאָפיע ווי זי איז פערשטאַנען געוואָרען פון רמב"ם? ווי מאַכט מען, אז דיביידע אמת'ען זאָלען זיך ניט סותר זיין? דער רמב"ם האָט געפונען א מיטעל. דער מיטעל איז א גאַנץ אַלטער, וועלכען „פילא דער איד" און נאָך אַנדערע פאַר איהם האָבען שוין געברויכט, אָבער וועלכען דער רמב"ם האָט אויסגעאַרבייט אין אַ פאָלשטענדיגער סיסטעם. דער מיטעל בעשטעהט אין דעם אויסטייטשען די פסוקים בדרך משל, אין אַלעגאָריען, אויף אַזא אַרט, אז זיי זאָלען זיך צופּאַסען צו די אמת'ען פון דער פילאָזאָפיע. „זיי ווייסען, אז די שליסעל צו פערשטעהן אַלץ וואָס די נביאים האָבען געזאָגט..... איז צו פערשטעהן די משלים און די בעדייטונג פון זייערע ווערטער" (מורה נבוכים, פתיחה). מיט'ן „אויס־טייטשען" קען מען שוין אַלץ בעווייזען. דער רמב"ם איז זיך מודה, אַז ווען ער וואָלט געהאַט גענוג בעווייזע, דאָס די וועלט איז אייביג און ניט בעשאַפען געוואָרען, וואָלט ער דערפון זיך ניט צוריקגעהאַלטען צוליעב דעם, וואָס אין דער תורה שטעהט, אַז זי איז בעשאַפען געוואָרען. ער וואָלט שוין גע־

פונען אַ מיטעל, ווי אַזוי אויסצוטייטשען די פסוקים... „זיי ווייעסען, אז מיר האלטען ניט פון דער אייביגקייט פון דער וועלט (קדמות העולם) ניט צוליעב די פסוקים אין דער תורה, וואָס בעווייזען, אז די וועלט איז בעשאַפען געוואָרען. די פסוקים וואָס בעווייזען, אז די וועלט איז בעשאַפען געוואָרען, זיינען ניט מעהר ווי די פסוקים וואָס בעווייזען, אז גאָט איז אַ קערפּער. די טויערען פון אויסטייטשען זיינען פאַר אונז ניט פערשלאָסען" . . . (מורה נבוכים, חלק שני, פרק כ"ה).

די שליסעל איז דאָ, נאָר מען דאַרף וויסען ווי מיט איהר צו אַרבייטען, און דער רמב"ם פערברייטעט זיך וועגען דעם דאָזיגען ענין זעהר פיעל; ער פערנעהמט דערמיט כמעט דעם גאַנצען ערשטען באַנד פון דעם „מורה נבוכים".

פיעלע טעותים נעהמען זיך דערפון, וואָס ניט אַלע ווייסען די אמת'ע בעדייטונג פון די ביבלישע אויסדריקע, וואָס זיי פערשטעהען ניט געניגענד די אָבשטאַמונג פון די העברעאישע ווערטער. עס זיינען פאַראַן ווערטער, וואָס האָבען לכתחילה מעהר ווי איין בעדייטונג (שם משותף) און עס זיינען אויך דאָ ווערטער, וואָס קריעגען אַן איבערגעטראַגענע בעדייטונג (שם מושאל). דער וואָרט „עין" צום ביישפּיעל מיינט אי אַן אויג אי אַ קוואַל; פון דער בעדייטונג „אויג" ווערט דער וואָרט „עין" אויך אריבערגעטראָגען אין דעם זינן פון אַכטונג געבען, השגחה. גאָט'ס אויגען זיינען דאָרטען שטענדיג, מיינט עס גאָט'ס השגחה (מו"נ, חלק א, פרק מ"ד). דער וואָרט „ילד", געבוירען, איז פון אָנפאַנג געלייגט געוואָרען אויף געבוירען קינדער. שפּעטער איז ער אויך אריבערגעטראָגען געוואָרען אויף דער ענטשטעהונג פון נאַטירליכע זאַכען, ווי איידער „די בערג זיינען געבוירען געוואָרען"; אויך אויף דעם וואַקסען פון דער ערד לייגט זיך דער וואָרט „ילד", „די ערד האָט געבוירען", וואָס דאָס מיינט, אז עס איז אַרויסגעוואַקסען פון דער ערד. אויך אויף טעגליכע פּאַסירונגען, „וואָרום דו ווייסט ניט וואָס דער טאָג וועט געבוירען"; אויך אויף געדאַנקען: „און

ער האָט געבוירען פאַלשקייט" (מורה נבוכים", חלק א, פּרק ז"). קורץ, פּיעלע פון די העברעאישע ווערטער האָבען מעהר ווי איין בעדייטונג; פּיעלע קריגען אריבערגעטראָגענע בעדייטונגען, און דער וואָס ווייס ניט אין וועלכען זינן א בעשטימטער וואָרט ווערט געברויכט, קומט צו פאַלשע געדאַנקען. אויף אזא אופן זוכט דער רמב"ם צו ערקלעהרען די אלעיעניגע ווערטער, וואָס געפינען זיך אין דער ביבעל בנוגע גאָט און וואָס קענען פערשטאַנען ווערען, אז די ביבעל לערנט פון א קערפּערליכען גאָט, ווי צום ביישפּיעל: גאָט איז געשטאַנען, געגאַנגען, געזעהן; גאָט זיצט, גאָט צאָרענט און דער גלייכען. דער רמב'ם בעווייזט דערביי ארוים א געוואלדיגע און טיעפע קענטניס אין דער העברעאישער שפּראַך און א וואונדערבאַרען פילאָזאָפישען חוש צו ערקלעהרען די אַבשטאַמונג פון ווערטער.

„די אלעגאָריען אָדער משלים אין דער ביבעל זיינען פּאַראַנען צוויייערליי. עס זיינען דאָ משלים, וואו יעדער וואָרט האָט א בעזונדער מיין און א בעזונדערע כונה. עס זיינען אויך דאָ אזעלכע משלים, וואָס האָבען א נמשל נאָר בדרך כלל און וואו די פּרטים זיינען ניט וויכטיג: זיי זיינען דאָרטען אריינגעשטעלט געוואָרען כדי שעהנער צו מאַכען דעם בילד אָדער כדי מעהר צו פערבאָרגען די אינערליכע כונה. ווען דער פּסוק דערצעהלט, אז יעקב האָט געזעהן אין חלום ווי „דער לייטער שטעהט אויף דער ערד און זיין שפּיץ גרייכט אין הימעל", איז עס א משל פון דעם ערסטען מין. „דער לייטער" מיינט איין ענין; „שטעהט אויף דער ערד" מיינט א צווייטער ענין; „און זיין שפּיץ גרייכט אין הימעל" מיינט א דריטער ענין. דער משל מיט דער אויסגעלאַסענער פרוי אין משלי בעלאַנגט צום צווייטען מין: אונטער דעם וואָרט „זונה" ווערט פערשטאַנען די מאַטעריע, וואָס בייטשטענדיג איהרע פאָרמען פונקט ווי א זונה בייט איהרע מענער. די איינצעלהייטען וואָס ווערען דאָרטען דערצעהלט

ווענען דער „זונה“, זיינען בלויז כדי שעהנער צו מאכען דעם בילד“.

צו וואָס דארף מען אָבער אין גאנצען האָבען די משלים? צו וואָס זיינען זיי נויטהיג? פאר וואָס האָבען די נביאים און די תורה ניט געקענט אָפען און פשוט ארויסזאָגען זייער כונה? צו וואָס פערשטעלען? צו וואָס די סודות און די „סתרי תורה? דער רמב“ם געפינט א תירוץ אויך אויף דער דאָזיגער קשיא, און דער תירוץ איז כאראַקטעריסטיש פאר איהם.

דער רמב“ם האָט זעהר ווענינ דרך ארץ פאַר דעם גרויסען עולם פאַר דעם פּעבעל. עס איז ניטאָ נאָך איינער צו איהם אין דער גאַנצער אידישער ליטעראַטור, וואָס זאָל בעטראַכטען דעם „המון“ מיט אזא פעראַכטונג וויא דער רמב“ם. דער רמב“ם איז אַן אריסטאָקראַט דורך און דורך, אָבער ניט אזא וואָס האַלט פון יחוס פון געבורט אָדער יחוס פון רייכקייט. דער איינציגער יחוס ביי איהם איז דער יחוס פון שכל, דער יחוס פון דעם געלעהרטען, דער יחוס פון דעם פילאָזאָף, וועלכער האָט ענטוויקעלט זיין שכל און זיינע דיינקונגס־פעהיגקייטען ביז דער העכסטער מדרגה. ער איז דער „אדם השלם“, דער פאָלקאָמענער מענש, דער „איבערמענש“ אויף נ י ט ש ע׳ ם לשון. דער פּראָסטער מענש, וואָס האָט זיין שכל ניט ענטוויקעלט, וואָס האָט איהם ניט ארויסגעבראַכט מכח אל הפועל (פון מעגליכקייט אין ווירקליכקייט) פערדיענט גאר ניט דעם נאָמען מענש. ער איז א בהמה אין דעם געשטאַלט פון א מענשען, און נאָך ערגער ווייל ער קען זיין שעדליך*).

דיא אמת׳ען פון דער פילאָזאָפיע וואָס זיינען אויך דיא אמת׳ען פון דער תורה און דיא נביאים זיינען צו הויך פאַר

*) וכבר ידעת כי כל מי שלא הגיע לו זאת הצורה אשר בארנו ענינה הוא איננו איש, אבל בהמה על צורת איש ותבניתו. אבל יש לו יכולת על מיני ההיזק לחדוש הרעות, מה שאין כן לשאר בעלי חיים (מורה נבוכים, חלק ראשון, פרק ז“).

דעם המון, זיי זיינען פאר איהם אונפערשטענדליך און אונ־בעגרייפליך. זיי קענען איהם קיין נוטצען ניט ברייננען, זיי זיינען זאגאר שעדליך פאר איהם. ניט ווייל דיא דאזינע פילאזאפישע פארשונגען און געדאנקען זיינען אין עצם שעדליך, זיי זיינען בלויז שעדליך פאר דעם ניט ענטוויקעל־טען שכל. זיי קענען איהם נאר צוטומלען זיינע רעיונות און אין גאנצען איהם אראפפיהרען פון דעם וועג פון אמונה. א קינד וואס וועט עסען ווייצען־ברויט, פלייש און וויין, וועט ווערען קראנק, ניט ווייל דיא דאזיגע אכילות זיינען בעצם שלעכט, נאר ווייל זיינע פערדייאונגס־כוחות זיינען ניט שטארק גענוג. דיא גייסטיגע פערדייאונגס־כוחות פון דעם גרויסען עולם זיינען ניט שטארק גענוג, צו קענען פער־טראגען דיא דאזיגע אמת'ען. דערפאר זיינען דיא דאזיגע אמת'ען פערבארגען; דערפאר זיינען דא די „סתרי תורה“, וועלכע נאר דער „פאלקאמענער מענש“ קען ארויסדריננען. זיי זיינען געשריעבען האלב פערבארגען, האלב אפען, כדי דער פאלקאמענער מענש, סאי ווען ער האט געקראגען דיא „סתרי תורה“ בקבלה סאי ער איז צו זיי געקומען ביסלעכוויז מיט זיין אייגענעם שכל, זאל זיי פער־שטעהן. פאר דעם פראסטען עולם איז דיא תורה געשריבען אין דער שפראך וויא מענשען ריידען. דער גרויסער עולם איז וויא א קינד, וועמען מען מוז לאנגזאם ערציהען לויט זיין השגה נאך (מורה נבוכים, חלק ראשון, פרק ל"ג).

דער רמב"ם גלויבט, אז צוזאמען מיט דער תורה און דיא נביאים איז צו יחידי סגולה איבערגעגעבען געווארען אויך זייער אמת'ער מיין, דיא אמת'ע כונה, דיא „סתרי תורה“. נאר אז זיי זיינען אין פערלויף פון דער צייט פערלארען געגאנ־גען. „זיי וויסען, אז דיא פיעלע חכמות וואס זיינען געוועזן ביי אונזער אומה וועגען דיא אמת'ען פון די דאזיגע ענינים זיינען פערלארען געגאנגען אין פערלויף פון דער לאנגער צייט, צוליעב דעם וואס דיא נארישע אומות האבען איבער אונז געוועלטיגט, צוליעב דעם וואס ניט אלע האבען דאס געמעגט לעהרנען.... און צוליעב דעם וואס מען האט זיי ניט

געטאַרט פערשרייבען" (מורה נבוכים, חלק ראשון, פּרק ע"א).

ווייסען מיר אַלזאָ, וואָרום דיא תורה האָט געשריבען פערשטעלט. דער רמב"ם פערברייטעט זיך וועגען דעם דאָזיגען ענין און גיט אַז פינף אורזאַכען, וואָרום דער פּראָסטער מענש איז ניט פייהיג זיך אבצוגעבען מיט דעם שטודיום פון פילאָזאָפישע פראַגען (מורה נבוכים, חלק ראשון, פּרק ל"ד). בקצור איז עס דערפאַר, וואָס דער ענין איז אַ טיעפער, דעם „המונ'ס" שכל איז ניט גענוג ענטוויקעלט. דער געוויינליכער מענש איז אַריינגעטאָהן אין דאגות פרנסה און אין אַלערליי תאוות און דערצו מוז מען פריהער זיין גוט פּאָרבערייטעט, מען מוז ווייסען דיא אַלע נאַטור-וויסענשאַפטען, איידער מען שטודירט פילאָזאָפיע.

איצטער בלייבט דיא פראַגע, אויב דיא תורה האָט בכיון פערבאָרגען דיא אינערליכע כונות, טאָ וויא אַזוי ערלויבט זיך ער, דער רמב"ם, זיי צו ענטדעקען?

דער רמב"ם פערענטפערט זיך: „גאָט ווייס, אַז איך האָב ניט אויפגעהערט מורא צו האָבען צו שרייבען וועגען דיא דאָזיגע זאַכען, ווייל זיי זיינען פערבאָרגענע ענינים. עס איז נאָך ניט געשריבען געוואָרען אַזאַ ספר ביי אונזער פאָלק אין דער צייט פון דעם גלות, טאָ וויא אַזוי זאָל איך איצטער אָנפאַנגען שרייבען וועגען דעם? איך פערלאָז זיך אָבער אויף דעם, וואָס אין אַ צייט, ווען מען מוז אַרבייטען פון גאָט'ס וועגען, מעג מען פערבויגען דיא תורה, און אַז איך טהו עס נאָר פון גאָט'ס וועגען" (מורה נבוכים, פּתיחה). עס איז אַ צייט, וואָס מען מוז. עס געפינען זיך בלאָנדזענדע (נבוכים), וועלכע טראָגען זיך אַרום מיט ספיקות, וועלכע פערשטעהען ניט וויא אַזוי צו האַרמאָנירען די פילאָזאָפישע אמת'ען, וואָס זיי האָבען זיך ערוואָרבען מיט דער תורה. צוליעב זיי שרייבט ער דעם „מורה נבורים" ער ווייס, אַז דעם גרויסען עולם וועט עס שאַדען. אָבער ער וויל בעסער רעטען דעם חשוב'ען איינציגען: „און איך בין דער מענש, וואָס ווען איהם דריקט דער ענין, און עס איז איהם איינג די וועג און ער געפינט קיין מיטעל ניט ווי צו לערנען

דעם אמת, וואס איז בעוויזען געווארען, סאידען ווען ער זאל זיין גוט פאר דעם איינעם דעם חשוב'ען און ניט גוט פאר צעהן טויזענד נאארען, קלייב איך אויס צו זאגען עס פאר איהם אליין און מיך קימערען ניט דיא זלזולים פון דעם גרויסען עולם. איך וויל בעסער רעטען זיעם איינעם דעם חשוב'ען, וואס איז פערזונקען אין זיין צווייפעל, ווייזען איהם די וועג ביז ער וועט אויסגעהיילט ווערען" (מורה נבוכים, פתיחה).

דער המון קען ניט פערשטעהן דיא דאזיגע טיעפע ענינים. פאר איהם איז גענוג, אז ער זאל וויסען, אז גאט איז ניט קיין קערפער און ניט קיין קראפט אין א קערפער, אז ער איז פאלקאמען און אז ביי איהם איז ניט שייך קיין ענדערונג; אז ער איז איינער, און דערפאר מוז ער זיין אונקערפערליך, וויל א קערפער בעשטעהט פון צוויי: פון מאטעריע און פארם. דער וואס גלויבט אין א קערפערליכען גאט איז נאך ערגער וויא א געמצענדיענער. דעריבער איז א חיוב צו לעהרענען דיא אונקערפערליכקייט פון גאט אפילו צום אונוויסענדען, צו דער פרוי און צו דיא קינדער. מען דארף זיי געבען צו פערשטעהן, אז די פסוקים וואס דייטען אן אויף דיא קערפערליכקייט פון גאט האבען אן אנדער מיין, וועלכער איז בעוואוסט צו דיא חכמים (מורה נבוכים, חלק ראשון, ל"ה, ל"ו).

ווען עס קומט אבער צו דיא אייגענשאפטען אדער אייגענטהימליכקייטען פון גאט (תוארים), וויא מען דארף דיא דאזיגע „תוארים" ערוויטערען פון איהם, אין וועלכען זינן זיי ווערען אויף איהם געלייגט, וואס עס מיינט אז ער האט דיא וועלט בעשאפען, וואס עס מיינט זיין פיהרונג פון דער וועלט. וואס עס מיינען: זיין השגחה, זיין ווילען, זיין השגה, זיין וויסען, וואס עס איז נבואה און איהרע פערשיעדענע מדרגות... דאס זיינען אלץ טיעפע ענינים, דאס זיינען די אמת'ע „סתרי תורה", דאס זיינען די סודות, וואס ווערען שטענדיג דערמאנט אין דער ביבעל און אין דעם תלמוד.

און דאָס זיינען די זאכען, וואָס מען דארף וועגען זיי ניט ריי־דען באריכות אפילו צום ענטוויקעלטען מענשען *)

ווייסען מיר, אלזאָ, וועלכע פראגען די „סתרי תורה" בע־האַנדעלט, פאר וועלכע דער רמב"ם שרעקט זיך אזוי שטאַרק. און בעטראכט מען אויפמערקזאם דעם רמב"ם'ס געדאנקען וועגען די דאָזיגע ענינים, פאנגט אָן קלאָהר צו ווערען פאר וואָס ער איז אזוי פאָרזיכטיג און אויך פארוואָס עס האָבען זיך געפונען מענשען, צווישען זיי געלעהרטע, וואָס האָבען בע־טראכט דעם „מורה נבוכים" פאר אַ שעדליכען בוך און דעם רמב"ם פאר אַ כופר.

דער רמב"ם פערברייטעט זיך זעהר פיעל וועגען דער פראגע פון גאָט'ס „תוארים" (אטריבוטען, אייגענשאפטען אָדער אייגענטהימליכקייטען). ער פערנעהמט דערמיט איבער צעהן קאפיטלען (מו"נ חלק ראשון, נ'—ס"א). דאָ וועט איבער־געגעבען ווערען בקצור דער תמצית פון זיינע געדאנקען, און אויך ניט אין דעם סדר ווי דער רמב"ם טהוט עס.

וועגען גאָט קענען מיר נור ווימען, אז ער א י ז, אויף דעם איז דאָ אַ שכל'דיגער בעווייז (מופת). ווי עס קומט אָבער צו דעם ו ו י און ו ו א ס, צו זיין מ ה ו ת, צו דעם עצם פון זיין וועזען, ווייסען מיר גאָר ניט און קענען גאָר ניט ווי־סען. צושרייבען צו גאָט אירגענד וועלכע „תוארים" אין איר־גענד וועלכען זינן, קען מען ניט און עס איז אַ זינד געגען דעם בעגריעף פון גאָט'ס איינהייט. „דער וואס גלויבט, אז גאָט איז איינער מיט מעהרערע אטריבוטען, כאָטש ער זאָגט, אז ער איז איינער, גלויבט אין דער אמת'ן אין מעהרערע. עס איז

*) „אמנם הדברים בתוארים, ואיך ירוחקו ממנו, ומה ענין התוארים המיוחסים לו, וכן הדברים בבריאתו מה שבראו ובתאר הנהגתו לעולם, ואיך השגחתו בזולתו, וענין רצונו, והשגתו וידיעתו בכל מה שידעהו; וכן ענין הנבואה וכל מעלותיה... אלו כלם ענינים עמוקים, והם סתרי תורה באמת, והם הסודות אשר יזכרו בספרי הנביאים תדיר ובדברי רז"ל ואלו הם הדברים אשר אין צריך לדבר בהם אלא בראשי הפרקים כמו שזכרנו. ועם האיש המתואר גם כן" (מורה נבוכים, חלק ראשון, פרק ל"ח).

אזוי ווי די קריסטען זאגען אז ער איז איינער, אבער ער איז דריי און די דריי איז איינס. *) צו זאגען, ווידער, ווי אנדערע פילאזאפען בעהויפטען, אז גאט'ס אטריבוטען זיינען ניט זיין „מהות" און אויך ניט אויסערהאלב איהם, איז ניט מעהר ווי ווערטער, וואס האבען קיין זינן ניט. א זאך איז אדער ווי אן אנדער זאך אדער ניט ווי אן אנדער זאך. זיין ביידע צוזאמען איז אונמעגליך (מו"נ חלק א, פרק נ"א).

ריידען מיר וועגען דעם „מהות" פון גאט, מוזען מיר געדיינקען פיער פונקטען: 1) זיין אבסאלוטע אונקערפערליכקייט; 2) זיין אבסאלוטע אונפארענדערבארקייט און אז ער קען פון קיין זאך ניט ווערען בעווירקט אדער בעאיינפלוסט; 3) אז ער איז פאלשטענדיג, אז אלץ איז ביי איהם ווירקליכקייט אהן שום מעגליכקייט, דאס הייסט, אז ביי איהם איז אלץ אין „פועל" ניט אין „כח"; 4) אז צווישען איהם און די בעשאפענע זיינען ניטא קיינע פערגלייכונגען, קיינע שייכות'ן, קיינע עהנליכקייטען (מו"נ חלק א, פרק נ"ה).

די מענשליכע שפראך איז ארעם אין אויסדריקע; זי איז אן אינסטרומענט פאר מענשליכע געדאנקען און איז ניט פעהיג אויסצודריקען די ערדלסטע בעגריפע. געברויכענדיג די מענשליכע שפראך זיינען מיר געצוואונגען צו געברויכען ווערטער, וואס האבען א זינן פאר מענשען אבער וואס פאסען זיך בשום אופן ניט פאר גאט, ווייל צווישען גאט און דעם מענשען איז ניטא קיין שום עהנליכקייטס-פונקט. מיר זאגען צום ביישפיעל אויף גאט, אז ער א י ז, ער לעבט, ער קען, ער וויים, ער איז קלוג און ער וויל. ביי אונז אין געדאנק ווערען די דאזיגע אטריבוטען פון גאט צוזאמענגעמישט מיט אונזערע מענשליכע בעגריפע פון זיין, לעבען, קענען, וויסען, קלוגשאפט און ווילען. מיר נעהמען די זעלבע בעגריפע, מיר פערפיילפאכען און פערגרעסערען זיי, און ווענדען זיי אן

*) אמנם מי שהאמין שהוא אחד בעל תוארים רבים, כבר אמר שהוא אחד במלתו אבל רבים במחשבתו. וזה כמאמר הנוצרים הוא אחד אבל הוא שלשה והשלשה אחד (מורה נבוכים, חלק ראשון, פרק נ').

אויף גאָט; גאָט'ס קענען, וויסען, קלוגשאַפט און ווילען זיינען פיעל גרעסער פאַר אונזערע. דאָס איז אָבער אַ טעות. זיי זיינען ניט בלויז גרעסער, זיי זיינען אין גאַנצען אַנדערש אין זייער עצם און קענען בשום אופן ניט פערגליכען ווערען. איהר קענט פערגלייכען אַ קערענדיל מיט אַ פּלאַנעט, ווייל ביי ביידען זיינען דאָ די דריי מאָסען: לענג, ברייט און טיעפקייט; מען קען אָבער ניט פערגלייכען צוויי זאכען, וואס האָבען צווישען זיך קיין שייכות ניט. איהר קענט, למשל, ניט זאָגען, אַז די וואַרעמקייט איז גרעסער אָדער קלענער ווי דער בילד. גאָט עקזיסטירט, אָבער ניט מיט אונזער עקזיסטענץ; ער לעבט, ניט מיט אונזער לעבען; ער ווייס, ניט מיט אונזער וויסען; ער קען ניט מיט אונזער קענען; ער איז קלוג, ניט מיט אונזער קלוגשאַפט*). גאָט איז איינער, אָבער ניט אין דעם זינן ווי מיר פערשטעהען איינהייט; ער איז אַ „קדמון“ אָבער ניט ווי מיר פערשטעהען „קדמון“, ווייל ביי אונז איז דער דאָזיגער בעגריף פערבונדען מיט דעם בעגריף „צייט“, אויביג אין צייט. גאָט אָבער שטעהט אויסערהאַלב צייט.

קורץ, מיר קענען וועגען גאָט קיין זאך ניט וויסען און קיין זאך ניט זאָגען, וואָס זאָל אין אירגענד וועלכער וועג אויסדריקען די פּאָזיטיווע זייט פון זיין „מהות“, דאָס איז העכער פון אונזער שכל. מיר קענען פון איהם ריידען אין אַ נעגאַטיווען זינן, מיר קענען זאָגען וואָס ער איז ניט. ווען מיר זאָגען, אַז ער לעבט, דאַרפען מיר דערמיט פערשטעהן, אַז ער איז ניט דאָס, וואָס מיר רופען טוידט; ווען מיר זאָגען, אַז ער איז קלוג, מיינען מיר אין דער אמת'ן, אַז ער איז ניט דאָס, וואָס מיר רופען נאַריש; ווען מיר זאָגען, אַז גאָט האָט אַ ווילען, מיינען מיר, אַז ער איז ניט געצוואונגען אין זיין טהעטיגקייט פון אַנדערע סיבות. אַלע „תוארים“ פון גאָט דאַרפען פערשטאַנען ווערן ניט אַלס פּאָזיטיווע, נאָר אַלע נעגאַטיווע. דורך

*) ואם כן הוא נמצא ולא במציאות, וכן חי ולא בחיים, ויודע לא במדע, ויכול לא ביכלת, וחכם לא בחכמה (מורה נבוכים, חלק ראשון, פרק נ"ז).

די נעגאציאָנעז קענען מיר קריגען א מעהר אָדער ווענינער קלאָהרען בעגריעף פון איהם; וואס מעהר „ניטס" מיר וועלען זאגען וועגען איהם, אַלץ נעהענטער וועלען מיר קומען צום אמת. ווען מיר פּרובירען אָבער זאגען, וואס ער איז יא, בענעהען מיר שוין דערמיט גופא א זינד, ווייל מיר שרייבען צו איהם צו אונזערע בעגריפע און אונזערע פערגלייכונגען, און אויף אַזאַ ארט בעגרענצען מיר איהם. וואס מעהר שבחים, וואס מעהר פּאָזיטיווע אייגענ־שאַפטען, וואס מעהר מעלות מיר שרייבען איהם צו, אַלץ ער־גער איז עס. דער רמב"ם איז דארום בייז אויף די רעלי־גיאָנס־פּאָעטען, וואס האָבען אין זייערע תפילות אריינגע־טהאָן אזוי פיעל שבחים און מעלות פון גאָט, „מיינענדיג, אז דערמיט וועלען זיי איהם בעאיינפלוסען". ער רופט זיי נאַ־רען און זאגט, אז אין מאַנכע פון זייערע ליעדער געפינען זיך אַזעלכע נארישקייטען, „וואס מען וואלט געמעגט דערפון לאַכען, ווען דער פערשטענדיגער וואלט נימ געדאַרפט וויינען, וואס אַזעלכע זאכען זאגט מען וועגען גאָט" (מו"נ חלק ראשון, פרק נ"ט).

אין זיין לעהרע וועגען די געטליכע אייגענשאַפטען איז דער רמב"ם געגאַנגען ווייטער, ווי אירגענד וועלכער פון די אידישע פילאָזאָפען פאַר איהם. וועלענדיג אויסמיי־דען אירגענד עטוואַס, וואס קען אויפ'ן ווייטסטען אופן פערשטאַנען ווערען אלס א פנימה אין גאָט'ס איינהייט און אין זיין אונקערפּערליכקייט, איז דער רמב"ם געקומען צו א גאָט'ס בעגריעף, וועלכער איז טרוקען, שטרענג־לאָגיש, קאַלט און פרעמד צום מענשליכען הארץ און אונבעגרייפליך פאַר דעם מענשליכען שכל, — א ריינע, קאַלטע אַבסטראַקציע, „דאס איז דער גאָט פון אריסטאָ־טעלס, ניט דער גאָט פון אברהם", וואלט ר' י ה ו ד ה ה ל ו י אויף דעם געזאָגט.

דעם רמב"ם איז, אמת, געלונגען דורך אַלערליי אויס־טייטשונגען אריינצוקוועטשען דעם דאָזיגען גאָטעס־בעגריעף אין דער ביבעל און אין דעם תלמוד, אָבער זיינע געגנער

זיינען ניט געווען איינגאַנצען אונגערעכט, ווען זיי האָבען אין דעם געזעהן אַ געפאַהר פאַר'ן קיום פון דער אידישער אמונה. פיהרט מען צו דעם רמב"ם'ס גאָטעס־בעגריעף צו זיינע לאָגי־שע קאָנזעקווענצען בלייבט איבערהויפּט קיין פּלאַץ ניט פאַר „ענטפּלעקונג“ פאַר אירגענד וועלכע פּראַקטישע רעליגיאָן . . . דער רמב"ם איז ניט געגאַנגען אַזוי ווייט, ער האָט זיך ווי דערשראָקען פאַר די לאָגישע אויספיהרונגען פון זיינע בע־הויפּטונגען. ער האָט זיך אַ קירעווע געטהאָן אַן אַ זייט, אנערקענענדיג אי „ענטפּלעקונג“, אי תפילות, אי השגחה. אַזוי ווי גאָט איז פאַר אונז אונבעגרייפליך, קענען די אַלע זאַכען פאָרקומען אויף אַ וועג וואָס איז אונבעגרייפליך פאַר אונז. אין דעם איז דאָ אַ געוויסע לאָגיק, אָבער וועלכע איז ניט געווען בעפריעדיגענד פאַר זיינע געגנער. „ער האָט גע־וואָלט פעראייניגען די תורה מיט דער גריכישער פילאָזאָפיע צו מאַכען פון זיי איין געצעהלט; ער האָט געמיינט, אַז די ערשטע מיט די צווייטע זייגען אַ צווילינג, און עס האָט זיך אויסגעלאָזען אַ בראָך און אַ קלאָג. זיי קענען ניט לעבען צוזאַמען ווי שוועסטער, ווייל די אידישע פרויען זיינען ניט ווי די עגיפּטישע**), שרייבט דער געלעהרטער דאָקטאָר ר' יהודה א ב ן ־ א ל פ א ח א ר צו ר' דוד ק מ ח י.

*   *   *

ניט ווייניגער ראַדיקאַל ווייא דעם רמב"ם'ס אטריבוטען־לעהרע זיינען אויך זיינע לעהרען בנוגע די אַנדערע וויכטיגע רעליגיעזע פראַגען, וועלכע ער בעצייכענט מיט דעם נאָמען „סתרי תורה“.

פיעלע מענשען ווערען געשטרויכעלט, ווען זיי קומען צו דער פראַגע פון דעם תכלית פון דעם „זיין“ (מציאות). האָט דאָס „זיין“ אַ תכלית? איז דאָ אַ ציעל אין דער עקזיסטענץ פון דעם אוניווערזום?

*) למען תעמיד התורה עם חכמה היונית יחד, לחבר את האהל להיות אחד. ודמה היות הראשונה עם השניה כשני עפרים תאמי צביה, והיתה תאניה ואניה. ולא נשא אותם הארץ לשבת יחדו להיות כשתי אחיות, כי לא כנשי המצריות העבריות.

דיא פראגע דארף גוט פערשטאנען ווערען. עס האנדעלט זיך דא ניט וועגען דעם, צו יעדע איינצעל־זאך איז דעם אוניווערזום האט א תכלית? צו עס איז דא א סדר, אן ארדנונג און א צוזאמענהאנג אין די אלע נאטירליכע ערשיינונגען פון דער וועלט? יעדע איינצעל־זאך וואס איז, מוז זיין, ווייל דיא נאטור טהוט קיין זאך ניט אומזיסט. עס איז דיא אויפגאבע פון דיא נאטור וויסענשאפטען אויסצוגעפינען דיא דאזיגע פונקציאנען אדער תכליתים. א מענש האט פיס צום געהן, הענד צו ארבייטען, אויגען צו זעהן און אזוי כסדר.

מען קען נאך אויך געפינען א תכלית פאר דער עקזיסטענץ פון דיא גאנצע מינים. כאטש דאס איז שוין פערבונדען מיט גרויסע שוועריגקייטען. מען קען זאגען, וויא אריסטאטעלס בעהויפטעט, אז דער תכלית פון דער עקזיסטענץ פון דעם מין איז, כדי ער זאל קענען דערגרייכען דיא העכסטע מדרגה פון דער ענטוויקלונג. דער פראצעס פון דעם לעבען און אונטערגעהן (התמדת ההויה וההפסד) פון דיא יחידים פון דעם מין מענש, למשל, איז נויטהיג, כדי דער גאנצער מין מענש זאל זיך אלץ מעהר און מעהר ענטוויקלען, זאל דערגרייכען אלץ א העכערע און א העכערע מדרגה. עוואלוציע אין דער ריכטונג פון פראגרעס איז דער לעצטער תכלית אין דעם מין מענש וויא אויך אין דיא אנדערע מינים.

דיא פראגע איז אבער: צו איז דא אן ענדליכער ציעל (תכלית אחרונה) אין דער עקזיסטענץ פון דעם גאנצען אוניווערזום? צו איז דא אזא צו־וואס און צו דארף מען אזא ענדליכען ציעל זוכען און צו קען מען איהם געפינען?

דער רמב"ם ענטפערט: ניין. אזא ענדליכער תכלית איז ניטא. פאר דיא וואס גלויבען וויא אריסטאטעלס, אז דיא וועלט איז פון אוביג, קען גאר אזא פראגע ניט זיין. אויב דיא וועלט איז פון אוביג און איז ניט בעשאפען געווארען, הייסט דאך עס, אז איהר עקזיסטענץ איז אן אונפערמיידליכע (מחוייב המציאות), און ביי א זאך וואס עקזיסטירט לויט איהר אייגענער נאטור נאך על פי נויטהווענדיגקייט איז ניט

שייך קיין תכלית. איהר עקזיסטענץ איז ניט אבהענגיג פון קיינעם'ס ווילען און קען דארום ניט האבען קיין כונה אדער תכלית.

אויב מען זאָל אפילו אננעהמען, אז דער אוניווערזום איז א בעשאַפענער, וואָס דאָס, זאָגט דער רמב"ם, איז אונזער מיינונג, דאַרף מען אַלץ ניט זוכען קיין תכלית צו זיין עקזיס־טענץ. עס געפינען זיך פּיעלע, וואָס דיינקען, אז דער תכלית פון דער שעפּפונג איז דער מענש, וועלכער דאַרף דיענען גאָט; זיי מיינען, אז אַלץ וואָס עס איז געטאָהן געוואָרען איז פון זיינטוועגען; אז זאָגאַר דיא „גלגלים" דרעהען זיך צוליעב זיינע נוצען און צו בעפריעדיגען זיינע בעדירפניסע. איז מאַנכע שטעלען פון דיא נביאים, ווען מען זאָל אויסטייטשען זייערע ווערטער אין פּראָסטען פשט, קען מען אויך געפינען דיא דאָזיגע מיינונג. דאָס איז אָבער א טעות. אויב דער מענש איז דער תכלית פון דער וועלט, טאָ פאר וואס האָט גאָט ניט בעשאַפען דעם מענשען אליין אָהן, לאָמיר זאָגען, דיא הימלען? אויב מיר זאָלען שוין אפילו אָננעהמען, אז אַלץ איז צוליעב דעם מענשען, און דער תכלית פון דעם מענשען איז צו דיענען גאָט, טאָ וואָס איז דער תכלית פון דיענען גאָט? וואָס האָט גאָט דערפון, ווען מען דיענט איהם און וואָס פעהלט איהם, ווען מען דיענט איהם ניט? און אויב אימיצער וועט זאָגען, אז דאָס איז ניט פון גאָט'ס וועגען, נאָר פון אונזערט וועגען, ווייל דאָס איז גוט פאר אונז, וואָס מיר ווערען דורך דעם דיענען צו גאָט מעהר פערפאָלקאָמענט, — בלייבט אַלץ דיא פראַגע: וואָס איז דער תכלית פון אונזער זיין פערפאָלקאָמענט? מיר מוזען סוף כל סוף זאָגען, אז אזוי האָט גאָט געוואָלט, אזוי האָט גוזר געווען זיין חכמה. וואָס דאָס מיינט, אז מיר קענען קיין תכלית ניט געפינען.

מיר דאַרפען ניט זאָגען, אז אַלץ וואָס עס עקזיסטירט איז צוליעב דעם מענשען. יעדע זאַך האָט זיך איהר אייגענע עקזיסטענץ־בערעכטיגונג. עס איז ניט קיין פראַגע פון תכלית; עס איז א פראַגע פון ווילען. פונקט וויא גאָט האָט געוואָלט, אז דער מין מענש זאָל זיין, אזוי האָט ער אויך געוואָלט,

אז דיא הימלען און זייערע הערשאפטען, דיא מלאכים און אלע עקזיסטירענדע זאלען ז י י ן.

א מענש דארף ניט געגארט זיין און זיך איינריידען, אז דיא „גלגלים" און דיא מלאכים זיינען בעשאפען געווארען פון זיינטוועגען. דיא אויבערשטע וועלטען, דיא גלגלים און דיא שטערען זיינען אזוי גרויס און אזוי ערהאבען; דער מענש איז אזוי קליין און נישטיג לגבי זיי, אז עס איז פשוט אונמעגליך, דאס ער זאל זיין דער עיקר און זיי דער טפל. „דיא העכערע זאך ווערט ניט בעשאפען אלס א כלי פאר דער ניעדעריגערער זאך". ביי גאט איז איבערהויפט ניט שייך קיין תכלית, און אזוי וויא מיר קענען ניט זוכען דעם תכלית פון גאט'ס עקזיסטענץ, אזוי קענען מיר אויך ניט זוכען דעם תכלית פון זיין ווילען. (זעה מורה נבוכים, חלק שלישי, פרק י"ג, י"ד).

דער מענש איז אלזא, לויט דעם רמב"ם, ניט דיא קרוין פון דער שעפפונג, ניט דער תכלית פון דער בריאה, נאר בלויז א טהייל פון איהר, און ניט זעהר קיין וויכטיגער טהייל אין פערגלייך מיט דעם גאנצען אוניווערזום, כאטש ער איז דער וויכטיגסטער טהייל אויף אונזער קליינער ערד שוין דערמיט גופא, וואס ער בעזיצט דעם שכל.

אראפרייסען פון דעם מענשליכען קאפ דיא קרוין, וואס ער האט זיך אליין אנגעטאהן איז דאמאלס געווען א געוואג-טער שריט, און דער רמב"ם האט עס געוואגט. דער אויפ-מערקזאמער לעזער וועט בעמערקען, אז דעם רמב"ם'ס מיינונג וועגען דעם תכלית פון דער וועלט איז דיא זעלבע וויא אריס-טאטעלס'עס. דער אונטערשיעד איז נאר, וואס דער רמב"ם האלט אז דיא וועלט איז בעשאפען געווארען. בכלל קען מען זאגען, אז דער רמב"ם האלט זיך אן דיא לעהרען פון אריסטא-טעלס'ען אפילו דארטען, וואו ער געהט זיך פערנאנדער מיט איהם אין געוויסע פונקטען. ער זוכט דורכצופיהרען דיא אריסטאטעלשע פרינציפען פון זיין, פון דעם רמב"ם'ס, אייגענעם שטאנדפונקט, פון דעם שטאנדפונקט, אז דיא וועלט איז בעשאפען געווארען. דאס זעהט מען אויך ארויס פון זיינע

לעהרען װעגען „השגחה“. װעגען פרייען װילען. װעגען נבואה און דערגלייכען.

*　　*　　*

עס זיינען פאַראַנען פינף מיינונגען װעגען דער פראַגע פון השגחה:

1) דיא ערשטע מיינונג איז, אַז עס איז קיין השגחה איבערהויפּט ניטאַ, אַז אַלץ איז אַ צופאַל. דאָס איז דיא מיינונג פון עפּיקורען און זיין שוהלע.

2) דיא צװייטע מיינונג איז, אַז אויף מאַנכע זאַכען איז דאַ אַן השגחה און אויף מאַנכע ניט. דאָס איז דיא מיינונג פון אַריסטאָטעלס׳ען. די העכערע װעלטען, װעמעס אינדיװידוּ־עלע עקזיסטענץ איז אייביג און ביי װעלכע עס קומען ניט פאַר קיינע ענדערונגען, זיי זיינען שטענדיג אונטער דער אויפזיכט פון גאָט. אונטער דעם װאָרט „השגחה“ װערט פערשטאַנען גאָט׳ס השפּעה לויט דער נאַטור פון דיא זאַכען. זיי, דיא גלגלים, זיינען אייביג אין זייער נאַ־טור און גאָט׳ס השגחה אָדער גאָט׳ס השפּעה איז שטענדיג מיט זיי, אַז זיי זאָלען בלייבען אין דעם צושטאַנד װאָס זיי זיינען. אויף אונזער װעלט אָבער, אויף דיא װעלט פון ענדערונגען, פון זיין און פערגעהן, איז גאָט׳ס השגחה בלויז אויף דיא גאַנצע מינים, אָבער ניט אויף דיא איינצעלנע, װייל נאָר דער מין איז אייביג לויט זיין נאַטור נאָך, אָבער ניט דער יחיד פון דעם מין. אַלץ װאָס פּאַסירט מיט דיא יחידים איז אַ צופאַל, און עס איז קיין חלוק ניט, צו עס װערט צוטראָטען אַ מילבען־נעסט אָדער עס װערט איינגעפאַלען אַ געביידע, װאו מענשען זיינען מתפּלל צו גאָט. עס איז ביי איהם, ביי אַריסטאָטעלס׳ען, קיין אונטערשיעד ניט, צו אַ קאַץ צורייסט אַ מויז אָדער אַ הונגעריגער לייב צורייסט אַ נביא. גאָט׳ס השגחה קען נאָר זיין אויף דאָס, װאָס איז אייביג, שטענדיג און אונפערענדבאַר, װייל ער אַליין איז אַזוי. אויף דיא איבריגע קען ניט זיין גאָט׳ס השגחה. און דאָס הייסט בשום אופן ניט אַ פערמינדערונג פון גאָט׳ס קענען, װייל עס

זיינע פאראנענע זאכען, וואס זיינען לויט זייער נאטור נאך אונמעגליכקייטען (נמנעים). מען קען ניט זעהן קיין בע־גרענצונג אין גאט'ס קענען דערפאר, למשל, וואס ער קען ניט מאכען נאך אזא גאט וויא ער איז, אדער מאכען אז ער גופא זאל ניט זיין, אדער אז ער זאל ווערען א קערפער אדער זיך ענדערען.

3) דיא דריטע מיינונג איז, אז אויף דער גאנצער וועלט איז קיין שום צופאל ניטא; אז אלץ איז פון פאראויס בע־שטימט. דאס איז דיא מיינונג פון דיא א ש א ר י א י ט ע ן. דער ווינט, וואס האט איינגעווארפען דיא הויז, וואו מענשען האבען מתפלל געווען, איז ניט קיין צופאל. דער ווינט האט געמוזט קומען אין יענער צייט אויף יענעם פלאץ, ווייל אזוי איז בעשטימט געווארען פון גאט. קיין פרייער ווילען איז ניטא. דאס וואס ר א ו ב ן שטעהט און ש מ ע ו ן געהט ווען ער וויל איז ער נאר פריי לויט אונזער השגה נאך. אין דער אמת'ען האט דער איינער געמוזט שטעהן און דער אנדערער— געהן.

4) דיא פיערטע מיינונג איז, אז דער מענש איז פריי אין זיין אויסוואהל. דאס איז דיא מיינונג פון דיא מ ו-ט א ז י ל י ט ע ן. זיי גלויבען אויך, אז גאט ווייס אלץ און גיט אויף אלץ אכטונג. ער ווייס ווען דער מילבען־נעסט ווערט צוטראטען און ווען דער בלאט פון בוים פאלט ארונטער. איז דאך דיא קשיא, וויא קומט עס, אז אנדערע מענשען ווערען געבוירען קאליקעס איידער זיי האבען געזינדיגט? וויא קומט עס, אז דער פרומער ליידט צרות? פערענטפערען זיי דיא דאזיגע פראגען דערמיט, אז דאס איז פון זייער טובה וועגען, כדי זיי זאלען האבען עולם־הבא. זיי געהען נאך ווייטער און בעהויפטען, אז דיא געשאכטענע אונשולדיגע בהמה, אפילו דער געטויטעטער פליי אדער „כנה" וועט קריגען בעצאהלט פאר דיא יסורים אויף יענער וועלט...

איך קען ניט, זאגט דער רמב"ם, בעשולדיגען דיא דאזיגע דריי כתות פאר זייערע מיינונגען וועגען דער השגחה. יעדע פון זיי האט שטארקע גרינדע, וואס האט זיי געצוואונגען צו

זייערע מיינונגען. א ר י ס ט א ט ע ל ס האט זיך געוואלט האלטען אן דיא געזעצע פון דער נאטור. דיא א ש א ר י - א י ט ע ן האבען ניט געוואלט בעגרענצען גאט'ס וויסען און חכמה; דיא מ ו ט א ז י ל י ט ע ן האבען ניט געקענט צוגעבען, אז גאט איז א בעל־עולה.

5) דיא פינפטע מיינונג איז, אז דער מענש האט א פרייען ווילען, גאט האט איהם בעשאנקען דערמיט. ביי גאט איז אונמעגליך אן אונרעכט, און יעדער זאך פּאסירט על פּי גערעכטיגקייט. אפילו ווען א מענש שטעכט זיך איין מיט א דארן און האט דערפון יסורים איז עס א שטראף. ניט אלע מאל, אמת, פערשטעהען מיר גאט'ס וועגען, אבער דאס איז, וויל אונזער פערשטענדניס איז בעגרענעצט און ניט חס ושלום, וויל גאט בעגעהט אן אונרעכט. דאס איז דיא מיינונג פון דער תורה. מיין מיינונג וועגען דער פראגע איז, זאגט דער רמב"ם, און דאס איז דיא אמת'ע כונה פון דער תורה, אז עס איז יע דא א געטליכע השגחה אויף אונזער ערד, אבער אז זיא בעציהט זיך ב ל ו י ז א ו י ף ד ע ם מ ע נ ש ע ן. וועגען די אנדערע לעבעדיגע, דיא געוויקסען און דיא איבריגע, האלט איך זיך אן אריסטאטעלס' מיינונג. איך גלויב ניט, אז דער בלאט פון בוים פאלט דורך גאט'ס השגחה; איך גלויב ניט, אז דער שפין פערכאפּט דיא פליעג מיט גאט'ס השגחה; איך גלויב ניט, אז דיא פיש האט איינגעשלונגען דעם ווערימעל דורך גאט'ס ווילען. דיא דאזיגע אלע פּאסי־רונגען זיינען לויט מיין מיינונג, וויא עס איז אויך אריסטא־טעל'ס מיינונג, ריינע צופעלע (מקרים). וויא איך פערשטעה דיא געטליכע השגחה, איז עס א דירעקטע ווירקונג פון גאט'ס ה ש פ ע ה. דער מין, וואס בעזיצט דיא דאזיגע השפעה, וואס בעזיצט דעם שכל און וויים אלץ וואס א בעל שכל קען וויסען, בלויז צו איהם קען זיך די השגחה בעהעפטען. דאס מיינט ניט אז איך פערקלענער גאט'ס קענען; איך מיין אבער, אז גאט'ס השגחה איז א המשך פון זיין שכל און קען זיך בעהעפטען נאר צו א בעל-שכל. דערפון איז געדרונגען, אז דיא געטליכע השגחה איז ניט אויף אלע מענשען גלייך.

וואס העכער דער מענש איז, וואס מעהר זיין שכל איז ענטוויקעלט, אלץ מעהר לייגט זיך אויף איהם דיא השגחה. דער פּראסטער, אונענטוויקעלטער מענש, וועמענס שכל איז אויף א ניעדריגע מדרגה, איז אין דער הינזיכט גלייך צו דער בהמה (מורה נבוכים, חלק שלישי, פּרק ט"ו, ט"ז, י"ז, י"ח).

דעם רמב"ם'ס מיינונג וועגען השגחה איז דיא מיינונג פון אריסטאטעל'סען. דער איינציגער אונטערשיעד איז וואס לויט דעם רמב"ם איז אויך דא השגחה אויף דעם מענשען, און דאס בלויז אויפ'ן העכערען מענשען. גרינדענדיג זיך אויף אריסטאטעלסען, וועלכער בעטראכט דיא געטליכע השגחה אלס א המשך פון דעם געטליכען שכל'דיגען דיינקען, קומט דער רמב"ם צום שלום, אז דיא דאזיגע השגחה מוז אויך אנגעווענדעט ווערען אויף דעם מענשען, וואס איז א בעל שכל. *) דער רמב"ם בעקעמפּפט דעם געדאנק, אז גאט'ס השגחה לייגט זיך בלויז אויף דעם מ י ז און ניט אויף דעם יחיד. דא איז ער א מעהר לאגישער אריסטאטעליאנער וויא אריסטאטעלס גופא. דער מין איז בלויז אן „אידעע", א פארשטעלונג פון אונזער שכל, וועלכער האט אבער ניט קיין ווירקליכע עקזיסטענץ. וויא קען גאט'ס השגחה זיין אויף דאס, וואס עס עקזיסטירט ניט? דיא השגחה מוז דארום זיין אויף דיא יחידים פון דעם מין, נאטירליך אויף דיא וואס האבען דערגרייכט דיא נויטהיגע מדרגה. (ולא יתכן שנאמר שהשגחה מינית לא אישית... אחר שאין שום נמצא ח ו ץ ל ש כ ל בלתי האישים. ובאלו האישים נדבק השכל האלהי.

*) עס איז כדאי צו בעמערקען, אז דעם רמב"ם'ס קאמענטאטאר ש ם־ט ו ב, זאגט גלייך אויפ'ן פּלאץ, אז דעם רמב"ם'ס מיינונג וועגען השגחה איז דיא אריסטאטעלשע, און אז אריסטאטעלס האט גאר קיינמאל ניט געזאגט, אז גאט'ס השגחה ענדיגט זיך אויף אונזער וועלט. אריסטאטעלס מיינט אויך, לויט ש ם־ט ו ב, אז דער „אדם השלם", דער הויך־ענטוויקילטער מענש, איז דירעקט אונטער גאט'ס השגחה, און טאקע צוליעב דעם זעלבען טעם, וואס דער רמב"ם גיט אן (מורה נבוכים חלק שלישי, פּרק י"ח, ש ם־ט ו ב).

אם כן ההשגחה אמנם היא באישים האלה. (מו"נ חלק ג׳, פרק י"ח).

* * *

וועגען דעם עניז פון גאָט'ס וויסען, גלויבט דער רמב"ם, אז גאָט ווייס אלץ, מיט אלע פּרטים, פון פאראויס און אז דאס שטערט פון דעסטוועגען ניט דיא פרייע ברירה פון דעם מענשען. גאָט'ס וויסען איז אין גאנצען אנדערש וויא אונזער וויסען. „אונזער וויסען נעהמט זיך פון דיא ערפאַהרונגען און פאַסירונגען; וואס מעהר ערפאהרונגען, אלץ מעהר וויסען. ביי גאָט זיינען אלע שפעטערע פאַסירונגען א המשך פון זיין פריהערדיגען וויסען. א רעזולטאַט פון זיין „מהות". גאָט קריגט אלזא ניט קיין נייעם וויסען און ניט קיין צוגעקומענעם וויסען (מו"נ, חלק שלישי, פרק כ"א). גאָט'ס וויסען איז ניט בע-שטימענד; זיא שליסט ניט אויס דיא מעגליכקייט פון אויס-וואהל. וויא אזוי דאס איז מעגליך, קענען מיר ניט וויסען, ווייל דאס איז העכער פון אונזער השגה, ווארים קוים וואלטען מיר פערשטאַנען דיא נאַטור פון אזא וויסען, וואלטען מיר דאך אויך געהאַט דעם דאזיגען וויסען. פונקט וויא מיר קענען ניט בעגרייפען דעם מהות פון גאָט אזוי קענען מיר אויך ניט בעגרייפען דעם מהות פון זיין וויסען, ווייל זיין וויסען איז ער.

די אלע שוועריגקייטען פון דער דאזיגער פראגע שטאַמען דערפון, וואס מיר מישען צונויף אונזער וויסען מיט גאָט'ס וויסען. מיר קענען ניט וויסען א צוקינפטיגע פאַסירונג, סיידען ווען זיא איז אונפערמיידליך; דערפאר מיינען מיר, אז אויך גאָט'ס וויסען פון דער צוקונפט מאַכט צוקונפטיגע פאַסירונגען אונפערמיידליך. איז דער אמת'ן זיינען אונזער וויסען און גאָט'ס וויסען צוויי גאנץ בעזונדערע זאכען, וואס האבען צווישען זיך קיין שום שייכות ניט. מיר געברויכען דעם זעלבען ווארט, ווייל מיר האבען ניט קיין בעסערען. (מו"נ, חלק שלישי, פרק כ׳, כ"ג).

* * *

דיא מיינונגען וועגען דער נבואה, זאגט דער רמב"ם, זיינען דא דריי:

1) דיא מיינונג פון דעם נארישען המון, וועלכער גלויבט, אז גאט קען אויסקלייבען וועלכען מענשען ער וויל און מאכען איהם פאר א נביא, גאנץ גלייך צו ער איז א חכם אדער א נאר, יונג אדער אלט. ער דארף בלויז זיין א מענש פון גוטע מדות.

2) דיא מיינונג פון דיא פילאזאפען, וועלכע איז, אז נבואה איז א בעשטימטע פערפאלקאמענונג פון דער מענש־ליכער נאטור. דיא דאזיגע פאלקאמענהייט קען נאר עררייכען דער יעניגער, וועלכער האט געלערנט און געשטודירט, וועל־כער האט אויף אזא ארט ארויסענטוויקעלט זיין שכל פון מעגליכקייט אין ווירקליכקייט. לויט דער דאזיגער מיינונג קען א מענש זיך ניט לייגען שלאפען א פראסטער מענש און ערוואכען א נביא, אזוי וויא ער וואלט געפונען א מציאה. דער מענש וואס איז פאלקאם אין זיין שכל, אין זיינע גוטע מדות און אין דעם כח פון זיין פאנטאזיע, יענער איז דער נביא. יענער מ ו ז זיין דער נביא, ווייל יעדער מענש וואס איז אויף אזא אופן פארבערייטעט מוז זיין א נביא.

3) דיא דריטע מיינונג, און דאס איז דיא מיינונג פון דער תורה, וויא דער רמב"ם מיינט, איז דיא זעלבע וויא דיא מיינונג פון דיא פילאזאפען, מיט דעם קליינעם אונטערשיעד, וואס עס קענען זיך געפינען מענשען, וועלכע זיינען פארבע־רייטעט און ראוי צו נבואה און פון דעסטוועגען זיינען זיי ניט קיין נביאים. דיא פארבערייטונג אליין איז נאך ווייניג; עס דארף דערביי זיין אויך גאט'ס ווילען. ווארום דאס איז אזוי, איז איינע פון דיא זאכען וואס מיר פערשטעהען ניט. לויט דער נאטור פון דעם עניין דארף יעדער מענש, וואס איז פארבערייטעט דערצו זיין א נביא. (מורה נבוכים, חלק שני, פרק ל"ב).

נבואה איז אן השפעה פון גאט דורך דעם „שכל הפועל" פריהער אויף דעם מענשליכען שכל און דערנאך אויף זיין פאנטאזיע. דאס איז דיא העכסטע מדרגה וואס דער מענש קען דערגרייכען. דער נביא איז דער אמת'ער „אדם השלם", דער פאלקאמענער מענש. ווען דיא השפעה איז בלויז אויפ'ן שכל, דאן איז דער מענש נאר א חכם; ווען דיא השפעה איז

אי אויפ׳ן שכל און אי אויף דער פאנטאזיע, דאן איז ער א נביא ; ווען דיא פאנטאזיע אליין איז ענטוויקעלט, דאן איז ער א שטאאטס־מאן, א געזעצגעבער, א צויבערער און א שווארץ-קינסטלער (מו״נ חלק שני, פרק ל״ו, ל״ז).

דער רמב״ם פערברייטעט זיך זעהר פיעל וועגען נבואה. ער טהיילט איין דיא נביאים אין מדרגות, וואס זיינען איינע העכער פאר דיא אנדערע. דיא נבואה פון מ ש ה׳ ן איז א קלאס פאר זיך, העכער פון דיא אלע אנדערע, וועלכע קיין מענש א חוץ איהם האט ניט דערגרייכט.

דער רמב״ם זוכט צו ערקלעהרען נבואה אויף א נאטירליכער וועג. דער תמצית פון זיינע רייד איז, אז דער נביא איז בלויז דער „אדם השלם" ביי וועמען אלע זיינע פעהיגקייטען, סאי דער שכל, סאי די פאנטאזיע, זיינען ענטוויקעלט אויף דער העכסטער מדרגה. דיא נבואה קומט אויפ׳ן מענשען על פי רוב אין חלום אדער ווען ער געפינט זיך אין אן עקסטאטישען צושטאנד אויף דער וואהר. דאן איז דיא פאנטאזיע פריי און זיא ווערט ניט געשטערט פון דיא חושים. דאס איז וואס ער האט זיך פערטיעפט און דורכגעטראכט מיט זיין פאלשטענדיג ענטוויקעלטען שכל, ווען ער איז אויף דער וואהר, זעהט ער אין בילדער און אין געשטאלטען דורך זיין פאלשטענדיג ענטוויקעלטער פאנטאזיע אין חלום אדער אין א חלום-עהנליכען צושטאנד. דיא איינציגע אויסנאהמע איז משה רבינו, וועלכער האט געזעהן זיינע נביאות אלע מאל אויף דער וואהר.

* * *

אין „מורה נבוכים" איז ניטא קיין ספעציעלע אבהאנדלונג איבער „השארת הנפש" (אונשטערבליכקייט). פון פערשיעדענע שטעלען אין דעם מורה נבוכים גופא און אין רמב״ם׳ס אנדערע ספרים, קען מען אויסגעפינען זיין מיינונג וועגען דעם (זעה „שלטון השכל" פון א ח ד ה ע ם).

דיא אלע „גלגלים" זיינען לעבעדיגע און האבען בעזונדערע נשמות, וועלכע הייסען „שכליים נפרדים". דער ניעדעריגסטער „גלגל", אונזער וועלט פון אונטער דער לבנה,

האט אויך א נשמה, וועלכע הייסט „שכל - הפועל“. די מענשליכע נשמה, דער שכל'דיגער טהייל פון איהר, שטאמט אב פון דעם דאזיגען „שכל הפועל“ (מו"נ, חלק שני, פרק ד').

ווען דער מענש קריעגט די נשמה איז זי בלויז אין א צושטאנד פון מעגליכקייט; זי האט די מעגליכקייט צו ווערען א ווירקליכקייט; זי בעזיצט אן הכנה, א פארברייטונג, צו ווערען א ווירקליכקייט. דאס קען זי ווערען נאר דאן, ווען דער מענש מיט זיין שכל בעגרייפט דעם „שכל הפועל“ און דורך דעם פעראייניגט ער זיך מיט איהם. די נשמה איז אלזא בלויז דאן אונשטערבליך, ווען זי ווערט פעראייניגט דורך'ן שכל מיט דעם אייביגען „שכל הפועל“. דער רמב"ם האלט זיך דא אן דעם זעלבען געדאנק, וויא אין זיין שיטה איבער השגחה. נאר דער הויך - ענטוויקעלטער מענש, וועלכער בעשעפטיגט זיך מיט די אייביגע פראגען און קען זיך פעראייניגען דורכ'ן שכל מיט דעם אייביגען „שכל הפועל“ איז אונשטערבליך און אייביג. די מענשליכע נשמה אום צו ווערען אייביג דארף זיך קענען פעראייניגען מיט דער אייביגקייט. „די מענשליכע נשמות וואס בלייבען נאכ'ן טויט זיינען ניט די זעלבע, וואס די מענשען האבען געקראגען ביי זייער געבוירען. ביים געבוירען בעזיצט די נשמה בלויז א מעגליכקייט; דאס וואס בלייבט נאך דעם טויט איז שוין א ווירקליכקייט“. *) דער מענש דורך זיין פארשען און שטודירען האט איהר ארויסגעבראכט „מכח אל הפועל“. דערפון פאלגט, אז פרומקייט און גוטע מעשים אליין זיינען ניט גענוג, אז דער מענש זאל זיך ערווערבען אונשטערבליכקייט. דער עיקר איז די שכל'דיגע טהעטיגקייט בנוגע די אייביגע עקזיסטענצען. גלויבען אליין אין די דאזיגע אמת'ן איז ווייניג; עס איז דערצו נויטהיג די ט ה ע ט י ג ק י י ט פון שכל, ווייל נאר דורך דער דאזיגער ט ה ע ט י ג ק י י ט ווערט די נשמה ארויסגערופען אין דער ווירקליכקייט (זעה „שלטון השכל“, פון אחד העם).

*) כי הנשמות הנשארות אחרי המות אינה הנשמה ההוה באדם כשיתהוה. שזאת ההוה בעת התהוותו היה כוח ההכנה לבד והדבר הנבדל אחר המות הוא הדבר המגיע בפועל (מו"נ חלק א', פרק ע').

עס פערשטעהט זיך, אז אזא משונה'דיגע, אריסטאָקראַ־טישע און העכסט ברוטאַלע אנזיכט פון אונשטערבליכקייט, וועלכע האט פעראורטהיילט דיא גאַנצע מענשהייט צו פער־ניכטונג און האט איבערגעלאזען בלויז דיא יחידי־סגולה, דיא „איינציגע פון דור", האט ארויסגערופען א פראטעסט און א שנאה געגען רמב"ם אין דיא אַלע קרייזען, וועלכע זיינען ניט פערבלענדעט געוואָרען פון דעם רמבם"ס גרויסקייט.

פון אן עטהישען שטאַנדפּונקט איז עס באמת פיעל ערגער וויא א פאַלשטענדיגע אבלייקענונג פון אונשטערבליכ־קייט. ווען אונשטערבליכקייט איז איבערהויפּט ניטאַ, דאן זיינען מיר אַלע גלייכע יחסנים. ווען אונשטערבליכקייט ווערט אבער געגעבען בלויז צו דיא פילאזאפען איז עס אן אונערטרעגליכער גייסטיגער אריסטאָקראַטיזם.

עס איז אהן צווייפעל, אז דעם רמב"ם'ס פעראכטונג צו דעם „המון" האט פיעל בייגעטראַגען צו זיין אנזיכט וועגען אונשטערבליכקייט. מען מוז אבער צוגעבען, אז ער איז דערצו געצוואונגען געוואָרען דורך זיין לאָגיק.

* * *

ווי עס איז שוין בעמערקט געוואָרען, האָט דער רמב"ם געגלויבט, אז די אידען האָבען אין די אמאָליגע צייטען גע־וואוסט פון די אמת'ע חכמות און די אמת'ע פילאָזאָפיע, וועלכע זיינען אָבער צוליעב די צרות און צוליעב דעם גלות פערגעסען געוואָרען. פון דער נייער אידישער פילאָזאָפיע האלט ער גאַנץ ווייניג. ער מאכט בלויז אן אויסנאהמע מיט מאנכע אידישע פילאָזאָפען פון אנדאלוזיען, שפאניען. עס איז ניט קלאָהר וועמען ער מיינט מיט דיא אנדאַלוזיער פילאָזאָפען, אָבער עס ווייזט אויס, אז ער מיינט דערמיט אבן דאוד.

וועגען די אנדערע אידישע פילאָזאָפען, „ווי מאנכע פון די גאונים און איינינע פון דיא קאראאימען", זאָגט דער רמב"ם, אז זיי האָבען זייערע מיינונגען און פילאָזאָפרייען איבערגענומען פון די מאהאָמעדאנער. דיא מאהאָמעדאנער,

ווידער האבען זיי איבערגענומען פון דיא קריסטליכע גריכען און סיריער.

ווען דאס קריסטענטהום האט זיך אנגעפאנגען צו פערשפרייטען צווישען די דאזיגע פעלקער, דערצעהלט דער רמב"ם, האבען זייערע געלעהרטע גענומען איינזעהן, אז די נייע אמונה שטימט ניט איין מיט די לעהרען פון דער גריכישער פילאזאפיע. זיי האבען דעריבער גענומען אויסטייטשען דיא פילאזאפיע אזוי, אז זיא זאל זיך צופאסען צו דיא לעהרען פון זייער תורה. וואס עס האט זיך געפאסט פאר זייער אמונה אדער וואס איז ניט געווען אין געגענזאץ צו איהר האבען זיי אנגענומען ; די איבריגע האבען זיי פארווארפען. זיי, די דאזיגע געלעהרטע, האבען אפילו בעהויפטעט, אז זיי זיינען געקומען צו זייערע געדאנקען ניט ווערענדיג בעאיינפלוסט פון זייערע רעליגיעזע איבערצייגונגען. אבער דאס איז ניט אמת : אונבעוואוסט פאר זיך אליין האבען זיי אנגענומען דאס, וואס עס האט זיך געפאסט פאר זייער אמונה און פערווארפען דאס, וואס עס האט זיך ניט געפאסט.

ווען דער מאהאמעדאניזם איז ערשיענען און דיא מאהאמעדאנער האבען זיך גענומען צו איבערזעצען די דאזיגע פילאזאפישע ספרים, האבען זי אויך איבערזעצט די נייע פרושים און אויסטייטשונגען, מיינענדיג, אז דאס גופא בעלאנגט צום פילאזאף (אריסטאטעל'ן). די אראבער האבען אלזא ניט געקראגען די ריינע אריסטאטעלשע פילאזאפיע, נאר מיט דיא הוספות פון די קריסטליכע גריכען און סיריער. זיי, פון זייער זייט, האבען ווידער גענומען אויסטייטשען די פילאזאפיע אזוי, אז זי זאל זיך פאסען צו זייערע רעליגיעזע מיינונגען.

דער רמב"ם רופט די דאזיגע פילאזאפען „מדברים“ (מוטאקאלימון). ווייל זיי האבען געזוכט צו צופאסען די פילאזאפיע צו דעם ו ו א ר ט פון זייערע תורות. „דער סך הכל איז, אז די ערשטע „מדברים“, סאי די קריסטליכע גרי־

כען סאי די מאהאמעדאנער, האבען זיך ניט גערעכענט אין זייער פילאזאפיע מיט דעם, וואס עס א י ז, נאר זיי האבען זיך געקליגט אויסצוגעפינען ו ו י עס ד א ר ף ז י י ן, כדי עס זאל שטימען מיט זייער פריהערדיגער אנגענומענער מיינונג". *) זיי האבען ניט געבויט די טהעאריע לויט די פאקטען, נאר זיי האבען פערדרעהט די פאקטען צוליעב זייער טהעאריע.

דאס אליין וואלט שוין געווען גענוג פאר דעם רמב"ם צו פערוואַרפען זייער פילאזאפיע. א פילאזאפיע, וואס איז א דיענסט ביי דער אמונה, איז פאר איהם קיין פילאזאפיע ניט. דער מענשליכער שכל דארף ניט זיין געפענטעט אין זיינע פארשונגען צוליעב אנגענומענע מיינונגען און גלויבענס. דער רמב"ם, ווי מיר וועלען שוין „טייטש אויך אויס", אבער ניט די פילאזאפיע, נאר דעם „געשריעבענעם ווארט"...

נאך דעם ווי דער רמב"ם גיט איבער אין קורצען די היסטאריע פון דער קריסטליכער גריכיש-סירישער און דער אראבישער פילאזאפיע, נעהמט ער זיך פערנאנדערגליעדערען און קריטיקירען די דאזיגע פילאזאפיע. זיין קריטיק איז טיעף, שארף און אונ'ברחמנות'דיג. ער ברייננגט דארטען צוועלף הויפט יסודות, די לעצטע פון וועלכע איז זייער בעהויפטונג, אז מען קען זיך ניט פערלאזען אויף די חושים. „דאס", זאגט דער רמב"ם סארקאסטיש, „איז פאר זיי נויטהיג. ווען מען בעווייזט זיי, אז זייערע בעהויפטונגען שטימען ניט מיט דיא פאקטען וויא מיר ערפאהרען זיי דורך דיא חושים, האבען זיי א פארטיגען תירוץ, אז די חושים קען מען ניט טרויען" (מו"נ. חלק א', פרק ע"ג).

---

*) כלל, סוף דבר, כי כל המדברים הראשונים מן היונים והמתנצרים ומן הישמעאלים לא נמשכו אחר הנראה מענין המציאות תחילה בהקדמותיהם, אבל ישתכלו איך צריך שיהיה המציאות עד שתהיה ממנו ראיה על אמתת זה הדעת (מורה נבוכים, חלק ראשון, פרק ע"א.

דאן ברייננט דער רמב"ם זייערע בעווייזע, אז די וועלט איז בעשאפען געוואָרען. ער ברייננט זייערע זיבען אזעלכע ראיות און בעווייזט, אז זיי בעווייזען גאָרניט. דיא זיבעטע ראיה איז: „אויב די וועלט איז פון אייביג, דאן איז דאך די צאהל פון דיא געשטאָרבענע מענשען אונענדליך. דאס וועט דאך הייסען, אז עס עקזיסטירט אן אונענדליכע צאהל פון נשמות, און אן אונענדליכקייט אין דער ווירקליכקייט איז דאך אונמעגליך".

דער רמב"ם חוק'ט פון אזא מין „בעווייז" ; ער זאָגט: „דאס איז א זאָנדערבאַרער וועג, וויא צו ערקלעהרען איין זאך וואס מען וויים ניט מיט אנאנדער זאך, וואס מען וויים נאך ווייניגער. אויף דעם פאסט זיך דער בעקאנטער ווער־טעל: דיין עדות ברויכט אן עדות. ער ברייננט א ראיה פון אונשטערבליכקייט, אקוראט ווי ער וואָלט אין דעם געווען זיכער, ווי ער וואָלט וויסען ווי עס בלייבט איבער און וואס עס בלייבט איבער. אויב די טענה איז גערייכטעט געגען אזא פילאזאף, וואס גלויבט אין דער אייביגקייט פון דער וועלט און גלויבט אין דער זעלבער צייט אויך אין דער אונשטערבליכקייט פון דער נשמה ,דאן דארף מען דאך פריהער וויסען, וואס ער פערשטעהט אונטער אונשטערב־ליכקייט. מאנכע פון די לעצטע פילאזאפען האָבען שוין די פראַגע פערענטפערט: די נשמות וואס בלייבען זיינען ניט קיין קערפערס, וואס פערנעהמען פלאץ, און די אונמעגליכ־קייט פון אונענדליכקייט לייגט זיך דארום ניט אויף זיי". (מורה נבוכים, חלק ראשון, פרק ע"ד).

דאן נעהמט זיך דער רמב"ם צו אנאליזירען זייערע באַ־ווייזע וועגען דער איינהייט פון גאָט. זייער ערשטער באַוויי איז, אז אויב עס וואָלטען געווען צוויי געטער, וואָלט געקענט מעגליך זיין, אז א זאך זאל זיין אין איין און דער זעלבער צייט אין צוויי געגענגעזעצטע צושטענדע. א זאך וואָלט, למשל, געקענט זיין אי ווארעם אי קאלט אין איינער און דער זעלבער צייט. ווארעם, ווייל אזוי וואָלט געוועלט איין גאט, און קאלט,

ווייל אזוי וואלט געוועלט דער צווייטער. דאס איז דאך אבער אונמעגליך.

דאס, זאגט דער רמב"ם, וואלט געווען אן ארגומענט, ווען מען זאל זיך האלטען אן זייער טעאריע פון אטאָמען, אז די גאנצע וועלט, די וועלט פון גלגלים און די וועלט פון אונטער דער לבנה, בעשטעהען פון די זעלבע מינים אטאָמען. ווי וועט אבער זיין, ווען איינער האלט זיך אן די מיינונג פון אריסטאָ־טעלסען, אז די וועלט פון די גלגלים באשטעהט פון אן אנדער מין מאטעריע, פון דעם „פינפטען עלעמענט"? דאן קען מען דאך זאגען, אז עס זיינען דא צוויי געטער: איינער וואס איז ממונה אויף די אויבערשטע וועלטען און איינער וואס האט צו זאגען אויף דער אונטערשטער וועלט. אזוי אנאליזירט דער רמב"ם אלע זייערע באווייזע וועגען דער איינהייט פון גאט און קומט צום שלוס, אז זיי האלטען ניט אויס קיין קריטיק (מו"נ, חלק א, פרק ע"ה).

דאן געהט ער אריבער צו זייערע ראיות וועגען דער אונ־קערפּערליכקייט פון גאט. דער רמב"ם איז מיט זיי ניט צו־פריעדען: ער געפינט, אז זיי זיינען נאך שוואכער, ווי זייערע ראיות וועגען גאט'ס איינהייט (מורה נבוכים, חלק א, פרק ע"ו).

די גאנצע פילאזאפיע פון די „מדברים" געפעלט ניט דעם רמב"ם. זייערע באווייזע און זייערע ארגומענטען זיינען נאר גוט פאר מענשען, וואס וויסען ניט דעם חלוק צווישען דעם לאגישען דענקען, וואס איז באגרינדעט אויף פאקטען און פוסטע סאפיזמען.

ווען עס וואלט געקענט בעוויזען ווערן אז די וועלט איז א בע־שאפענע, וואלט מען ניט געדארפט האבען קיין אנדער בעוויין אויף דער עקזיסטענץ פון גאט. דאס קען אבער ניט געטהאן ווערען: „די שעפּפונג פון דער וועלט קען ניט בעוויזען ווערען מיט אן אונבעשטרייטבארען בעוויין; דאס איז א זאך, וואס שטעהט העכער פון דעם מענשליכען שכל*.) וויבאלד אבער,

*) שזאת השאלה, רצוני לאמר קדמות העולם או חדושו, לא יגיעו אליה במופת חותך ושהיא מעמד שכלי (מו"נ, חלק א', פרק ע"א.)

אז דאס קען ניט בעוויזען ווערען, טא ווי אזוי קענען מיר אויף דעם בויען די עקזיסטענץ פון גאט? עס וועט אויסקומען, אז אויב די וועלט איז א בעשאפענע איז דא א גאט און אויב די וועלט איז אן אייביגע, איז, חס ושלום, קיין גאט ניטא. „איך האלט זיך דעריבער אז די ארגומענטען פון די פילאזאפען (פון אריסטאטעלסען און זיינע תלמידים), וועלכע בעווייזען די עקזיסטענץ, די איינהייט און די אונקערפערליכקייט פון גאט אפילו ווען מען זאל אננעהמען, אז די וועלט איז אייביג. ניט ווייל איך גלויב, אז די וועלט איז אייביג, אין דעם געה איך זיך מיט די פילאזאפען פארנאנדער, אבער איך געברויך זייערע ארגומענטען. אין קורצען איז אזוי: די וועלט איז אדער אייביג אדער בעשאפען. אויב זי איז בעשאפען מוז זיין א גאט, ווארים א שעפפונג מוז האבען א שעפפער. אויב די וועלט איז פון אייביג, מוז בעוויזען ווערען, אז עס איז פאי-ווי־סאי פאראנען אן אונקערפערליכע, איין־איינציגע, אונפערענדער־בארע ערשטע אורזאכע, און דאס איז גאט". (מו"נ., חלק א, פרק ע"א).

פריהער פאר אלץ איז נויטיג צו בעגרינדען די עקזיסטענץ פון גאט אויף אזעלכע בעווייזע, וואו עס קענען גאר קיין חלוקי דעות ניט זיין, וועלכע זיינען בעגרינדעט אויף דער נאטור פון דער וועלט, בעווייזע וואס קומען ניט אין קאנפליקט מיט אונזערע חושים און אונזער שכל. געלינגט אונז דאס, קענען מיר זיך ערשט דאן נעהמען צו דער פראגע, צו די וועלט איז אן אייביגע אדער א בעשאפענע. דער רמב"ם בענוצט זיך דארום מיט די אריסטאטעלישע בעווייזע וועגען דער עקזיסטענץ פון גאט, אננעהמענדיג אויף א ווילע די השערה, אז די וועלט איז אן אייביגע. דאן, ווען ער ווערט פארטיג דערמיט, פערווארפט ער די אריסטאטעלישע השערה וועגען דער אייביגקייט פון דער וועלט און האלט זיך ביי דער מיינונג, אז די וועלט איז א בעשאפענע.

די וויכטיגסטע ראיה אויף דער עקזיסטענץ פון גאט, וואס דער רמב"ם געברויכט, איז אונז שוין בעקאנט. דעם זעלבען בעוויז האט שוין אברהם אבן־דאוד גע־

ברויכט פאַר איהם. ער איז דער אַריסטאָטעלישער בעוויז, וואָס ווערט בעגרינדעט אויף דעם מעכאַנישען געזעץ פון בעוועגונג. יעדער קערפּער וואָס בעוועגט זיך מוז האָבען אַ בעוועגער; דער בעוועגער מוז האָבען אַ צווייטען בעוועגער, דער צווייטער אַ דריטען און אַזוי כסדר ביז מיר מוזען ענדליך קומען אין אונזער שכל צו דעם ערשטען בעוועגער, וואָס מוז אַליין בלייבען אונבעוועגט. וואָרים אַז ניט, מוז ער דאָך אויך האָבען אַ בעוועגער. דער דאָזיגער אונבעוועגטער בעוועגער איז גאָט.

דער רמב"ם געברויכט דעם זעלבען בעוויז וואָס אַ ב ן ־ ד אַ ו ד, אָבער ער בעהאַנדעלט איהם ברייטער, סיסטעמאַטישער און אויספיהרליכער. פריהער ברענגט ער זעקס און צוואַנציג פּאָסטולאַטען (הקדמות). און אויף זיי בויט ער זיין לאָגישען בנין. אַלע בעוועגונגען, וואָס קומען פאַר אויף דער וועלט, ענדיגען זיך מיט די בעוועגונגען פון די הימעלישע קערפּערס. לאָמיר נעהמען אַ ביישפּיעל: „דער שטיין ווערט בעוועגט פון שטעקען, דער שטעקען פון האַנד, די האַנד פון די מוסקולען, די מוסקולען פון די בלוט־געשיר, די בלוט־געשיר פון די נערווען, די נערווען פון די נאַטירליכע וואַרעמקייט, די נאַטירליכע וואַרעמקייט פון דעם בעל־חי. ער איז די ערשטע סבה פון דער בעוועגונג פון דעם שטעקען, אָבער ער האָט דערביי אַ ציעל, לאָמיר זאָגען, צו פערמאַכען מיט דעם שטיין אַ לאָך, פון וואַנען עס בלאָזט אַ ווינד. דער ווינד קומט פון די בעוועגונגען פון די הימעלישע קערפּערס (גלגלים). און ווען מיר קומען ענדליך צום „גלגל" מוז ער אויך האָבען אַ בעוועגער.

דער דאָזיגער בעוועגער מוז זיין אָדער א י ן דעם הימעלישען קערפּער אָדער א ו י ס ע ר ה א ל ב איהם. אויב ער איז אויסערהאַלב איהם, מוז ער זיין אָדער אַ קערפּער אָדער ניט קיין קערפּער. אויב ער איז אין איהם, מוז ער זיין אָדער אַ קראַפט וואָס פערשפּרייט זיך איבער'ן גאַנצען קערפּער אַזוי ווי היץ און קען צוטיילט ווערען מיט דעם קערפּער, אָדער אַ קראַפט וואָס קען ניט צוטיילט ווערען, ווי די נשמה. אויב דער בעוועגער איז אַ קערפּער אויסערהאַלב דעם

גלגל. מוז ער דאך גופא אויך האבען א בעוועגער און אזוי ביז דער אונענדליכקייט, וואס דאס איז אונמעגליך.

אויב דער בעוועגער איז א קראפט אין דעם גלגל גופא, קען דיא בעוועגענדע קראפט ניט זיין אונענדליך, ווייל דער גלגל איז א קערפער און א קערפער וואס איז ענדליך קען ניט ארויסגעבען קיין אונענדליכע קראפט: די בעוועגונג פון „גלגל" וואלט אויף אזא אופן געמוזט אויפהערען.

אויב אפילו די בעוועגענדע קראפט איז אן אונטיילבארע ווי די נשמה, קען די בעוועגונג אויך ניט זיין קיין אייביגע און שטענדיגע, ווייל א זאך וואס קען זיך אמאל יע און אמאל ניט בעוועגען, מוז זיך אמאל געפינען אין רוהע, ווען עס איז ניטא קיין אורזאכע וואס רופט ארויס די בעוועגונג.

מיר מוזען אלזא זאגען, אז דער בעוועגער פון די גלגלים איז א קראפט אויסערהאלב זיי, וואס ווערט אליין ניט בעוועגט. ער מוז אויך זיין איינער, אונענדליך, אונקערפערליך און אויך אויסערהאלב דער צייט, ווייל צייט איז נאר שייך, וואו עס איז דא בעוועגונג (מורה נבוכים, חלק שני, פרק א').

וואס אנבעלאנגט צו דער פראגע וועגען דער וועלט־שעפפונג, זאגט דער רמב"ם זיינען דא דריי מיינונגען:

1) די מיינונג פון דער תורה, אז אלע, סאי די העכערע און סאי די נידעריגע וועלטען, איז בעשאפען געווארען פון גארניט. אפילו די צייט איז אויך בעשאפען געווארען, ווארים צייט איז דער אויסדרוק פון בעוועגונג, און ווען קיין בעוועגונג איז ניט געווען, האט אויך קיין צייט ניט געקענט זיין.

2) די צווייטע מיינונג איז די פלאטאנישע. די וועלט איז א בעשאפענע, אבער גאט האט איהר ניט געקענט בעשאפען פון גארניט. דאס איז אן אונמעגליכקייט פונקט ווי עס איז אונמעגליך, אז א זאך זאל זיין און ניט זיין אין איינער און דער זעלבער צייט; פונקט ווי עס איז אונמעגליך, אז גאט זאל בעשאפען נאך א גאט צו זיך; פונקט ווי עס איז אונמעגליך, אז גאט זאל מאכען, אז דער „אלכסון" פון א פיער־עק זאל זיין גלייך צו דעם זייט פון פיער־עק. דאס איז א נאטירליכע אונמעגליכקייט, וואס דאס בעווייזט בשום אופן ניט

א פערמינערונג אין גאט'ס קענען. זיי זאגען דעריבער, אז עס האט עקזיסטירט אן אייביגע מאטעריע, פון וועלכע אלץ איז בעשאפען געווארען. די הימעלשע קערפערס זיינען אויך געמאכט געווארען פון דער דאזיגער מאטעריע און זיינען דארום אויך אונטערווארפען דעם געזעץ פון זיין און אונטערגעהן. זייער זיין קומט ניט פון גארניט און זייער אונטערגעהן איז ניט קיין פערשווינדען אין גארניט. דיא מאטעריע קען ניט פערשווינדען. זיא בייט בלויז איהרע פארמען. דער חלוק צווישען די מיינונג פון דער תורה און די מיינונג פון פלאטא בעשטעהט אין דעם, וואס לויט דער ערשטער איז אלץ בעשאפען געווארען פון גארניט, ווערענד לויט דער לעצטער איז אלץ בעשאפען געווארען פון דער מאטעריע.

3) דיא דריטע מיינונג איז דיא אריסטאטעלישע. דיא אור־מאטעריע איז אויביג, אין דעם קומען זיי זיך צוזאמען מיט דיא פלאטאניקער. אבער אויך בעוועגונג און צייט זיינען אייביג. דיא אויבערסטע און אונטערסטע וועלטען זיינען אייביג און ניט אונטערווארפען דעם געזעטץ פון זיין און פערגעהן. דיא ענדערונגען וואס קומען פאר אויף דער ערד נעהמען זיך דערפון, וואס דיא מאטעריע האלט כסדר אין בייטען איהרע פארמען. דער עצם מאטעריע בלייבט אבער שטענדיג דער זעלביגער. גאט איז דיא אורזאכע פון דיא וועלטען, וועלכע ער האט ארויסגערופען מיט זיין ווילען. און אזוי וויא זיין ווילען איז אייביג און אונפערענדערבאר, דארום מוז אויך דיא וועלט זיין אויביג, אהן אן אנפאנג און אהן אן ענדע (מו"נ, חלק ב', פרק י"ג).

דער רמב"ם פערברייטעט זיך וועגען דעם ענין. ער זוכט צו בעקעמפפען די ראיות פאר דער אייביגקייט פון דער וועלט. ער ברייננגט אויך ראיות און ארגומענטען צו בעווייזען, אז דיא וועלט איז א בעשאפענע, און גיט צו, אז אויך זיי זיינען ניט איבערצייגענד. ער קומט צום שלום. אזביידע השערות, סאי די השערה, אז די וועלט איז אייביג, סאי די השערה, אז זי

וועלט איז בעשאפען. זיינען פערבונדען מיט שווערינקייטען, אבער די טענות געגען דער ערשטער זיינען שטארקער.*)

דער הויפט־טעות, וואס דיא אנהענגער פון דער אייביגקייט פון דער וועלט מאכען, בעשטעהט אין דעם, וואס זיי ברענגען ראיות פון דיא נאטירליכע געזעצע ווי א זיי זיינען איצטער, נאכדעם וויא דיא וועלט איז שוין בעשאפען געווארען, אויף א צייט, ווען זי האט נאך ניט עקזיסטירט און די אלע געזעצע זיינען נאך דאמאלס, פאלגליך, ניט געוועזן גילטיג. מיר לייקענען ניט אפ די אייגענשאפטען פון דער מאטעריע, ווי מיר בעגרייפען איהר איצטער, דאס הייסט, נאכדעם ווי זי עקזיסטירט שוין; מיר לייקענען אויך ניט אפ די געזעצע פון דער בעוועגונג. אונז פאלט גאר ניט איין די פערלייקנונג פון אונזערע חושים און די אלע נאטירליכע ערשיינונגען. מיר זאגען אבער, אז דאס אלץ איז בעשאפען געווארען פון גארניט, און אז די דאזיגע אלע געזעצע פאנגען זיך ערשט אן מיט דער שעפפונג. מען קען ניט אנווענדען די געזעצע פון דאס עקזיסטירענדע אויף דעם וואס עס האט ניט עקזיסטירט; מען קען ניט ברענגען קיינע ראיות דערפון וואס עס איז אויף א צושטאנד פון ניט־זיין. מיר ווייסען ניט און קענען ניט וויסען, וואס עס איז געוועזן איידער דיא שעפפונג איז ארויסגערופען געווארען, אבער מיר ווייסען, אז דיא געזעצע פון דעם היינטיגען זיין קענען ניט ווערען אנגעווענדעט אויף דעם נעכטיגען ניט־זיין. (מו"נ. חלק שני, פרק י"ז).

* * *

דער רמב"ם האט זיך ניט געשטעלט דיא אויפגאבע צו בעווייזען, אז דיא וועלט איז דוקא בעשאפען געווארען; זיין אויפגאבע איז א פיעל קלענערע: צו בעווייזען, אז זיא מוז ניט זיין דוקא אן אייביגע. „מיר פרובירען ניט בעווייזען,

---

*) שכמו שתתחיב לנו קצת הרחקה באמונת החדוש, כן תתחייב הרחקה יותר גדולה ממנה באמונת ההקדמות (מו"נ, חלק שני, פרק ט"ז).

אז דיא וועלט איז בעשאפען געווארען; מיר ווילען בלויז דערווייזען, אז עס איז מעגליך דאס זיא איז בעשאפען געווארען און אז דאס איז ניט געגען דער נאטור (מו״נ, חלק ב׳, י״ז).

דער רמב״ם האט געזוכט צו צוקלאפען דיא ארגומענטען פאר דער אייביגקייט פון דער וועלט, וועלכע אריסטאטעלעס און זיינע תלמידים האבען ארויסגעשטעלט, אבער מען קען ניט זאגען, אז דאס איז איהם אין גאנצען געלונגען; דער רמב״ם אליין בעהויפטעט עס גאר ניט. דער רמב״ם האט געטאהן אין בעצוג צו דער דאזיגער פראגע דאס זעלבע, וואס ער טהוט אזוי אפט אין בעצוג צו אנדערע פראגען, ווען ער געפינט קיין אויסוועג ניט: ער ערקלעהרט עס פאר אז „ענדליכע - פראגע", וועלכע דער מענשליכער שכל קען ניט דערגרונטעווען. ממילא איז אויסגעקומען, אז בנוגע דער פראגע פון דער אייביגקייט פון דער וועלט האט זיך דער רמב״ם געשטעלט אויף א פעסטערען און זיכערערען באדען ווי אריסטאטעלעס: וועהרענד דער לעצטער האט געפרובירט געבען א פאזיטיווע ענטפער אויף דער פראגע, האט זיך דער רמב״ם אין גאנצען ענטזאגט דערפון. ער האט איהר ערקלעהרט פאר איינע פון יענע „ענדליכע פראגען", וועלכע קענען ניט בעוויזען ווערען מיט אונבעשטרייטבארע ראיות אויף אזא אדער אויף אן אנדער אופן.

דער רמב״ם איז דערצו געצוואונגען געווארען. ווארים קוים נעהמט ער אן דיא אייביגקייט פון דער וועלט אין דעם זינן וויא אריסטאטעלעס האט עס פערשטאנען, בלייבט קיין ארט ניט פאר אירגענד וועלכע רעליגיאן. בעקעמפפענדיג דיא אייביגקייט פון דער וועלט און בעווייזענדיג דיא מעגליכקייט פון א בעשאפענער וועלט, וואס זאל פון דעסטוועגען ניט זיין להיפוך פון אריסטאטעלס׳ פיזיק און מעטא־פיזיק, האט דער רמב״ם געמיינט צו כשר׳ן דעם אריסטאטעליאניזם פאר דער רעליגיאן.

מאנכע פון די קריסטליכע פילאזאפען, ווי טהאמאס אקווינאס, האבען זיך בענוצט מיט דעם רמב״ם׳ס

„מורה נבוכים“, וועלכער איז איבערזעצט געווארען אין לא־טייניש. און האבען כשר געמאכט דעם אריסטאטעליאניזם אויך פאר דעם קריסטענטהום, וועלכער האט געזעהן א גע־פעהרליכע סכנה פאר זיך אין דיא לעהרען פון אריסטאטעלס.

דעם רמב"ם'ס „מורה נבוכים“ האט אלזא געהאט א גרויסע ווירקונג ניט בלויז אויף דעם וויטערען גאנג פון דער אידישער פילאזאפיע. נאר אויך אויף דער קריסטליכער וועלט.

## XVII.

דיא עטהיק פון רמב"ם. ניט גוט און שלעכט נאר אמת און שקר איז דער יסוד פון מאראל. דער פאלקאמענער מענש און דיא געזעלשאפט. דיא מענשהייט ווערט איינגעטהיילט אין זעקס קלאססען. אלץ וואס איז בעשאפען געווארען איז גוט. שלעכטס איז ניט בעשאפען געווארען; עס איז בלויז א אבוועזענהייט פון גוטס.

---

דעם רמב"ם'ס שטה אין עטהיק איז אין פאָלשטענדיגען איינקלאנג מיט זיין גאנצער פילאזאפישער שטה, וואו דער שכל פערנעהמט דעם צענטראלען פונקט. מיר האבען שוין געזעהן, אז בלויז יענע מענשען וואס האבען ארויסענטוויקעלט זייער שכל פון מעגליכקייט אין ווירקליכקייט און זיינען פעהיג צו בעגרייפען די אייביגע אמת'ען, בלויז זיי זיינען זוכה צו אונשטערבליכקייט. מיר האבען אויך געזעהן, אז בלויז די ראזיגע הויך־ענטוויקעלטע מענשען, דער „אדם השלם", זיינען זוכה צו זיין אונטער גאט'ס השגחה און אז פון זיי קומען ארויס די נביאים. גאט איז, אזוי צו זאגען, ריינער שכל; דער אוניווערזום א שכל'דיגע געשעהענים, וואס איז א פראדוקט פון דעם געטליכען ריינעם דיינקען. דער מענש קען זיך בעהעפטען מיט דעם „שכל הפועל" און אויף אזא ארט זיך פעראייניגען מיט דער אייביגקייט, אבער נאר דאמאלס, ווען ער האט זיין מעגליכען שכל ארויפגעארבייט צו דער מדרגה פון א ווירקליכען שכל.

דערפון פאלגט, אז די העכסטע מענשליכע שטרעבונג דארף זיין די פאָלשטענדיגע ענטוויקלונג פון זיין שכל, ווייל

נאר דורך דעם קען ער ערדרייכען זיין איינציגען און אמת׳ען גליק. דאס העכסטע גוט פאר א מענשען איז דארום צו בעגרייפען וואס מעהר און מיעפער פון די אייביגע אמת׳ען (מושכלות). אלץ וואס פיהרט דערצו איז גוט, און אלץ וואס ווירקט נעגען דעם איז שלעכט. שלעכטע תאוות און שלעכטע מדות זיינען נאר דערפאר שלעכט, ווייל זיי שטערען דעם מענשען אין דער ערדרייכונג פון דעם דאזיגען ציעל. ווען דער מענש דערגרייכט יענע הויכע מדרגה פון דעם „אדם־השלם", וואו זיין שכל קען זיך בעהעפטען מיט די אייביגע אמת׳ען, עקזיסטירען מעהר פאר איהם ניט גוט און שלעכט. דאס דארף ניט שלעכט פערשטאנען ווערען. דער רמב"ם מיינט ניט, אז דער „אדם השלם" שטעהט „פון יענער זייט פון גוט און שלעכט", צו געברויכען ניטשעס אן אויסדרוק; אז דעם „אדם השלם" איז אלץ ערלויבט צו טאהן, אז פאר איהם איז שוין מעהר ניטא קיין „מעג־טאר־ניט". דער רמב"ם מיינט, אז ווען דער מענש דערגרייכט יענע הויכע מדרגה, ווערען ממילא ביי איהם פערשוואונדען אלערליי תאוות און קערפערליכע פערלאנגען און דעריבער איז שוין ביי איהם מעהר ניט שייך גוט און שלעכט. ער שטעהט איבער און העכער פון דעם, און ער קען זיי גאר ניט בעגרייפען. ער ווייס ניט מעהר פון גוט און שלעכט; ער ווייס בלויז פון אמת און שקר. אמת איז גוט; שקר איז שלעכט. ניט גוט און שלעכט, אלזא, נאר אמת און שקר איז דער יסוד פון דער מענשליכער אויפפיהרונג. אמת און שקר ווערט דא געמיינט ניט אין עטהישען זינן, נור אין שכל׳דיגען, א שכל׳דיגער אמת אדער א שכל׳דיגער שקר, וויסען און אונוויסען.

דעם דאזיגען געדאנק וויעדערהאלט דער רמב"ם מעהרערע מאל. „מיט יאהרען צוריק", דערצעהלט ער, „האט מיר א געלעהרטער געשטעלט א שווערע פראגע: „ווי עס ווייזט אויס פון דעם פראסטען פשט פון פסוק", האט ער געפרעגט, „איז דער מענש בעשאפען געווארען ווי די איבריגע חיות אהן שכל און אהן געדאנקען, און ער האט ניט געוואוסט דעם חלוק

צווישען גוט און שלעכט. ווען ער האט גערזינדיגט, עססענדיג פון עץ הדעת, האט מען איהם, קוממ אויס, געשטראפט מיט דאס בעסטע וואס ער פערמאגט, — מיט'ן שכל. איז דאס דען א בעשטראפונג?"

דער תמצית פון רמב"ם'ס ענטפער אויף דער דאזיגער הארבער קשיה איז: איידער דער מענש האט גערזינדיגט איז ער געשטאנען אויף יענער הויכער מדרגה, וואו ער האט געוואוסט בלויז פון א מ ת און ש ק ר אבער ניט פון גוט און שלעכט. נאך זיין זינדיגען, צוליעב דעם וואס אין איהם האבען זיך ערוועקט קערפערליכע פערלאנגען, איז ער געזונקען און האט אנגעפאנגען צו בעגרייפען גוט און שלעכט. „ער האט אנגעפאנגען צו זעהן די מיאוסקייט פון א זאך, אין וועלכע ער האט פריהער קיין מיאוסקייט ניט געזעהן" (אבל נתחדש בו ענין אחר שגינה בו, מה שלא היה מגנהו קודם). דאס וואס שטעהט אין פסוק אז נאכ'ן עסען פון „עץ הדעת" זיינען זיי געווארען „כאלוהים" מיינט עס ניט געטער, נאר הערשער אדער געזעטצגעבער, ווייל גוט און שלעכט זיינען נאר „מפורסמות", קאנווענציאנעל, און אין דער נאטור פון די זאכען איז ניטא גוט און שלעכט, נאר אמת און שקר (ואין בהכרחי טוב ורע כלל, אבל שקר ואמת). דאס איז אלזא געווען א שטראף (מו"נ, חלק א, ב).

ריידענדיג וועגען דער אויפגאבע פון דער תורה, זאגט דער רמב"ם ווידער ארויס דעם זעלביגען געדאנק, אבער פיעל ברייטער און אויספיהרליכער: די כונה פון דער תורה איז א דאפעלטע: צו פערפערטיגען די נשמה (תקון הנפש) און צו פערפערטיגען דעם גוף (תקון הגוף). דער תקון פון דער נשמה בעשטעהט אין דעם, וואס די תורה גיט דעם עולם אמת'ע מיינונגען לויט זיין השגה נאך. וועגען מאנכע פון די דאזיגע זאכען איז די תורה קלאר און וועגען אנדערע רעדט זי אין אלעגאריען, ווייל דער פראסטער עולם קען ניט פערשטעהן די זאכען ווי זיי זיינען.

דער „תיקון הגוף" בעשטעהט אין דעם, וואס די תורה זארגט זיך און גיט געזעצע וועגען דעם עקאנאמישען און סאַ־

ציאלען לעבען פון דעם מענשען. מענשען זאלען איינע די אנדערע ניט בערויבען; זיי זאלען ניט טהאן וואס זיי געפעלט, וואס זיי ווילען און קענען, נאר דאס וואס איז ניצליך פאר אלעמען. ערשט דאמאלס, ווען די מענשען ארבייטען זיך אויס ניצליכע מדות ווערט געגעבען די מעגליכקייט פאר א שטאאטס־לעבען.

פון דיא דאזיגעביידע צוועקען איז דער ערשטער, דער „תקון הנפש“, אהן צווייפעל די וויכטיגסטע. אבער איידער דער ערסטער קען ווערען א מעגליכקייט מוז פריהער קומען דער צווייטער, וועלכער איז פריהער אין דער נאטור און אין דער צייט. דער מענש איז בטבע א געזעלשאפטליכער וועזען. דער איינציגער מענש קען זיך אליין ניט בעזארגען מיט אלץ וואס ער בעדארף, מיט עסען, מיט א דירה און אזוי ווייטער. ערסט ווען ער לעבט אין א געזעלשאפט און די ארבייט ווערט פארנאנדערגעטהיילט, ווען מעגליך פאר דעם מענשען צו בעפרידיגען אלע זיינע בעדירפניסע. און דער מענש מוז פריהער זיין בעזארגט מיט דעם אלעם, ווייל ווען ער איז קראנק, הונגעריג אדער דורסטיג קען ער זיך ניט אפגעבען מיט שטודירען און פילאזאפירען. פריהער איז דארום נויטיג, אז עס זאל זיין א גוט־איינגעארדענטער געזעלשאפטליכער לעבען, און דערפאר גיט זיך די תורה אפ אזוי פיעל וועגען דעם.

די אויפגאבע פון דער געזעלשאפט איז צו מאכען מעגליך, אז דער מענש זאל קריגען דאס בעסטע, וואס ער נויטיגט זיך פאר דעם וואוילזיין פון זיין גוף. דער צוועק דערפון אבער איז, כדי דער מענש זאל זיך קענען אפגעבען מיט דעם פארשען פון די וויסענשאפטליכע און פילאזאפישע אמת׳ען: „ער זאל האבען די מעגליכקייט צו דערגעהן מיט זיין שכל אלץ, וואס איז מעגליך פאר דעם מענשליכען שכל צו דערגעהן“. (מו״נ, חלק שלישי, פרק כ״ז).

די מעהרסטע מצוות פון דער תורה זיינען אלזא געגעבען געווארען, כדי איינצוארדנען א גוטען געזעלשאפטליכען לעבען; די גוטע געזעלשאפט מוז זיין, כדי דער מענש זאל קענען ענטוויקלען זיין שכל. קומט אויס, אז די גוטע מדות און די גוטע

געזעצע וואס די תורה גיט זיינען נאָר א מיטעל צו א מיטעל. דער ציעל איז די העכסטע ענטוויקלונג פון שכל. און ווערט דער ציעל עררייכט איז מעהר דער מיטעל ניט נויטיג. „עס איז קלאָהר, אז אין יענע העכסטע פערפאלקאמענונג איז ניטא קיין גוטע מעשים און מדות. נאָר די אמת'ען אליין.*)

דאָס מיינט אַבער בשום אופן ניט, אז דער „אדם השלם" ווערט בעפרייט פון די אלע פערבאָטען און פערזאָגען אין דער תורה. עס איז אמת, אז זיי זיינען ניט געגעבען געוואָרען פון זיינעט וועגען. אז ער דאַרף זיי ניט מעהר, אָבער אלס א מיטגליעד פון דער געזעלשאפט מוז ער זיין אונטערוואָרפען אונטער זיי. די תורה איז געגעבען געוואָרען פאר דעם ר ו ב, פאר דער מעהרהייט, ניט פאר דעם מ ו ע ט, פאר דער מינדערהייט. עס קענען ניט געגעבען ווערען בעזונדערע תורות פאר יעדען יחיד. „די אויפפיהרונג וואס די תורה פעראָרדערנט דאַרף זיין גילטיג פאר אלעמען, כאָטשע פאר מאַנכע איז זי גוט און פאר אַנדערע ניט, ווארום אז מען וואלט איהר געגעבען פאר יעדען מענשען בעזונדער, וואָלט אלץ פערלאָרען געגאנגען **) (זעה שלטון השזל ,פון א ח ד ה ע ם).

דער גרויסער המון, ווי מיר האָבען שוין געזעהן, איז ניט פעהיג צו בעגרייפען יענע הויכע אמת'ען, ווייל עס פעהלען איהם די נויטיגע פארבערייטונגען און די נויטיגע פעהיגקייטען דערצו· עס קומט דארום אויס, אז די געזעלשאפט עקזיסטירט ניט פאר איהם, נאָר אז ער עקזיסטירט פאר דער געזעלשאפט. דער צוועק פון דער געזעלשאפט איז, ווי עס איז שוין אויבען געזאָגט געוואָרען, צו מאכען מעגליך די עקזיסטענץ פון דעם „אדם השלם", פון די איינצעלנע גרויסע. דער

---

*) ומבואר הוא שזה השלמות האחרון אין בו לא מעשים ולא מדות, ואמנם הוא דעות לבד. (מו"נ, שם).

**) אבל צריך שתהיה ההנהגה התורייה מוחלטת כוללת לכל ואע"פ שהיא ראויה לקצת אנשים ולאחרים אינה ראויה, כי אלו היה לפי האנשים היה הופל ההפסד בכל (מו"נ, חלק שלישי, פרק ל"ד).

פראסטער עולם. דער „זמון הסכלים“. ווי דער רמב"ם דריקט
זיך אזוי אפט אוים, איז ניט מעהר ווי א מין לייטער פאר
דעם „אדם השלם“, אויף וועלכען ער, דער „אדם השלם“, קען
ארויפקלעטערען אין די הימלען אריין. דער רמב"ם שעהמט
זיך ניט און פיהרט צו זיין געדאנק צום לאגישען שלוס, דער
גרויסער עולם איז ווירליך בעשטימט דערויף, כדי די איינצעל־
נע זאלען קענען דערגרייכען די העכסטע מדרגה פון שכל'דיי־
גער ענטוויקלונג. עס מוז זיך געפינען אזא קלאסס מענשען.
ווארום „אויב אלע מענשען וועלען זיך אפגעבען מיט'ן שטו־
דירען די וויסענשאפטען און די פילאזאפיע, וועט די וועלט
חרוב ווערען און דער גאנצער מענשען-געשלעכט וועט אונ־
טערגעהן אין א קורצער צייט. ווארום דער מענש איז זעהר
שוואך און ער נויטיגט זיך אין פיעלע זאכען. ער וואלט גע־
דארפט זיך אויסלעהרנען צו אקערען, צו שניידען, צו דרעשען,
צו מאהלען, צו באקען און צו מאכען אויף אלעם די נויטיגע
געצייג, כדי ער זאל קענען אנגרייטען זיין עסען. *) דער
„רוב“ עקזיסטירט אלזא צוליעב דעם „מועט“; די פיעלע
פאר דעם אייזאינגען אויסערוועהלטען.

דער רמב"ם זעהט אין דעם קיין אונרעכט ניט. אויב דאס
איז אפילו שלעכט קען עס אבער ניט געהאלפען ווערען, ווייל
„ווען אלע מענשען וועלען זיך אבגעבען מיט שטודירען וועט
די וועלט קיין קיום ניט האבען“. עס מוזען זיין פיעלע
„אונטערסטע“, כדי עס זאלען קענען זיין ווענינע „אויבער-
סטע“. דאס איז דער זעלבער גרונד אויף וועלכען א ר י ס־
ט א ט ע ל ס האט גערעכטפערטיגט שקלאפעריי.

מען קען דעם רמב"ם ניט בעשולדיגען, פאר וואס ער
האט זיך ניט געקענט פארשטעלען אזא מין אידעעלע מענש־
ליכע געזעלשאפט, וואו די נויטיגע ארבייט וועט קענען גע־

*) שאם כל בני האדם מבקשים החכמה ולומדים הפלוסופיה ישחת
העולם, ויאבד ויכלה מין האנושי בימים מעטים, שהרי האדם דל מאד,
מצטרך לדברים רבים. והיה נצרך ללמוד לחרוש, ולקצור, ולדוש, ולטחון,
ולאפות, ולעשות כלים לכל זה, כדי לתקן מזונו (הקדמת המשנה).

טהאן ווערען מיט דער הילף פון מאשינען אין אזא קורצער צייט, אז יעדער איינער, אויב ער וועט נאר וועלען, וועט האבען גענוג פרייע צייט „צו ענטוויקלען זיין שכל ביז דער העכסטער מדרגה". דער דאמאלסדיגער אינדוסטריעלער צושטאנד, די אבוועזענהייט פון מאשינעריע, פון דאמפף און פון עלעקטריק, האט ניט געקענט בעשאפען אזא פארשטעלונג. פאר יענער צייט איז טאקע נויטיג געווען, אז די פיעלע זאלען ארבייטען פאר דעם איינעם, כדי עס זאל מעגליך זיין א פראגרעס. נאר אזא מאדערנער דענקער ווי ט ה א מ א ס ב א ק ל, בעהויפּטעט, אז די מענשהייט האט נאר דאן געקענט מאכען פראגרעס אין קולטורעלען זין, ווען עס זיינען געווען אנגעזאמעלט גענוג רייכטהימער, אום עס זאל זיך קענען בילדען א קלאס לעדיג־געהער, וועלכער האט זיך געקענט אפּגעבען מיט ספּעקולאטיווע פראגען און מיט דער וויסענשאפט.

דעם רמב"ם מעג מען אבער בעשולדיגען אין דעם, וואס ער האט די דאזיגע סאציאלע אונגלייכהייט און אונגערעכטיגקייט אויך אריבערגעטראגען אויף „יענער וועלט". אויב מען קען זיך אזוי אויסדריקען. דאס אלטע יודענטהום האט אין א רייהע פון פּראקטישע געזעצע געזוכט אבצושאפען די סאציאלע אונגלייכהייט. און ווען דאס האט זיך ניט איינגעגעבען, האט זי צוזאמען מיט די אנדערע רעליגיאנען לכל הפּחות אפּגעשאפט די אונגלייכהייט אויף „יענער וועלט". דארטען זיינען ניטא קיין יחסנים; דארטען זיינען ניטא קיין חכמים און קיין נארען. דער עיקר זיינען די גוטע מעשים, און יעדער ווערט געמשפּט לויט זיינע טהאטען. דער גרעסטער פילאזאף און חכם, אויב זיינע מעשים האבען ניט געטויגט, שטעהט אויף א נידעריגערע מדרגה פון דעם גרעסטען פּראסטאק, אויב זיינע מעשים זיינען גוטע. דאס יודענטהום, ווי אלע אנדערע רעליגיאנען, האט געזעהן די עולה און די אונגערעכטיגקייטען, וואס ווערען בעגאנגען געגען דעם רוב, און האט איהם בעזארגט מיט א האפנונג אויף דער צוקונפט. דער רמב"ם, ווי אן אמת'ער אריסטאקראט, איז ברוטאל צו די מאססען, צו דעם „המון הסכלים". זיי האבען ד א גארנישט

און גארנישט וועלען זיי אויך האבען דארטען. זיי דאר־פען דא אקערען, זייען, דרעשען, באקען און אזוי ווייטער, כדי דער אדם השלם זאל זיך קענען ענטוויקלען און דארטען איז ווידער אמאל דער „אדם השלם“ דער יחסן. ער זעהט אין דעם קיין עולה ניט, ווייל ביי איהם איז ניט גוט און שלעכט, ניט גערעכט און אונגערעכט, נאר אמת און שקר דער יסוד פון זיין עטהיק.

דער רמב"ם איז א שרעקליכער לאגיקער און ציהט זיך ניט צוריק פון קיינע קאנזעקווענצען, אבי די לאגיק האלט אויס. אונשטערבליכייט הייסט די בעהעפטונג פון מענשליכען שכל מיט דעם „שכל הפועל“; דער שכל מוז זיין ענטוויקעלט, כדי די באהעפטונג זאל קענען פארקומען, פאלגליך נאר דער פילאזאף מיט זיין הויך עטוויקעלטען שכל איז אונשטערב־ליך.

דער רמב"ם זאגט אויסדריקליך, אז דער פילאזאף שטעהט העכער ניט בלויז פאר דעם פרומען פשוט'ען מענשען, נאר אפילו פון דעם פרומען למדן. ער גיט א משל פון א קעניג און זיינע אונטערטהאנען:

1) די ערסטע כתה זיינען אין גאנצען ניט אין לאנד. דאס זיינען מענשען פון פערשיעדענע ווילדע געגענדען, וואס האבען קיין אמונה ניט און זיי זיינען בלויז העכער פאר די אפפען.

2) מענשען וואס זיינען אין לאנד, אבער זייערע פנים'ער זיינען געווענדעט אין דער געגענגעזעצטער ריכטונג פון קעניגליכען פאלאסט. וואס מעהר זיי געהען אין זייער וועג, אלץ ווייטער ווערען זיי פון פאלאסט. דאס זיינען די מענשען וואס האבען פאלשע אמונות.

3) די מענשען וואס ווילען אריינקומען אין פאלאסט, אבער האבען איהם קיינמאל ניט געזעהן. דאס איז דער גרויסער עולם וואס היט אפ די תורה, איך מיין די פרומע פראסטאקעס.

4) די וואס שטעהען ניט ווייט פון פאלאסט און זוכען זיין אריינגאנג. דאס

זיינען די, וואס האבען ריכטיגע אמונות, וועלכע זיי האבען געקראגען בקבלה און ניט גע־פארשט מיט'ן שכל. דאס זיינען די לומדים, וואס לערנען די תורה.

5) די וואס זיינען שוין אריין אין פארהויז פון פא־לאסט. דאס זיינען די, וואס גיבען זיך שוין אפ מיט חקירות וועגען די עקרים פון דער אמונה.

6) די וואס זיינען אריין אין אינערליכען פאלאסט און זיינען זוכה צו זעהן דעם קעניג. דאס זיינען די פילאזא־פען, וואס בעגרייפען מיט זייערע שכל'ן די אמת'ן וועגען דער גאטהייט אויף אזוי פיעל, ווי עס איז מעגליך. (מו"נ, חלק שלישי, פרק נ"א).

דער פילאזאף איז העכער פאר אלעמען, אפילו פאר דעם צדיק און למדן. עס פערשטעהט זיך, אז דאס האט ניט גע־קענט געפעלען די אידישע רבנים און חכמים. דער „שם טוב" מערקט אויף דעם אן, „אז פיעלע פון די חכמים און רבנים האבען געזאגט, אז דעם „פרק" האט ניט געשריבען דער רמב"ם. און אויב ער האט אהים געשריבען, דארף מען איהם ארויסווארפען אדער בעסער פארברענען". יענע תמימים הא־בען ניט פערשטאנען, אז עס איז „ניט בלויז דער דאזיגער „פרק" אליין", מערקט אויף דעם אן אחד העם, נאר אויך די אלע אנדערע „פרקים". וואס האבען לאגישערווייזע געמוזט פיהרען צו דעם דאזיגען „לעצטען ווארט". עס האבען זיך טאקע דאמאלס געפונען ביי אידען אזעלכע וואס האבען דעם ענין בעסער פערשטאנען און האבען אלע פרקים פער־ברענט". (שלטון השכל).

* * *

דער רמב"ם בעהאנדעלט אויך די פראגע פון דער עקזיס־טענץ פון שלעכטס אויף דער וועלט, און ער שטעלט זיך ארויס צו זיין א גרויסער אפטימיסט. אלץ וואס עס איז דא אויף דער וועלט, אלץ וואס גאט האט בעשאפען, איז גוט. דאס שלעכטע וואס מיר זעהען איז ניט עטוואס פאזיטיוועס, נאר

בלויז נעגאטיוועס: שלעכטס איז די אבוועזענהייט פון גוטס. און אז אבוועזענהייט איז ניט עטוואס וואס עס עקזיסטירט, נאר עטוואס וואס עס עקזיסטירט ניט. מעז קעז דארום ניט פרעגעז, ווארום האט גאט בעשאפעז שלעכטס, ווייל שלעכטס, זייענדיג אז אבוועזענהייט, האט ניט געקענט ווערעז בעשאפעז.

גאט האט די שלעכטס ניט בעשאפעז, אבער מעז קעז ניט אפלייקענעז איהר עקזיסטענץ; מיר זעהעז דאך גענוג צרות אויף דער וועלט. פון וואנעז נעהמט זיך די שלעכטס?

דער רמב"ם בעקעמפפט פריהער דעם פעסימיזם. עס געפינעז זיך פיעל מענשעז, און צווישעז זיי אויך אזעלכע וואס רופעז זיך חכמים, וואס מיינעז, אז אויף דער וועלט געפינט זיך מעהר שלעכטס ווי גוטס. זיי פערגלייכעז דאס ביסעלע רוהע און נחת, וואס דער מענש האט מיט די פיעל צרות, יסורים, קראנקהייטעז און דאגות, וואס ער האט אויסצושטעהן. זיי געפינעז, אז די צרות זיינעז מעהר ווי דער נחת, און קומעז צום שלום, אז די וועלט איז בכלל שלעכט. דער גרויסער טעות זייערער איז, וואס זיי בעטראכטעז זיך אלס דעם מיטעל-פונקט פון דעם גאנצעז אוניווערזום, און אויב זיי ווערעז קראנק פון צופיעל תאוות אדער פרעסעז בעהויפטעז זיי, אז די גאנצע וועלט איז שלעכט. ווען זיי וואלטעז אבער וויסעז ווי קליין און נישטיג דער מענש איז לגבי דעם גרויסעז אוניווערזום, וואלטעז זיי איינגעזעהן ווי נאריש עס איז צו אורטהיילעז פון זייערע אייגענע פערזענליכע צרות אויף דער גאנצער וועלט בכלל.

די צרות וואס מיר זעהעז צווישעז די מענשעז קענעז איינגעטהיילט ווערעז אין דריי קלאסעז:

1) אזעלכע וואס טרעפעז דעם מענשעז צוליעב זיין נאטור. ער איז געמאכט פון מאטעריע, פון פלייש און בלוט, און מאטעריע מוז בייטעז איהרע פארמעז און מוז זיין אונטערווארפעז דעם פראצעס פון זיין און אונטערגעהן. דאס נעהמט זיך דערפון, וואס די מאטעריע האט ניט די מעלה פון שטענדיגקייט און אונפערענדערבארקייט. זי ווערט

שטענדיג געענדערט און דארום מוז דער יחיד אונטערגעהן און בלויז דער מין בלייבט, וואס דאס מוז נאַטירליך זיין פער־בונדען מיט צרות און יסורים.

2) שלעכטס וואס מענשען טוהען זיך איינע די אנ־דערע, ווי גנבה, גזלה, רציחה און די גרויסע מלחמות. דאס נעהמט זיך פון מענשליכע נארישקייט, וואס מענשען האָבען ניט קיין שכל, אלזא ווידער פון אן אַבוועזענהייט. ווען עס וועט קומען די צייט און מענשען וועלען אנפאנגען צו בעגרייפען דעם אמת, וועלען די דאזיגע אלע רייסערייען און קריגערייען פערשווינדען.

3) שלעכטס וואס דער מענש נעהמט זיך אליין, און ער אליין איז זיי שולדיג. די יאגענים נאך געלד, די יאגענים נאך כבוד און גדולה. די יאגעניש נאך וויין און פיעל פרויען. מיט די אלע דאגות, עגמת נפש, קראנקהייט און צרות, וואס זיינען דערמיט פערבונדען. ער ווערט א שקלאף צו זיינע תאוות, און ווען ער קען זיי אלע ניט ערפילען, ווערט ער ביין אויף גאט און אויף דער וועלט און בעקלאגט זיך אויף די שלעכטס. (מו"נ. חלק ג', פרק י', י"א, י"ב).

גאט, אלזא, האט די שלעכטס ניט בעשאפען. די גאנצע שעפפונג איז גוט. די שלעכטס וואס מיר זעהען נעהמט זיך פון דער מענשליכער נארישקייט. עס איז אין מענשען'ס הענד זיי אויסצומיידען, און עס איז זיין אייגענע שולד, אויב ער מיידט זיי ניט אויס. דאס איינציגע שלעכטע אין וואס דער מענש איז ניט שולדיג, איז דער פּראָצעס פון זיין און פאר־געהן, פון לעבען און שטארבען, וואס איז אבהייננגיג פון דער נאטור פון'ר מאטעריע. אבער אויך דאס איז ניט שלעכט, ווייל ניט דער יחיד, נאר דער מין איז דער צוועק, און דער מין ווערט ניט פערשוואונדען מיט דעם טוידט פון יחיד.

* * *

ווען עס קומט צו דער פּראַקטישער עטהיק, פערגעסט דער רמב"ם זיינע אלע טעאריען ווענען אמת און שקר אין געגענ־זאץ צו גוט און שלעכט און שטעלט זיך אויף דעם יסוד פון

דער תורה. זיינע פראקטישע לעהרען זיינען די לעהרען פון דער תורה און דעם תלמוד. דער מענש דארף אויסקלייבען די מיטעלסטע וועג פון אלע מדות. ער דארף ניט ווערין גיך בייז, אבער עס איז פאראנען צייטען, ווען עס איז נויטיג, אז א מענש זאל ווערען אין כעס. אזוי איז אויך מיט ליעבע און שנאה, מיט רחמנות און אכזריות און דער גלייכען (משנה תורה, הלכות דעות, פרק ד'). עס ייינען פאראנען מענשען, וואס קענען זיך ערלויבען צו געהן צו דעם עקסטרעם פון די גוטע מדות, דאס זיינען די ח ס י ד י ם. אבער ניט פון אלע מענשען קען מען עס פערלאנגען.

דער מענש, אום ער זאל זיך קענען אויפפיהרען ווי געהע־ריג איז, אום ער זאל קענען פערשטעהן גאט'ס וועגען, מוז זיין געזונד. דער רמב"ם שטעלט דארום אלס א ן ע ט ה י ש ע ן חוב, אז דער מענש דארף היטען זיין געזונד. אין זיין „משנה תורה" (הלכות דעות, פרק ה') שטעלט ער אוועק זיינע היגיע־נישע און דיעטישע כללים אלס דינים.

## XVIII

די מחלוקה וועגען רמב"ם. די צדדים אין דער מחלוקה. דער ראב"ד און זיין קריטיק. ר' מאיר אבולאפיא און ר' יהודה אלפּאכאר. דער פאנאטיק ר' שלמה פון מאנפּעליע און זיין מסירה. די שטעלונג פון רמב"ם. דער „מורה נבוכים" ווערט פארברענט.

רײדענדיג וועגען רמב"ם איז אונמעגליך ניט צו דערמאָנען די מחלוקה, וואָס האָט אויסגעבראָכען צוליעב זיינע ספרים און זיינע לעהרען. די מחלוקה איז געווען א פערביטערטע און א לאַנגע: זי האָט זיך געצויגען פאַר פיעלע צעהנדליגע יאָהרען. פאַר א קירצערע אָדער לייג־גערע צייט איז אַלץ געוואָרען רוהיג און שטיל, אָבער באַלד האָט די מחלוקה אויפגעפלאַמט פון דאָס נייע מיט מעהר שטאַרקייט און מיט מעהר פערביטערקייט. מען קען זאָגען, אז די דיסקוסיאָנען און די דעבאַטען וועגען רמב"ם, דאַפיר און דאַגעגען, האָבען זיך געצויגען ביז דער נייעסטער צייט. ס'וועט דאָ זיין גענוג צו דערמאָנען די נעמען פון אזעלכע מאָדערנע אידישע שרייבער, ווי שמואל דוד לוצאַטאָ און פּרץ סמאָלענסקין, וועלכע האָבען זיך נאָך אָפּגעגעבען מיט דער דאָזיגער פראַגע.

ווי אין יעדער מחלוקה זיינען אויך דאָ געווען צוויי צדדים, אָבער יעדער צד האָט געהאַט אין זיך פערשיעדענע עלעמענטען. פון איין זייט זיינען געשטאַנען די תלמידים און אנהייננגער פון רמב"ם, וועלכע האָבען איהם שיער ניט פערגעטערט און האָבען בעטראַכט יעדען וואָרט פון

איהם אלס היילינ. צוזאמען מיט'ן רמב"ם'ס גרויסע לומדות האבען זיי אויך אראבגעשלונגען זיין פילאזאפישע שיטה, זיין עקסטרעמען אריסטאטעליאניזם, וועלכע איז ווירקליך גאנץ אפט געווען געגען די סאמע יסודות פון דעם יודענטהום. דערצו האט פיעל בייגעטראגען דער פאקט, וואס דער רמב"ם האט אין זיין פריוואט לעבען זיך אויפגעפיהרט זעהר פרום, אבהיטענדיג די אלע דינים פון תלמוד מיט אלע זייערע פרטים און איינצעלהייטען. דאס איז געווען פאר זיי דער בעסטער בעוויין, אז דעם רמב"ם „דעות", זיינע פילאזאפישע מיינונגען, זיינען ניט להיפוך צו דער תורה, צו דער געשריעבענער און ניט־געשריעבענער תורה. צווישען די דאזיגע פילאזאפישע אנהייגער האט זיך אבער אויך געפונען א לינקער פליגעל, וואס האט צוגעפיהרט דעם רמב"ם'ס געדאנקען צו זייער לאגישען שלום. דאס זיינען געווען מאנכע פון די „אללעגאריסטען", וועלכע האבען בעטראכט די תורה אלס דורכאויס אלעגאריען און האבען זיך גאנץ וועניג געקימערט וועגען דער פראקטישער זייט פון איהר, וועגען די פראקטישע מצוות.

דעם רמב"ם'ס געגנער קענען אויך איינגעטיילט ווערען אין צוויי קלאסען. איין קלאס איז בעשטאנען פון מענשען, וועלכע זיינען ניט געווען פרעמד מיט דער פילאזאפיע. ניט געגען דער פילאזאפיע בכלל האבען זיי געקעמפפט, נאר זיי האבען געזוכט צו בעקעמפפען דעם רמב"ם'ס פילאזאפיע. זייער פילאזאפיע איז געווען די פילאזאפיע פון די „מדברים", ווי דער רמב"ם רופט זיי. דאס איז געווען א פילאזאפיע, וואס איז געווען א געמישעכץ פון פיטהאגארייאישע, פלאטאנישע, ניי־פלאטאנישע און אנדערע לעהרען. די דאזיגע פילאזאפיע האט זיך שוין געהאט איינגעוואוינט און צוגעפאסט צו דער רעליגיאן; זיא איז ניט געווען אין ווידערשפרוך מיט די רעליגיעזע לעהרען. די דאזיגע פילאזאפיע איז געווען א דיענסט ביי דער רעליגיאן, וועהרענד דער רמב"ם האט געמאכט די רעליגיאן א דיענסט צו דער פילא־

**זאָפיע.** אויך דער רמב"ם האָט געמיינט צו פערשטאָר־
קערען די רעליגיאָן, וועלענדיג איהר בעגרינדען אויף דעם,
וואָס ער האָט בעטראַכט פאַר אונבעשטרייטבארע אמת'ן.
זיינע געגנער האָבען אָבער איינגעזעהען, „אַז וועלענדיג פער־
שטאַרקערען איהר, גראָבט ער אונטער איהרע יסודות".

דער אַנדערער קלאַס פון רמב"ם'ס געגנער איז בעשטאַ־
נען פון מענשען, וואָס האָבען אין גאַנצען ניט געוואָלט
וויסען פון דער פילאָזאָפיע; זיי זיינען געווען געגנער פון
איהר און פון דער פילאָזאָפיע. זיי זיינען ארויסגעטראָטען
אַזוי שארף געגען דעם רמב"ם, ווייל זיי האָבען אין איהם
געזעהן אַ ביישפּיעל אין וועלכע קרומע וועגען די פילאָזאָפיע
קען פערפיהרען אפילו אזא גרויסען תלמודיסט און גרויסען
פרומאַק ווי דער רמב"ם איז געווען. מאַנכע פון זיי, ווי ר'
משה תיקו, האָבען זיך זאָגאר ערלויבט אַנצוגרייפען
רב סעדיה גאון, בעשולדיגענדיג איהם, אַז ער
איז דער ערשטער, וואָס האָט אריינגעבראַכט די פילאָזאָפישע
צרה ביי אידען.

* * *

**די** אונצופריעדענהייט מיט'ן רמב"ם און זיינע ספרים
האָט זיך אָנגעפאַנגען נאָך ביי זיין לעבען. דער שטאַרקסטער
און וויכטיגסטער געגנער אין יענער צייט איז געווען דער
דריטער ראב"ד אָדער ווי ער איז בעקאַנט אַלס דער
„בעל השגות" (דער קריטיקער).

דער דאָזיגער ראב"ד איז געווען אַ רייכער און
אָנגעזעהענער מענש, איינער פון די גרעסטע תלמודיסטען
פון זיין צייט, בשום אופן ניט קלענער פאַר דעם רמב"ם
גופא אַלס תלמודיסט. ווי עס ווייזט אויס איז ער אויך ניט
געווען אין גאַנצען אונבעקאַנט מיט דער פילאָזאָפיע. ווי
זי האָט זיך אויסגעדריקט אין דער קבלה. דער ראב"ד איז
געווען ביי אַ צעהן יאָהר עלטער פון דעם רמב"ם און איז
געשטאָרבען מיט זעקס יאָהר פריהער. אין איינעם פון
זיינע בריעף צו ר' שמואל אבן תבון דערמאָנט
איהם דער רמב"ם און רופט איהם אָן „הרב הגדול".

דער ראב"ד האָט, ווי עס ווייזט אויס, ניט געזעהן דעם רמב"ם'ס „מורה נבוכים“, אָבער ער איז געווען בעקאַנט מיט זיינע פילאָזאָפישע אַנזיכטען פון דער „משנה תורה“. אין זיינע „השגות“ זעצט ער אויס ניט בלויז געגען דעם רמב"ם'ס דינים, נאָר אויך געגען זיינע פילאָזאָפישע מיינונגען, אויף וויפיעל דער רמב"ם האָט זיי אריינגענומען אין דער „משנה תורה“. דער ראב"ד איז ניט צופריעדען, וואָס דער רמב"ם שטעלט אַוועק דעם גלויבען אין אַן אומקערפּערליכען גאָט אַלס אַ דאָגמא און ער פּסקענט, אַז דער וואָס גלויבט אַנדערש איז אַן אַפּיקורס. ער גרייפט איהם אויך אָן דערפאַר, פאַר וואָס ער, דער רמב"ם, זאָגט זיך ניט אַרויס קלאָהר וועגען „תחית המתים“. ווען דער רמב"ם רעדט אין זיין „משנה תורה“ וועגען דער פראַגע פון פאָראויס־בעשטימונג און מענשליכען פרייען ווילען (ידיעה ובחירה), ענדיגט דער רמב"ם: „אונזער וויסען איז ניט ווי גאָט'ס וויסען און מיר דאַרפען גלויבען, אַז גאָט ווייס אַלץ“. מערקט אויף דעם אָן דער ראב"ד סאַרקאַסטיש: „ער האָט אָנגעפאַנגען מיט קשיות און האָט געענדיגט מיט אמונה. צו וואָס זיינען נויטיג געווען די אַלע קשיות און פראַגען?“

דער ראב"ד צייכענט זיך אויס מיט זיין גרויסע בקיאות אין דער תלמודישער ליטעראַטור און מיט זיין שאַרפען, דורכדרינגענדען שכל. זיינע „השגות“ זיינען געשריבען שאַרף, קורץ און צום פּונקט. עס איז אמת, ער געברויכט געגען רמב"ם זעהר אָפט גראָבע אויסדריקע, ווי צום ביישפּיעל: „ער ווייס ניט וואָס ער רעדט“; „ער רעדט ווי אַ אינגעל“; „ער רעדט נאַרישקייטען“; „ער איז ניט בעקאַנט מיט דעם ענין“ און עהנליכע. דאָס איז אָבער אַ פּנים דאַמאָלס געווען אַזאַ מאָדע, ווייל דער רמב"ם גופא איז ניט פיעל בעסער אין דער היינזיכט. אויך דער רמב"ם רופט זיינע געגנער „הסכלים שבאדם“, די נאַרישע צווישען מענשען. וואַרפט מען אָבער אַראָפּ די גראָבע אויסדריקע, געפינט מען אַז דער ראב"ד איז אין פיעלע פעלע גערעכט.

מיט דעם ערשיינען פון דעם „מורה נבוכים“ איז נאַטירליך די אונצופריעדענהייט געשטיגען. דער קריג וועגען „מורה נבוכים“ האָט אַם שטאַרקסטען אויסגעבראָכען נאָך'ן רמב"ם'ס טויט. דער ערשטער וואָס איז געגען איהם אַרויסגעטראָטען איז געווען ר' מ א י ר א ב ו ל א פ י א.

ר' מ א י ר א ב ו ל א פ י א, וועמען דעם רמב"ם'ס אנהיינגער האָבען שפּעטער אָנגערופען „פינסטערלינג“ און האָבען אויף איהם פערפּאַסט אַ שפּאָט־ליעדעל, איז געווען איינער פון די אָנגעזעהענסטע מענשען אין זיין צייט. אַ גרויסער יחסן, בעקרוינט מיט'ן טיטול „נשיא“, איז ער אויך געווען אַ גרויסער תלמודיסט און אַ בעדייטענדער געלעהר־טער, און איז אויך געווען בעקאַנט מיט דער פילאָזאָפיע. די אנהיינגער פון רמב"ם האָבען אַ פּנים ערוואַרטעט, אַז ער וועט זיך שטעלען אויף זייער זייט און זיי זיינען זעהר שטאַרק ענטוישט געוואָרען, ווען ער האָט זיך אַרויסגעוויזען צו זיין אַלס איינער פון די ביטערסטע געגנער פון רמב"ם. איינער פון דעם רמב"ם'ס אנהיינגער, א ב ר ה ם ב"ר ש מ ו א ל ח ס ד א י, רעדט וועגען א ב ו ל א פ י א מיט'ן גרעסטען כבוד, און דריקט אויס זיין וואונדער, וואָס אויך ער איז צווישען דעם רמב"ם'ס געגנער. א ב ו ל א פ י א ווערט פון איהם בעשריבען אַלס „דער וואונדער פון זיין צייט, דער העכסטער שכל, דער זיץ פון כבוד, דער קרוין פון שעהנ־קייט, דער גרויסער חכם.*) דער פּאָעט י ה ו ד ה א ל ח ר י ז י רופט זיך אויך אָפּ זעהר גוט וועגען איהם, און זאָגט אַז „אין חכמה קען זיך קיינער צו איהם ניט פער־גלייכען“.

ר' מ א י ר א ב ו ל א פ י א האָט געהאַט גרויס דרך ארץ פאַר'ן רמב"ם אַלס תלמודיסט און זאָגט, „אַז מיט זיין „משנה תורה“ האָט דער רמב"ם בעלויכטען די פינסטער־ניס“, אָבער ער איז זעהר שטאַרק געגען זיין פילאָזאָפיע,

*) „מופת הדור ופלאו. רום השכל ושיאו, מושב היקר וכסאו, גליל ההוד וצבאו, החכם הגדול הנשיא הלוי ר' מאיר ב"ר טודרוס“.

טהיילווייז געגען דעם „ספר המדע“ ,אבער הויפטזעכליך געגען דעם „מורה נבוכים“. ער דערצעהלט, אז ווען ער האט געקראָגען דעם „מורה נבוכים“ האט ער איהם גענוי געשטודירט, און האט איהם געפונען פאר שעדליך. „ער איז מקרב מיט דער לינקער האנד און פערשטויסט מיט דער רעכטער... דער וואס ריהרט איהם אן בלייבט ניט ריין“. ער געפינט, אז מען דארף דעם „מורה נבוכים“ ניט לייענען, כאטש עס איז מעגליך אז דער מחבר האט ניט געמיינט אזוי שלעכט. ער בעקלאגט זיך: „די פאלשע מזבחות זיינען ניט צושטערט געווארען, און דער עולם לייענט דעם „מורה נבוכים“. זיינע הויפט טענות זיינען געריכטעט געגען דעם רמב“ם'ס מיינונגען וועגען דעם לעבען נאך'ן טויט (עולם הבא) און „תחית המתים“.

ר' י ה ו ד ה א ב ן א ל פ א כ א ר איז געווען א בעריהמטער געלעהרטער און דאקטאר, דער ארצט פון דעם קעניג פ ע ר ד י נ א נ ד דעם דריטען. ער איז אויך געווען תלמודיסט און פילאזאף. דעם רמב“ם'ס אנהייגער מיט דעם אלטען ר' ד ו ד ק מ ח י אן דער שפיצע האבען געזוכט איהם צו געווינען אויף זייער זייט, אבער דאס האט זיך זיי ניט איינגעגעבען. אין זיינע בריעף צו ר' ד ו ד ק מ ח י מאכט א ל פ א כ א ר קלאהר זיין שטאנדפונקט און ניט אן זיינע טענות געגען דעם „מורה נבוכים“.

אויך א ל פ א כ א ר רעדט מיט גרויס דרך־ארץ פון רמב“ם אלס תלמודיסט און פרומער מענש, און ער זאגט: „ווי קום איך, ארעמער מענש, ריידען געגען דעם קעניג?“ אבער וואו עס האנדעלט זיך וועגען דעם כבוד פון גאט און דער תורה, קוקט מען ניט אויף דעם כבוד אפילו פון דעם גרעסטען מענשען. דער רמב“ם איז אויך ניט מעהר ווי א מענש, ער קען אויך זינדיגען און האבען א טעות. גרעסערע פאר איהם זיינען בעגאנגען פעהלערן. זיין פילאזאפיע איז ניט אידיש; זיא איז א פרעמדער צווייג אין אידישען גארטען.

זיינע לעהרען זיינען די לעהרען פון די גריכען, אָבער בשום אופן ניט קיין אידישע. גאַנץ אָפט גנב'ענען זיך אריין אין זייער לאָגיק און פילאָזאָפעריען נאָר פּוסטע סאָפיזמען, און ניט צוליעב זיי דאַרף מען פערוואַרפען די אידישע תורה. אלפּאכאר ברייננט אין זיין בריעף שטעלען פון דעם „מורה נבוכים", וואו דער רמב"ם זוכט אויסצוטייטשען געוויסע פלעצער פון דער ביבעל, אז זיי זאָלען זיך פּאַסען מיט דער גריכישער פילאָזאָפיע; ער ברייננט דאָרטען אויך אנדערע שטעלען און פרעגט: „וואָס וועט ער טהאָן מיט זיי, ווי אזוי וועט ער זיי ערקלעהרען?" ער געפינט אז עס איז ניט מעהר ווי רעכט וואָס מען האָט פערבאָטען צו לערנען דעם „מורה נבוכים", ווייל מען דאַרף איהם פערברענען (הואיל ולשרפה הוא עומד). ער מוסרט די אנהיינגער פון רמב"ם און ער זאָגט, אז עס איז שוין צייט, זיי זאָלען תשובה טאָהן פון זייערע שלעכטע וועגען און זיך צוריקעהרען צו דער תורה.

אלפּאכאר און אבולאפיא זיינען אליין אויך געווען געלעהרטע און פילאָזאָפען, נאָר זיי זיינען געווען געגנער פון דעם אריסטאָטעליאניזם. דער אנפיהרער פון דעם קריעג איז אָבער געווען אַ מענש, וואָס האָט פיינט געהאַט אירגענד וועלכע פילאָזאָפיע בכלל, וואָס איז בלויז געווען אַ גרויסער תלמודיסט און פרומאַק. דאָס איז געווען ר' שלמה פון מאָנפּעליע מיט זיינע צוויי תלמידים ר' יונה און ר' דוד. זיי זיינען אלע דריי געווען גרויסע תלמודיסטען און צדיקים. סאי אבולאפיא און סאי אלפּאכאר האָבען אַ הויכע מיינונג פון זייער לומדות, פרומקייט און עהרליכקייט.

צווישען די אנהיינגער פון רמב"ם פערנעהמט דעם ערשטען פּלאַץ דער בעריהמטער ביבעל-קאָמענטאַטאָר און גע־לעהרטער ר' דוד קמחי (רד"ק); ר' שמואל אבן תבון, דער איבערזעצער פון „מורה נבוכים"; אברהם ב"ר שמואל חסדאי; בחיי

ב"ר משה און פיעלע אנדערע. בכלל קען מען זאגען, אז די אידען פון דרום־פראנקרייך און זייערע פארשטעהער זיינען כמעט אלע געווען אויף דער זייט פון דעם רמב"ם, ועהרענד צווישען די תלמודיסטען פון צפון־פראנקרייך האבען זיך געפונען פיעלע, וואס זיינען געווען געגען דעם רמב"ם.

פון אנפאנג איז די מחלוקה געווען מעהר אדער וועניגער א „ליטעראַרישע". באלד האט זי זיך אבער פערנאנדער־געפלאקערט אין א העלישען פייער. וואס מעהר די מחלוקה האט אנגעהאלטען אלץ פערביטערטער איז זי געווארען. עס האבען זיך געפונען מענשען, וואס האבען פון רמב"ם מצבה אפגעמעקט די שבחים און האבען אנשטאט דעם אויפגע־שריעבען: „דא ליגט משה דער „מין".

ביידע צדדים זיינען געווארען אלץ מעהר און מעהר פער־ביטערט איינער געגען אנדערען. עס האבען זיך אנגעפאנגען „חרמות" פון ביידע זייטען, איין צד האט דעם אנדערען אריינגעלייגט אין חרם. דער בריהמטער תלמודיסט, מקובל, און ביבעל־קאמענטאטאר, דער רמב"ן (נאחמאנידוס), ועמעס סימפאטהיען עס זיינען געווען מיט ר' שלמה'ן, האט זיך געפרובירט אריינוואַרפען צווישען די צדדים און מאכען שלום, אבער דאס איז איהם ניט געלונגען.

די וואפע פון אריינלייגען אין חרם איז אבער פאר די געגנער פון רמב"ם ניט געווען גענוג, און זיי האבען זיך גענומען צו מסירה. ר' שלמה פון מאנפעליע האט פער'מסור'ט דעם „מורה נבוכים" פאר די דאמיני־קאנישע מאנאכען. היות און בכן, אזוי ווי איהר פרומע קריסטען פערברענט אייגענע אפיקורסים און אפיקורסישע ספרים, ווארום קוקט איהר צו גלייכגילטיג, ווי די אפיקורסים פערמעהרען זיך ביי די אידען? ווארום זעהט איהר ניט צו פערברענען דעם „מורה נבוכים"?

די דאמיניקאנער צדיקים האבען זיך ניט געלאזט לאנג בעטען. זיי האבען צוזאמענגעקליבען אזוי פיעל עקזעמפלארען פון „מורה נבוכים" וויפיעל זיי האבען געקענט קריגען, און

האָבען זיי געלאָזען פערברענען מיט גרויס צערעמאָניע און פּאראד. דערביי איז עס אָבער ניט געבליבען. די שווארצע דאָמיניקאָנער האָבען זיך דערמיט ניט בעגנוגענט. דער עסק פון ברענען אידישע ספרים איז זיי געפעהלין געוואָרען, און אין פערציג טעג שפעטער האָט מען אויף'ן זעלבען פּלאַץ געלאָזט פערברענען דעם תלמוד, צוועלף טויזענד בענדער. פיעלע פון די פרומע געגנער פון רמב"ם האָבען אין דעם געזעהן א שטראָף פון גאָט, און די מחלוקה איז אויף א צייט שטילער געוואָרען.

די אנהייגער פון רמב"ם האָבען נאַטירליך ניט געשוויגען. זיי האָבען געזוכט צו בעווייזען פאר די קריסטליכע בעלי דעות, אז דער „מורה נבוכים" איז גיט קיין אפיקורסישער בוך, און אז די בעשולדיגונג איז א מיאוסע מסירה. זיי האָבען אויסגעפיהרט דאָס זייעריגע, און די מוסרים זיינען בעשטראָפט געוואָרען, ווי עס איז דאַמאָלס געווען דער מנהג, אז מען זאָל זיי אויסשניידען די צינגער. די ליעבהארציגע קריסטליכע מאָנאכען האָבען אויף אזא אופן געהאט א דאָפּעלטען נחת; אי אידישע ספרים פערברענט אי א פּאָר אידישע צינגער אויסגעשניטען...

וועגען דעם פערברענען פון דעם „מורה נבוכים" איז געבליבען א קורצער עפּיגראם פון דעם רמב"ם'ס אנהייגער:

מה בערו האומרים כי בערו
דברי חמדות יקרו מזהב;
אש אכלה המה, — ואיך אש תאכלם?

(די נארען, זיי מיינען אז זיי האָבען פערברענט די ווערטער וואָס זיינען טייערער ווי גאָלד. דאָס זיינען ווערטער פון ברענענדער פייער, — ווי קען זיי פייער פערברענען?)

* * *

דער רמב"ם האָט זיך שטענדיג בעטראכט פאר א שפּאַניער, כאָטש ער איז געצוואונגען געווען צו פערלאָזען שפּאַניען, ווען ער איז נאָך געווען א יונגער אינגעל. ביז

זיין סאמע עלטער שרייבט ער זיך אונטער „משה הספרדי“, משה פון שפאניען. ער האט ליעב געהאט שפאניען און איז געוועזן שטאלץ אויף איהר, ניט קוקענדיג אויף דעם וואס ער און זיין פאמיליע זיינען דארטען אזוי שלעכט בעהאנדעלט געווארען.

ער איז געוועזן דער לעצטער, אויב ניט דער גרעסטער, פון די גאונים וואס דאס שפאנישע יודענטום האט פון זיך ארויסגעגעבען אין זיין גלאנץ עפאכע. מיט איהם קען יענע גלאנץ־עפאכע געשלאסען ווערען.

